לוי פרידמאַן:

# דער רוף צו זיך



ליטעראַרישער פערלאַג
ניו יאָרק

## אינהאַלט-פאַרצייכנים:

זייט

# דאָס אוועקגעהן

פארלאָזען איז ער געווען פון אלעמען. דאן האָט ער זיך אויפ־
געהויבען פון אָרט און איז אוועקגעגאַנגען.

מיד איז ער געווען, אָבער ער האָט זיך אונטערגעאיילט צו
געהן, ווייל אַפּרוען האָט ער זיך געוואָלט ערגעץ אַנדערש, ניט אונ־
טער די טויערען פון שטאָט.

און די איינזאַמקייט איז ניט אוועקגעגאַנגען פון איהם. זי
האָט אליין געצויגען צוריק פון וואַנען ער איז געגאַנגען. דאַמאָלס
האָט ער זיך אויסגעדרעהט צו דער שטאָט, כדי צו שטילען די איינ־
זאַמקייט, און ער האָט זיך עראינערט אַן איהר, אַזוי ווי אַן אַ טריי־
עם פריינד וואָס דאַרף שטילען די בענקשאַפט.

אָבער זי איז ניט אַפּגעטראָטען פון איהם, די איינזאַמקייט.
דאַן האָט ער אויפגעהויבען די הענט צום הימעל און איבער'ן פעלד
האָט זיך געטראָגען זיין קול ווי א בייזער פאַרוואורף. און, ווען
ער האָט שוין ענדליך מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען, איז ער פון
מידקייט געפאַלען אויף די ערד.

און ווען די זון האָט אַנגעהויבען אַרויסקומען אויף דעם בלויען
הימעל און די אויסגעקראַכענע גראָזען האָבען זיך לייכט געשאַקעלט
פון פריהמאָרגענדיגען ווינטעל, האָט ער ערוואַכט און זיך אַן עפּעס
דערמאָנט.

דער טאָג איז געווען פון מאָנאַט מאַי, ווען די וועטערען ענ־
דערען זיך, און באַלד האָט די שיינענדיגע זון זיך באַהאַלטען היג־
טער די וואָלקענס און צוריק ווידער אַרויסגעקומען. עס האָט אויס־
געקוקט, אַז עס וועט רעגענען, אָבער דער וואַנדערער האָט זיך קיין
מיה ניט געגעבען צו באַהאַלטען.

אַזוי איז ער געשטאַנען, אַזוי ווי עס איז געשטאַנען דער פעלזן

אונטער דעם פרייען הימעל און ניט געטראכט פון דעם שטורעם וואָס געהט קומען.

און עס האָט אויסגעקוקט, אַזוי ווי אין דער לופט וואָלט מען צו איהם גערופען אַזוי: זעה, דו וואַנדערער, ווי עס ווערט טונקע־לער און טונקעלער, שטאַרקער בלאָזט דער ווינט, און די גראָזען יאָ־גען זיך שנעלער און שנעלער. צי געהט קומען אַ רעגען, אָדער אַ שטורעם? וואָס ליגט ער דאָ?

די ווינטען ווערען שוין מורא׳דיג. געה אַוועק, דו איינזאַמער פון דאַנען. דער שטורעם קומט אָן.

אַ, ווי פינסטער דיזע געגענד קוקט אויס און ווילד ווען אַ שטורעם איז דאָ.

דו ריהרסט זיך ניט, און דער רעגען קומט שוין אָן. דיין לייב ציטערט און די ערד וואו די ליגסט ווערט פול מיט וואַסער.

ווי דער הימעל זעהט עס אויס! ווי פינסטער! שוואַרץ איז ער געוואָרען אין מיטען העלען טאָג. וואַנדערער, זאָלען דיך וואונדער אָפּהיטען פון אַ געפאַר.

דער שטורעם האָט געדויערט אַ פּאָר שטונדען. נאָכהער איז געוואָרען שטיל. די זון האָט ווידער אויפגעשיינט, און דער הימעל איז צוריק שעהן געוואָרען. דער וואַנדערער האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבען און איז געגאַנגען זיין וועג.

אויף דעם וועג האָט ער אָנגעטראָפען מענשען און זיי האָבען איהם מיט אומצוטרוי נאָכגעקוקט. דאָס זיינען געווען איינוואָהנער פון הייזקעס וואָס זיינען געשטאַנען אויף מאַנכע פּלעצער פון פעלד. נאָכהער האָט ער באַגעגענט אַ טויטען־וואָגען. די מענשען וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען, האָבען זיך שווער געשלעפּט אין די בלאָטעס, און אייניגע פון זיי האָבען באַהאַלטען געוויינט.

דער וואַנדערער האָט זיך אָפּגעשטעלט. נאָכהער איז ער צו־געגאַנגען צו די מענשען פון טויטען־וואָגען און ער האָט אַזוי גע־זאָגט:

צונעמט דעם קאַסטען. און נעמט אַרויס דעם טויטען און טראָגט איהם אויף אייערע פּלייצעס צום קבר. זאָלען די הימלען זעהן אייער מאָסע!

איהר זאָלט ניט טרויערען, איהר באַשעפער פון טויט. פון אייערע לערען קומט ער צו דעם מענשען. אויף די געפילען פון אייערע געדאַנקען און טאַטען שוועבט ער דאָך.

ווען ער האָט אויפגעהערט רעדען, האָט ער זיך אויסגעדרעהט מיט דעם פּנים אַנטקעגען דעם לערען פעלד און איז אַפּגעטראָטען פון די מענשען. די קליינע גרופּע איז געוואָרען אויפגערעגט און בייז, און ווען ניט דער שווערער געמיט צוליב זייער טויטען, וואָלטען די מענשען איהם זיכער עפּעס שלעכטס געטאָן. ווען ער איז אַפּגעטראָטען, באַלד ווי ער האָט אַפּגערעדט, האָבען זיי מיט עקעל ניט געוואָלט טראַכטען פון איהם, און זיינען ווייטער געגאַנגען נאָך זייער שטילער פּראָצעסיע.

---

## וועגען דעם טיעפען גייסט

די זון האָט שוין געהאַלטען ביים אונטערגעהן, און די נאַכט איז געוואָרען אַ קילע, ווען ער איז שוין געהאט אַפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג.

אַלעס איז געוואָרען אַזוי שטיל. די בוימער האָבען ניט גע־רוישט מיט זייערע צווייגען, און די פויגלען זיינען שטיל פאַרביי געפלויגען.

ער האָט געהערט ווי די נאַכט קומט שטיל אָן, און ער האָט גע־זעהן ווי אַ מאַן געהט איהם אַנטקעגען אויף דעם וועג.

ער איז צוגעגאַנגען צו איהם און ער האָט אַזוי געזאָגט:

זיכער קומסט דו, דיין טרויער צו שטילען אין דיזען פעלד, ווייל איך וויים אַז די שטילקייט פון אָווענט טרייסט די טרויעריגע.

דער מאַן האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און איהם באַקוקט. נאָכהער האָט ער אַזוי געזאָגט:

צו שטאַרק בין איך געווען פאַר זיי, זיי זאָלען מיך קענען פאַרטראָגען. בין איך אָוועקגעגאַנגען פון זיי.

און וואָס זוכסט דו דאָ, אַרומגעהענדיג דאָ אַליין? האָט דער מאַן איהם געפרעגט.

מיין נאָמען איז ליידען, האָט ער געענטפערט. איך געה דאָ אַרום אַליין, ווייל איך פאַראַכט די מענשען.

איך האָב דיך ליב, דו נייער פריינד ליידען, האָט דער מאַן געזאָגט. נאָר די שטילע נעכט האַלטען זייערע סודות פאַרדעקט, און ווען איך וועל פון דיר אַפּשייד נעמען, זאָלסט דו מיך געדענקען אויף אייביג.

נאָכהער זיינען זיי צוזאַמען געגאַנגען און גערעדט. און ווען ליידען האָט אַפּשייד גענומען פון איהם, האָט ער צו איהם אַזוי געזאָגט:

געה אַהיים אויף דיינע וועגען, אָבער דו זאָלסט זיך אָוועקדרעהען פון די מענשען וואָס דו וועסט באַגעגענען.

זיי האַסען דעם איינעם וואָס איז באמת גרויס. און גערן לאַכען זיי ווען עס געשעהט איהם אַן אומגליק. זיי שרעקען זיך פאַר די גרויסקייט, ווייל זיי ווערען קליין ווען זיי דענקען איהם נאָך.

קיין קללה פיהלען זיי ניט אַזוי שטאַרק ווי ווען זיי געפינען זיך ביי דער זייט פון דעם גרויסען מענש.

ווען ער האָט דאָס גערעדט, איז די זון פאַרגאַנגען. די וואָלקענס זיינען געבליבען מיט פאַרשידענע קאָלירען און איבער'ן פעלד זיינען אַרבייטער אַהיים געגאַנגען.

דאַן האָט ער אַזוי געזאָגט:

עס איז שפּעט. די נאַכט דאַרף צופאַלען. איך וויל געהן אין די שטאָט ווען זי איז נאָך וואַכעדיג.

דער מאַן האָט איהם אָפּגעטרעטען דעם וועג און ער האָט איהם נאָכגעקוקט, ביז וואַנען די טונקעלקייט פון אָוונט האָט ליידענען פאַרשטעלט.

און ער איז אָוועקגעגאַנגען פאַרזונקען אין געדאַנקען.

## דאָס געזאַנג פון די נישט דערקענענדע

ווען ליידען איז אָנגעקומען אין שטאָט איז שוין געווען נאַכט. די גאַס אויף וועלכער ער איז געגאַנגען איז געווען אַן אומעדיגע.

ווייל מענשען זיינען אויף איהר ווייניג געגאנגען. די הייזער זייר־נען מעהרסטען טייל געווען פינסטער. די לאמטערנעס וואס זיינען געשטאנען אויף דער גאס, האבען ניט געקענט דערגרייכען צו ווייט און די גאס איז דערפאר געלעגען האלב אין דער פינסטער און האלב אין די ליכט.

דערווייל האט ער געהערט זינגען. טרויעריג און רואיג האט זיך דאס געזאנג צוטראגען אין דער לופט פון א קירכע וואס איז געשטאנען אנטקעגען איהם.

פרויען האבען געזונגען. א סך פרויען זיינען דאס געווען. און ער האט זיך אוועקגעשטעלט איינהערען צו זייער זינגען.

עס איז געווען אזוי ווי א פארלאנג וואס מען וויל זיך דער־בעטען. און די מענשען וואס זיינען פארביי געגאנגען די קירך זיינען גלייכגילטיג געווען, ווייל אזוי איז דאס אלע מאל געווען. אלע נעכט האבען זיי געבעטען און זייער געזאנג איז געקומען דורך די מאטע, פארמאכטע שויבען.

און ער האט אזוי געזאגט:

אין זייער געזאנג דערקען איך זייערע פארלאנגען, אבער פאר זיי אליין איז עס נאך אומענטדעקט. אומרואיג וואלטען זיי גע־ווארען, ווען זיי וואלטען געוואוסט וואס זיי ווילען. און אוממעגליך וואלטען פאר זיי געווען זייערע געבעטען אין די שעהנקייט פון גע־זאנג ארייינצופאסען.

פארלאנגען איז די רעוואלוציאן פון גייסט, און געזאנג איז די בארואיגונג פון גייסט. ניט דערקענט האבען זיי נאך זייערע פארלאנגען, און פארפירט זיינען זיי פון די בארואיגונג פון גייסט.

אויך א מורא דערקען איך אין זייערע שטימען. די מורא פאר א מאכט. די מאכט פון זיי אליין ליגט אין אש פארשמוצט און די מאכט וואס איז געקומען צו זיי האט זיי צומישט.

איך האב געזעהן אז די מענשען אליין קענען באשאפען גליק און זיי קענען באשאפען אומגליק, אבער פון זיך אליין ווערען זיי געשטערט דאס גליק צו האלטען און פון זיך אליין ווערען זיי גע־שטערט דאס אומגליק צו פאריאגען.

אַ מיאוסע מאַכט האָבען זיי אין זיך וואָס קרימט זייער פּנים אוים אויף דעם אויסזעהן פון אַ שלאַנג.

מענשען האָבען זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבען קוקען אויף איהם, ווען ער האָט דאָס גערעדט.

ער האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגען און ניט געוואָלט קוקען די מענשען אין די אויגען אריין און ער איז אַוועקגעגאַנגען פון זיי.

---

## די שפּיז און דער אייגענטימער

ער איז געגאַנגען אַזוי איבער די גאַסען און גערעדט פאַר זיך אַליין.

די געפּיהלען ביים מענשען זיינען פול מיט סם. ער פאַר־ניכטעט דאָס גוטע וואָס קומט אַמאָל צו זיין מיטמענשען אריין. ער לאָזט ניט ביי איהם בליהען קיין גליק ווען עס הויבט אָן אָנצו־קומען צו איהם. און ווען זיין מיטמענש ווערט דורכגעשטאָכען מיט זיין שפּיז, שפּאָט ער פון איהם באַהאַלטענערהייט. דאָן זינקט זיין מיטמענש פון פאַרצווייפלונג אין אומגליק אריין, פאַראַכטעט ער איהם פון זיין נידעריגער שטופע און נעהמט זיך צו טרעטען אויף איהם, ווייל ער איז קליין און שוואַך.

שטיל, פול מיט געהיימנים ווערט די נאַכט אַלץ פינסטערער, און דער ווינט ווערט אַלץ קעלטער. ער זעהט ווי אַ מענש זיצט און די אויגען זיינע זיינען אויסגעלאָשען און קוקט גלייך אויף איהם.

ליידען געהט צו איהם צו.

מאַך אויף דיינע אויגען, זאָגט ער צו איהם. זאָל איך דיך זעהן.

מיינע אויגען זיינען אָפען. קוק אין מיר אריין, זאָגט דער מאַן. די נאַכט קוקט אין מיר אריין, וועט נאָך איינער אריינקוקען.

קום, זאָל איך דיך ארויסנעמען אויף די גאַסען און אַוועקלע־גען פאַר די פיס פון די מענשען און אויסשרייען וועל איך:

אייערע פיס זאָלען שוין געהן מעהר ניט וועלען, ווען איהר וועט צוקומען צו אייער קרבן. טראָגט איהם אַוועק אויף אייערע

פלייצעס. דאס זאל אייער משא זיין. מיט דעם וואס איהר שפייזט אייער גייסט, זאלט איהר הויך האלטען און פון די הויך וועל איך ארונטערשרייען צו אייך פול מיט האס און פאראכטונג.

איהר, אומשעמעוודיגע, איהר זאלט זיך ניט שעמען.

אבער ווען ליידען האט אזוי א רודער געטאן דעם מאן, איז ער גאר טויט געווען. און ער האט גאר געזעהן, אז ער איז געשטאנען לעבען א טויטען מענשען.

דערווייל האט ער געזעהן ווי א סך מענשען געהען אויף די גאסען, אבער ווען ער האט זיך צוגעקוקט צו זיי, האט ער געזעהן, אז אלע זיינען שכור. אזוי ווי גייסטער זיינען זיי געגאנגען איבער די גאסען און אזוי ווי גייסטער האבען זיי געקלאפט אין די טירען פון זייערע ווייבער.

ער האט דאן אזוי צו זיך געזאגט: מענשען געהען מיט'ן גוטען ווילען אוועק פון זייערע היימען און זיי ליבען צו פארלירען זייערע געדאנקען. זייער לעבען מוז זיין שלעכט, ווען זיי זיינען קלאר. און שרעקליך מוז זיין דאס קלארע, ווען זיי קלייבען אויס די אומבאוואוסטזיניגקייט פאר'ן אויסטויש.

---

## די גאטהייט

איך הער די גלאקען פון אייערע קירכעס קלינגען. די מורא פאר א גאטהייט נעמט אייך ארום. איהר דיסציפלינירט זיך פאר די גאטהייט און איהר געהארכט איהר.

און ווען איז דעם וואס וויל ניט פאלגען די גלאקען. דורכגעטריבען מוז מען זיין ביי אייך, אז ניט קען מען זיך נאך אויסגליטשען און די פיס צוברעכען. אלע מאל ווען איהר געהט צו די גאטהייט ארויף, פארלייקענט איהר דאס מענשליכע.

די מענשען האבען דאס געהערט און זיי האבען זיך לעבען איהם ארומגעקליבען. זיי האבען ליב געקראגען צו הערען וואס ער רעדט.

דער הימעל איז געווען נידעריג און רויטע שטיקער הימעל

זיינען געלעגען צושפרייט איבער'ן רוים. דער אָרט וואו ער איז געשטאַנען איז געווען לעבען ים. די וואלען זיינען רואיג צום ברעג צוגעלאָפען, ווייט צווישען הימעל און וואסער האט א טומאַן ארויסגעקוקט, און רואיג האָבען די הייזער וואס זיינען געשטאַנען ביים ברעג אראָפגעקוקט צום ים.

איהר לעבט אין לאַנגווייליגקייט. איהר קריכט ארום אין אייער לעבען. דאָס לעבען איז מעהרסטענס מאָל איבערדריסיג, ווייל אלעס איז ביי אייך מיאוס און וואכעדיגס. די גאָטהייט וועט אייך קיינמאָל ניט באַפרידינען. די נאָטהייט וועט נאָר מאַכען פון אייך איין מאַסע. און קיינער וועט מיט קיין גייסט ניט געבאָרען ווערען ביי אייך. און אפגעשטאַרבען וועלען זיין די איינצעלנע. באַשאַפט אזוינס, אייער צייט זאָל זיין א גליקליכע און לאַנגווייליגקייט זאָל ניט פאר'מאוס'ען אייער לעבען. אייער לעבען קוקט אויס אזוי ווי דער נעבעל וואָס קוקט ארויס פון ים: ניט קלאָר און אומאַנגענעם. דאַן האָט ער ארונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און ער האָט געשווינגען און זיינע צוהערער האָבען איהם ווייטער געבעטען צו ריידען.

וואו איז אייער גרויסקייט? פאַרוואָס איז ביי אייך נישט דאָ קיין מענשליכער שטאָלץ? שרעק קען אייך באַזיגען. שטאַרקייט קען אייך צוברעכען. איהר אליין באַזיצט גאַרנישט. פאַרוואָס, קענסטו ביי זיך נים ניט שאַפען, דו אליין זאָלסט זיין העכער ווי אלעס? דו אליין זאָלסט זיין שטאַרקער פון אלעם? דאַן האָט ער אויפגעהויבען זיין האַנט צו די ווייטקייט פון די הימלען און ער האָט אזוי געזאָגט:

דאָרט וואו די ווייטקייט לאָזט זיך ניט זעהן, אהין וואו די וואָלקענס געהען אוועק און פאַרשווינדען, דאָרט זאָלט איהר ווענדען אייערע אויגען און זוכען ביז וואַנען איהר וועט דערפיהלען אייער גרויסקייט.

---

## די מיטלייד

איך פאַראַכט אייער מיטלייד צו אייער שכן. די מיטלייד איז דאָך א קינד פון אייער בייזוויליגקייט.

הלואי זאלען מיינע ווערטער ביי אייך דאס פאלשע צוברעכען און די מיטלייד זאל זיך פארשעמען און זיך באהאלטען. דו לעגסט אויס דיינע וועגען מיט שטיינער, כדי דיין שכן זאל פאלען, דאמאלס האסט דו מיטלייד מיט איהם. ווייל אנגענעם גלעט דיך דאס גע־פיהל זיי אויפצוהייבען, אויפצוהייבען די געפאלענע. אין די גוטע טאטען פון דיין איך רעכענסט דו דאס אריין.

הלואי וואלסט דו גלייכער אזוי געזאגט צו זיך: פארניכטען וועל איך דיך וועגען וואו מענשען פאלען, וועלען זייערע ביינער נישט צוברעכען ווערען. אבער דו ווילסט נישט טוישען דאס אנ־גענעמע געפיהל בעת דו הייבסט אויף דעם געפאלענעם פאר דעם אמת פון פארשטאנד. פארוואס האסט דו צווישען זיך שוואכע, ווייל איהר ליבט צו אונטערדריקען איינער דעם צווייטען, אז נישט וואלט איהר אלע שטארקע געווען. דערפאר האט איהר אזוי ליב די מיטלייד. זי איז א ליבלינג פון די שטארקע, די מיטלייד. די שוואכע פארהאסען זי אלעמאל, אבער זיי האבען קיין ברירה נישט, און זיי שווייגען. אויספיינען ווילסט דו זיך פאר דיין פריינד, ער זאל דיך ליב קריגען. ווען דו ביזט א פאטער אדער א מוטער, ווילסט דו גייסטיג גרעסער שטעהן פון דיינע קינדער. און דערפאר ביזט דו א סך מאל אומגערעכט צו זיי, ווייל זיי זיינען די שוואכערע פון דיר.

די שטארקייט מיט וועלכער דו פיינסט זיך אויס פאר דיינע מיטמענשען, די מענשליכקייט ווי דו רופסט זי אן, איז באמת נאר אקעגען דעם שוואכערען פון זיך, אבער אקעגען דעם אמת שטארקען וועסט דו קליין זיין.

גלייך אויס דיין פנים מיט די אויסגעפיינטע שמייכלען און קוק אריין אין דיין הויז, וועסט דו זעהן וויפיל שוואכע און צוברא־כענע עס געפינען זיך דארט. דערפאר, ווייל די מאכט וואס דו ווילסט האבען, האסט דו נישט פון וועמען צו נעמען ווי נאר פון דיינע אייגענע.

און צום סוף האט ער אזוי געענדיגט: אויב מיינע רייד וועלען דיך דערמאנען אן אמת, זאלסטו נאכדענקען וועגען דעם מענ־

שענ'ס פאַרלאַנגען, און דו זאָלסט געהן אויף דעם וועג וואָס פירט צו דיין דערקענונג.

---

# די געוואוינהייטען

געהן קען איך נישט. פאַרטונקעלט איז מיין וועג און מיין קערפּער ליגט אויף איין אָרט. איך בין אזוי ווי דער פויגעל וואָס האָט שוין זיינע פליגלען נישט און באַלד וועט מיין שונא דעם פאַנג טראָגען.

ווי קען איך דען האָבען די קראַפט אויפצויהייבען זיך, ווען מיינע פיס זיינען דורכגעשטאָכען און בלוט רינט. מיין קאָפּ דאַרף האָבען דאָס ווייכע געלעגער פון א בעט, אָבער אנשטאָט דעם ליגט עס אויף א שטיין און הערט די אומרואיגע געשרייען פון די מענשען.

און איינער האָט אריינגעשטעקט צווישען די מאַסע וואו לייד ען האָט געערדט זיין קאָפּ, און ער האָט הויך געלאַכט.

און ווידער האָט זיך זיין פּנים פאַרקרימט און אנדערש זעהט עס שוין אויס: פון די לופט ארויס קריכען זיי צו מיר ארויס, דיינע קרבנות. פון די לופט ארויס קומען ארויס צו מיר דיינע געוואוינהייטען. אויפהענגען וועל איך דיר דיינע קרבנות אויף דיינע געוואוינהייטען, כדי זיי זאָלען זיך שטעלען דיר אין וועג און דיך אנדערש מאַכען. וואו דו וועסט מיט דיין בליק קוקען זאָלסט דו זיי זעהן, און דערשרעקען זאָלסט דו זיך פאַר זיך אליין איבער דעם אמת וואָס דו אנטהאַלסט.

דו לאַכסט פון פאַרשטאַנד, ווייל דו האָסט זיך דערמאָנט אַז דיינע געוואוינהייטען, און דיין הארץ פרעהט זיך שוין מיט זיי. ווען דו האָסט ליב דיינע געוואוינהייטען, האָסט דו נישט ליב דיין פאַרשטאַנד, אזוי זאָגסטו צו מיר.

הויך האָט דער מענש געלאַכט, גלייך קוקענדיג ליידענען אין פּנים אריין. דאַמאָלס האָט ער אויסגעשריען צו די מענשען:

אהין, צו די געוואוינהייטען זאָלען מיר געהן. אהין, צו די

ליידענשאפטען זאלען מיר אקעגען שפרינגען. טויט דעם פאר־שטאנד. דער פארשטאנד איז א שווערע משא אין אונזער לעבען, און גרינג זאלען מיר טראגען אונזער לעבען אהן די קייט פון פאר־שטאנד.

ווען די מענשען האבען דאס געהערט, האבען זיי געלאכט פון ליידענדען. געה מיט דיין פארשטאנד צו די נאראנים, — האב־ען זיי צו איהם געזאגט. מיר האבען ליב דאס לעבען אהן די לאסטען. און זיי האבען איהם אנגעהויבען פארלאזען איינער נאך דעם צווייטען, ביז וואנען ער איז איינער אליין געבליבען. פון די מענשענס אומוויסענהייט איז ער אין א טרויער געשטאנען און צום סוף האט ער גענומען זיין שטעקען און איז אוועקגעגאנגען.

---

# דאס גליק

און אויסגעוועז בין איך אויך די וועגען וואו דו האסט דיין גליק געזוכט, און מיט פארצווייפלונג האב איך דיך געזעהן אוועק־לויפען פון דארט. מיט אש איז דיין קאפ געווען באדעקט, און גרוי איז דיין פנים געוועזען, אזוי ווי דער קאליר פון דיין אפנארען זיך.

איך האב דיך אויך געזעהן אהינגעהן. מיט פרייד האסט דו אין דיינע הענט געטראגען דעם קארב, וואו דו האסט געוואלט די בלומען פון גליק אפרייסען און אריינווארפען. די וואס זיינען גע־פאלען, האסטו נישט געוואלט אנקוקען. די וואס האבען דיך גע־וואלט קלוג מאכען, האסטו הערען נישט געוואלט. אבער צום סוף האסטו דיינע בלומען פון גארטען, דאס גליק, נישט געריסען. און פארדארט איז געווארען דער קארב אין דיינע הענט. ביז איינמאל האסטו איהם געמוזט אוועקווארפען, כדי ער זאל דיר קיין לאסט נישט זיין, און פארגעסען האסו עס געוואלט דאס גאנצע, אז דו האסט זיך אמאל נאך דעם גליק נאכגעיאגט.

איך זעה דיין בליק, ווען דו דערמאנסט זיך אן דעם גארטען פון גליק, וואו דו ווייסט שוין מעהר קיינמאל נישט קענען אריינ־געהן און דיינע ליפען ציטערען אזוי ווי צום וויינען. דו ביזט שוין

אומגליקלאַך. דו וועסט זיך שוין קיינמאָל נים קענען שפּילען, ווייל דו האָסט דעם אמת געזעהן, נאָר פאַראַכטען קענסטו. הלואי זאָלסט דו געהן אויף דעם וועג פון פאַראַכטונג. אַזוי דערנאָך וועל איך דיך ליב קריגען. נאָר דאַרט וועסטו קענען זעהן דאָס גליק, אָבער עס וועט שיינען צו דיר פון דערווייטענס, ביז וואַנען דו וועסט די פאַרניכטונג מיט זיך ברענגען.

און עס איז געווען דער שטאַרבענדער וואָס האָט גערופען דאָס לעבען, גליק.

דאַמאָלס האָב איך צו איהם צוגעבויגען מיין מויל און איך האָב צו איהם אַזוי געזאָגט: שוואַך איז דער שטאַרבענדער ווען עס ציהט איהם צום לעבען. הלואי וואָלט ער כוח געהאַט און דעם טויט אַלס חבר גענומען. ווי קענסט דו, שטאַרבענדער, דאָס לע־בען גליק אָנרופען. עס אָטעמט דער וואָרעם אויף דער ערד. ווילסט דו אויך אָטעמען? און ער האָט זיין האַנט איבער זיין טויטע שטערען אַרויפגעלעגט און ער האָט זיינע לעצטע ווערטער אַזוי געענדיגט: דו, אמת'ער גייסט, וואו זוכסט דו דיין גליק? אין לעבען מיט אַ וואָרעם צוגלייך?

דאָס זיינען געווען די טרייסטווערטער וואָס ער אַליין האָט פאַר זיך געזאָגט.

און נאָך איינער איז געווען. יונג איז ער געשטאַנען, און ער האָט אַרויפגעקוקט צו דעם ראַנד פון אַלע מעגליכקייטען. דאָס גליק פאַנגט זיך דאַרט אַן, האָט ער צו זיך געזאָגט. און ער האָט אָנגעהויבען צו קלעטערען צו דעם אָרט פון אַלע מעגליכקייטען. אָבער ווען ער איז דאַרט אָנגעקומען, האָט ער גאָרנישט געטראָ־פען. עס האָט איהם נאָך אָנגעהויבען אַרען די באַקוועמקייט פון אַלע מעגליכקייטען.

אָבער די וואָס האָבען צו אַלע מעגליכקייטען נישט געקענט דערגרייכען, האָבען אַלץ זייערע אויגען געגלאָצט צו איהם, וואָס האָט שוין אַרויפגעקלעטערט און זיינען געווען אומגליקלאַך, וואָס האָבען נישט דערגרייכט אַזוי ווי ער.

און די פרייהייט האָט געשיינט מיט איהרע הימלען איבער דער לופט און ערד און טייכען. און ווען דער פאַר'משפט'ער האָט

אויף דעם געקוקט, האָט ער מיט זיין גאַנצען כוח אויסגעשריען:
דאָס איז דאָס גליק!

און ער האָט מיט זיינע פיס זיך געוואָלט אַנקלאַמערען אָן די ערד אויף וועלכער זיינע פאַנגער האָבען איהם געשלעפּט אין תפיסה אריין. און ער האָט זיך אַראָפּגעבויגען אויף די ערד און שטיל געוויינט און זיינע וועכטער האָבען געהערט איהם אַזוי רעדען:

איך קניה פאַר דיר, דו אמת'ע פרייהייט. דו ביזט אַלעס און אומעטום, אָבער דו וועסט נישט זיין דאָרט וואו איך גיה. הלואי וואָלט איך זיך געקענט אין דיינע וואָלקענס אריינוועבען און פון דיינע טייכען דאָס וואַסער ווערען.

די פרייהייט פון די מענשען האָט מיך קיינמאָל נישט גע־וואַרעמט אַזוי ווי די פרייהייט פון דיין גרויסען רוים, דו נאַטור; גליק ביזט דו. יעצט זעה איך דיך אַנטבלויזט, ווי דו שטעהסט אַליין, דעם מענשענס ענגשאַפט לויז צו מאַכען.

ווען ער האָט אַזוי גערעדט, האָבען איהם זיינע וועכטער פון אָרט אַוועקגעשלעפּט און געטראָגען אין די תפיסה אריין, ווייל געהן האָט ער נישט געוואָלט און נישט געקענט.

אויף דעם וועג האָט ער זיך דערמאָנט ליידענס ווערטער, וואָס ער זאָגט וועגען די פרייהייט אַלס גליק. און ער האָט זיינע וועכ־טער טראָגען זיך נישט געלאָזט.

נישט בענקען זאָלסטו נאָך די פרייהייט, ווייל זי איז קיין גליק נישט. די פרייהייט איז דאָס געוועגליכע, צוזאַמען מיט דיין אָטעם. נאָך האָט דער וואָס איז אויף די פרייהייט נישט אַנגע־רופען עס גליק און נישט גליקלאָך קען ער מיט איהר זיין. אויך די פרייהייט איז קיין גליק נישט. דאָן איז דער געפאַנגענער גע־בליבען רוהיג ליגען און ווען די וועכטער האָבען איהם באַטראַכט, האָבען זיי געזעהן ווי ער געהט אוים אין די לעצטע מינוטען פון די פרייהייט.

גליק, אַ געלעכטער רופט אַרוים ביי ליידענען דאָס וואָרט. גליק, און מיין קאָפּ וועל איך צו דער ערד אַראָפּבויגען, כדי איך זאָל אין אייערע אויגען נישט אריינקוקען דאָמאָלסט, ווען איהר זוכט אייער גליק. אין מיין בליק וועט איהר דערקענען די אָפּנאַ־

רונג פון אייער זוכען. און איהר וועט ווילד ווערען פון כעס. נישט ווילד וויל אייך ליידען מאכען, נאר קלוג. און איך וויל איהר זאָלט זיך אליין דערזעהן: דאַמאָלס וועט איהר זיך איינסרייסען טיפער פון דעם אָרט וואו איהר זייט ארייננעוואַקסען. און פאַר־שאַרען וועט איהר עס מיט פרישע ערד, כדי אייערע נאָכקומענדע זאָלען קליגער זיין פון אייך. עס איז קיין גליק נישטאָ, ווייל דאָס לעבען לאָזט זיך אוים. אזוי לאַנג ווי דאָס גליק קען אייביג נישט זיין, איז דאָס אויף איין מינוט אויך נישטאָ.

און איך האָב געהערט ווי דו האָסט זיך באַרימט, אז דאָס גליק האָט געדויערט ביי דיר אזויפיל און אזויפיל שטונדען, אזוי־פיל און אזויפיל טעג. אָבער וואָס האָסט דו געטאָן, עס זאָל אייביג זיין? נאָר אַ טרויערער ביזט דו געוואָרען, און ווי די שוואַכלינגע הער איך דיך קרעכצען. דו ביזט נישט געוואָרען קיין שאַפער. איך האָב דיך קיינמאָל נישט געזעהן טראָגען דאָס גליק אַ צייטיגס. שטענדיג האָט דאָס געהאַלטען אין אויפקומען אדער אין פאַרוויאַ־נען, איידער עס איז צייטיג געוואָרען. איך האָב געהערט קרעכ־צען דיין קינד פון דעם לעבענס צרות, און דו האָסט דיין קינד אָנגערופען גליק. און דאָס איז אויך אַ ליגען, ווייל דאַמאָלס קען דאָך דיין קינד קיין גליק נישט זיין. זיך צו פאַרבלענדען האָסט דו ליב, ווייל דער אמת וועט דיך פאַר גאַרנישט מאכען. ער וועט דיך פון אַ געגאַרטען טאַנצענדיגען פאַר אַ טרויער מאכען.

אָפּגענאַרט ביזט דו געוואָרען מיט אַלעם אין דיין לעבען, אָדער אומגעלומפּערט און קליין זיינען געווען די זאָרגען וואָס דו האָסט מיט שווערער לאַסט געטראָגען, ביז וואַנען דו האָסט זיך געוואָלט פאַרבלענדען און דו האָסט אויסגעשריען צו דיין קינד: אָט דאָס איז מיין גליק! און דו האָסט זיך איינגערעט, אז דו האָסט דיין אָרט אין לעבען געפונען. איך האָב דיך געזעהן שמייכלען, ווען דו ביזט אָפּגענאַרט געוואָרען פון זיך אליין, פונקט אזוי ווי דער נאַר, און נישט פאַרשטאַנען האָסט דו, ווען דו אַליין ביזט פאַר זיך פאַר־לוירען געוואָרען. אזוי ווי אַ תם האָסט דו געקוקט אויף די וועהען פון דיין גייסט וואָס איז ביי דיר אָפּגעשטאָרבען, און דו האָסט זיי ווי אַ פיינד אַפילו נישט באַדויערט. שטענדיג ביזט דו געווען אזוי

ווי נאר וואס פון די ערד אויפגעוואקסען און נישט געוואוסט האסט דו, אז דיינע ווארצלען ווערען פארדארט. ווען דו זאלסט האבען דעם כוח נאכצודענקען, וועסט דו זיך אליין פאראכטען.

אבער נישט פאראכטען קענסטו זיך, ווייל קראנק ביזט דו. קראנקערהייט זוכסטו דאס גליק, ווייל דו ווילסט זיך אויסרוען אין דיין שויס. אבער נישט געפינען וועסט דו דאס, דערפאר ווייל דו קענסט זיך נישט פאראכטען. דער געדאנק פון גליק איז דער וואונש נאך אלע זאכען וואס דו האסט נישט. דו קענסט דאך אבער נישט באשאפען אלעם וואס דו ווילסט. דערפאר וועסט דו קיינמאל קיין גליק נישט האבען. דו וועסט שטענדיג זיין א מידער, און בענקען נאך עס, אבער ביז וואנען דו וועסט נישט נעמען דיין האמער און אויסהאקען אלע דיינע פארלאנגען, וועט עס שטענדיג זיין ווייט פון דיר.

נאר אויף דיינע אלע פארלאנגען וועט זיך דאס גליק אוועקזעצען רוען ווי אזוי דו רופסט עס אן. און נאר דאן וועסט דו עס קענען אננעמען מיט דיינעביידע הענט און פאר דעם שיין פון דיין גייסט עס קושען.

פאר מיינע פיס ליגסט דו, און פארלאשען קוקט ארויס פון דיר דיין בליק וואס האט געזוכט דאס גליק. פארשמוצט ליגט דיין ליב, אזוי ווי עס וואלט די פרישקייט פון וואסער קיינמאל נישט געפילט. אלץ איבער דעם וואס דו האסט זיך אפגענארט אין זוכען. פון דיין אטעם הויכט דיין פאר'סמ'טע נשמה. שטעהן וועל איך לעבען דיר און אויפהויבען וועל איך דיר און אנווייזען וועל איך דיר דעם וועג צו דאס גרויסע ארויף. פאר מיר ביזט דו נישט פארשפילט. איך האב דיך יעצט געפונען. נישט געקענט געפינען האב איך דיר, ווען דו האסט געזוכט דאס גליק, אבער פון יעצט אן האב איך דיך צוריק געפונען. דו וועסט פאראכטען, איך וויים עס, דער וואס פאראכטעט, געהערט צו מיר. קום צו מיר, דו פאראכטער. לעבען מיר וועסט דו דיין רו געפינען, אזוי זאג איך, ליידען, צו דיר. קום צו מיר, דו זוכער פון גליק, ווייל אמת וועסט דו זיך יעצט אנהויבען צו לערנען רעדען. און די וואס רעדען דעם אמת האב איך ליב.

# די האָפנונג

אליין האָסט דו זיך ליב געקראַנגען פאַר גאָרנישט, און דו האָסט אַזוי צו זיך געזאָגט: די האָפענונג וועל איך נעמען ביי מיין זייט, וועט מיר זיין היימליכער צו געהן אַהין, וואו איך וויל צוקומען, און פון דאָמאָלס אַז האָסט מען דיך געזעהן אַרומשפּאַצירען מיט די האָפענונג. אייגענטליך איז דיר גאָר דיין ציל נישט אָנגעגאַנגען, ווייל ווען די האָפענונג איז געוואָרען בלאָס, האָסטו זיך דערשראָקען. איז די האָפענונג לעם געוואָרען אויפן וועג, ביזט דו טרויעריג געוואָרען, אָבער צופרידענער ביזט דו אַלעמאָל געווען אויסצולעבען מיט דיין האָפענונג איידער אין איהר אַנטוישט צו ווערען. דאָס אָפּנאַרען האָסטו ליב געקראַגען. דאָס איז דיין כאַראַקטער. דו האָסט דיך צוגעדעקט מיט די האָפענונג און מיט אָנגענעמקייט וואַרסטו אַז דו זאָלסט דעם דעק אַרונטערנעמען און זעהן דיין ציל. די פאַרשטעהסט, אַז עס איז נאָך נישט די צייט, און יאָהר נאָך יאָהר וואַרסט דו מיט דעם געדולד פון אַ אייזעל.

דו ווייסט נישט, אַז דיין ציל איז קיינמאָל נישט געווען און וועט קיינמאָל נישט זיין.

אין דער איינגעשאַפט פון דאָן הארץ טראָגסטו איהם, דיין ציל, אָבער די לופט וועט איהם קיינמאָל נישט דערפילען, אין דיין הארץ וועט ער דערשטיקט ווערען. דאָס לעבען וואָס דו פיהרסט איז נישט באַפּידיגט פאַר דיר, ווען דו האָסט אַ האָפענונג. אַזוי ווי אַפּצוקומען עס, ווייל דו ביזט פאַר „משפט דאָך צו לעבען ביז די האָפענונג וועט אָקעגען קומען. ווען דו וואָלסט געקענט, וואָלסט דו ווילענדיג אַנדרעמעלט געוואָרען און אויפכאַפּען זיך ווען דער שלייער, די האָפענונג, וועט אַוועקפאַלען, ווען דיין ציל וועט ביי דיר אָנקלאַפּען.

וואָלסט דו געקענט, וואָלסט דו דיין ציל באַלד אין אָנפאַנג געהאַלזט, און די האָפענונג וואָלט דיך נישט פאַרהילט ביז צום בלינד מאַכען. אָבער דו קענסט דיין ציל נישט קריגען, און אַנ־שטאָט אמת צו זיין, ווילסט דו בלינד זיין, ווייל דו האָסט מורא. אויף דעם וועג בין איך געטרעטען, וואו דיינע טויטע ויינען

געלעגען און איך האב אין זייערע פנים'ער דערקענט די האפענונג זיצען און איך האב זיך דערמאנט אין דעם רויב־פויגעל וואס זיצט אויף זיין קרבן. אפילו ווען זיי זיינען שוין טויט, זיינען געבליבען ביי זיי די צייכענס פון די האפענונג, אזוי האבען זיי עס אריינגע־קריצט אין זיך. פון דיינע רוהען וועל איך ארויסנעמען די מענ־שען וואס די האפענונג האט קליין געמאכט און אונטערטעניג. איידער זיי האבען זיך מיט איהר גע'חבר'ט, זיינען זיי קיין מאל נישט גענארט געווען און נישט אונטערטעניג. אין דעם קאמף האט דיך די האפענונג גענארט, און דערפאר ביזט דו דורכגעפאלען. איינגערעדט האט זי דיר, אז דו וועסט דער זיגער זיין, און זי האט דיך געמאכט פליען אויף איהרע אומזעבארע פליגלען ביז דו ביזט א נאר געווארען. און פארדריקט האסט דו די ליפען מיט פארבי־טערונג אויף אלעם.

דו, טרעגער פון האפענונג! זי האט דיך אלעמאל אפגענארט. אלעמאל, ווען דו ביזט זעהענדיג געווען און קלוג אין קאמף גע־שטאנען. האסט דו די האפענונג נישט ליעב געהאט. נאר דאמאלס ווען דו ביזט שוואך געווען, האסט דו איהר גענומען פאר א שותף. ווען דו האסט דיין ווערט געוואלט געפינען, האסט דו עס נאר דא־מאלס געקענט געפינען, ווען דו האסט זיך נישט איבערגעגעבען צו די האפענונג.

צוזאמען מיט דיר געהט געארעמט די האפענונג, נאך ערגער ווי געארעמט: צוזאמענגעוואקסען ביזט דו מיט איהר. נעם דאס מעסער און שנייד זי אפ, וועסט דו דערזעהן די דערלייכטערונג וואס דו וועסט האבען. וועה טאן וועט דאס דיר ביים שניידען, אבער איך וועל זיך פרעהען, ווייל א בעסערער מענש וועסט דו פאר מיר ערשיינען, א מענש מיט א סך שלעכטע געוואוינהייטען, אבער דאך אזוינער וואס הויבט זיך שוין אן צו קורירען.

דער מענש ווערט געבארען דורך שרעקליכען וועהטאג, דאן איז ער ניי. אויך דיין גייסט דארף געבארען ווערען דורך א שטאר־קען וועהטאג. דאמאלס וועט ער זיין ניי.

ווי אזוי האב איך דיך געפונען, ווען דו האסט ארומגעבלאנ־דזשעט לעבען אמת נאך דיינע גרויסע אומגליקען? די האפענונג

האט דיך נישט באגלייט. וואס געהנטער דו ביזט צוגעגאנגען צום אמת, אלץ מעהר וועה האט דאס דיר געטאן, ווייל דו האסט ניי געדארפען געבארען ווערען, אבער דארט ביי דעם אמת האסט דו די האפענונג אנגעווארען. דאס האב איך ליב געהאט ביי דיר צו זעהן, און עס האט מיך אין אמת'ן געפרייט.

אנגעלענט ביזט דו געשטאנען ביי דעם טיש פון אמת און דו האסט צו איהם געטענה'ט, אבער דער אמת האט נישט ליב קיין טענות. מיט זיין האנט האט ער דיר דערלאנגט די שווערד און אזוי געזאגט:

האסט דו כוח, געה, שלאג זיך פאר מיר.

און דאמאלס האב איך דיר געהיט דיין ווערט און איך האב נאכגעקוקט וואס דו האסט געטאן מיט דעם שווערד. דיינע פיס האבען זיך געבויגען און דיינע הענט האבען זיך געריסען און צום סוף האבען דיך דיינע פיס אומגעווארפען. צו דיין קערפער געה איך צו און רוף צו דיר: וואו איז דיין ווערט? צו וועמט דו זיך אפגעבען אן א פרייז? דו, וואס דו ביזט געשטאנען ביים אמת. דיינע אויגען האבען זיך ארויפגעריסען צו מיר און זיי האבען גע־זאגט: צוזאמען מיט דיין צונג: העלף מיר, ברודער אויפשטעלען זיך, און איך האב דיך אנגענומען און דיר געהאלפען זיך אויפהויי־בען, אבער דו האסט נישט געקענט שטעהן. מיט דיינע אלע כוחות האסט דו געכאפט דעם שווערד און געפאכט אין דער לופט, אבער געהן האסט דו נישט געקענט. האסט געוואוסט דעם אמת און דו האסט זיך נישט געקענט שלאגען פאר איהם. דו האסט איהם גע־זעהן פון ווייטענס און דו קענסט נישט צוקומען צו איהם. דיינע פיס זיינען דיר צובראכען. די האפענונג האט דיך אויסגעמאטערט און זי האט דיך צוגעפירט צו די גרענעצען פון דיינע כוחות און האט דיר געזאגט: נאך דא האסט דו גארנישט. דו האסט זיך אנגעהויבען אויסקורירען ווען עס איז שוין געווארען צו שפעט, ווען דו האלסט ביי שטארבען. איך אליין וועל דיך זעהן שטאר־בען, א נישט געקעמפטער און אפגענארטער, דו אומגליקליכער.

דיין הארץ איז געווען אנגעפילט ווי א באלון מיט לופט, ווען דו האסט געהאט די האפענונג, און יעצט פלאצט עס. דו האסט

אלעמאל געזאגט, אז אזוי אנאך איז גוט צו לעבען, אבער נישט גע־
לעבט האסט דו דאמאלס. דו ביזט געפלויגען אויף אומזעהבארע
פליגלען פון די האפענונג.

דערקענסט דו די פלענער וואס זיינען מיטגעגאנגען מיט דיר,
ווען דו האסט זיך גע'חבר'ט מיט די האפענונג? די פלענער פון
טרוימען האבען זיי בא דיר געהייסען, און יעצט האסט דו פער־
געסען אן זיי. ווי האסט דו דיך געגרייט צו לעבען, דו חבר פון די
האפענונג. ביי דעם ראנד פון יענע יארען ווי זי וואלט דיך אלט
אפגעשטעלט און פארשיכור'ט האסט דו זיך אין די יוגענד. ווען
דו זעהסט שוין אלעס, איז דיין הארץ שוין שוואך אויסצוהאלטען
און פלאצען וועט עס אויף די ערד וואו די ליגסט. נישט זיין
וועסט דו אין קאמף פון די קריגער. טויט וועט דיין האנט הענ־
גען פון א פאראכטעטען גוף. קיין גרעסערע קללה קען שוין פאר
דיר ניט זיין.

---

## די הייל אין זיך

איך, ליידען, בין געגאנגען צווישען אייך. געוואלט האב איך,
אז ווען איהר וועט מיך הערען זאלט איהר ליב קריגען דאס נייע
לעבען פון וועלכען איך רעד. אבער אנשטאט דעם האט איהר גע־
לאכט פון מיר, ווען איהר האט מיך אויסגעהערט. אפילו דאמאלס,
ווען איהר האט צוגעשטימט צום אמת פון מיינע רייד, האט איהר
דאך זיך נישט געענדערט, און געטאן מיט אייערע הענט די טאטען
אקעגען וועלכע איך בין געווען. א נייע לערע האט איהר זיך
אויסגעלערענט: צו זיין שטארק אקעגען אמת, אפילו ווען ער בא־
פאלט אייך. העזה'דיג זייט איהר געווארען איינער אקעגען צוויי־
טען, אזוי לאנג ווי איהר קענט אויסהאלטען. פאראומרייניגט האט
איהר דאס ארט וואו אייער חבר האט זיך געזעצט אפרוען, כדי עס
זאל איהם וועה טאן. מיט אן ארויסגעשטעלטער נגע'עקשנ'טקייט
טרעט איהר אייער חבר ביז וואנען אויך איהר ווערט צוטרעטען
צוריק פון איהם אין אפרעכענונג, און דאך הערט איהר די ווערטער

פון אמת ווען ליידען קומט צו אייך רעדען און אנדערש ווילט איהר נים ווערען.

מיט דיין מאכט האסט דו צו איהם אריינגע'גנב'ט נידערשלאַגענהייט און באליידיגונג, און אומגעווארפען ליגט ער מיט בלאַטע פארדעקט. א מורא האסט דו אנגעיאגט אויף איהם, און א האס האסט דו ארויסגעקוועטשט פון זיין מויל, און ווען דו האסט דאס אפגעטאן, האסט דו זיך ווידער אומגעקערט מיך צו הערען, דו נידעריגער.

מים עקעל קער איך זיך אפ פון דיר, דאס פייער פון מיין פאראכטונג זאל דיך פארניכטען.

איך האב איהם געזעהן, ווען ער האט זיך פאר דיר פארטרויט און איך האב איהם געזעהן ווען ער איז אוועקגעגאנגען פון דיר. געפונען האסט דו איהם און דערשלאגען, און דו האסט גאר נישט געפילט דיין פארלוסט. דו האסט גענומען דעם געווינס און דו האסט געזאגט: נישט צו מיר זאל עס געהערען און די גיפט פון דיין נשמה האסט דו אריינגעלאזט אין איהם און אוועקגעשיקט. דעם האט וואס ער טראגט אין זיינע אדערען האט ער פון דיר גענומען, און ערווארט פון איהם דיין מתנה צוריקצוקריגען, ווייל זי בענקט נאך דיר.

אט דאס זיינען מיינע רייד.

אבער ווען ווירסט דו דיין האס צוריקבריינגען? פון וועמען האסט דו עס געקראגען א מתנה צו פאר'סמ'ען דיין חבר? פון די טיפענישען פון דיין נשמה האסט דו עס פון די מאוסקייטען וואס ליגען דארטען פארבארגען. איידער דו ווערסט דעם וועג פון דיין אויפהייבונג דערגרייכען שעפסט דו דאס.

ווען אפילו דו גיסט צו דעם אמת, פארוואס באשיצט דו דאס? וואלט נישט בעסער געווען פאר דיר דו זאלסט זיי אויסשניידען מיט דעם ערגסטען ווייטאג אפילו זיי זיינען אין דיר צוגעוואקסען?

אלעם קענסט דו טאן: ווײנען איבער דיינע מאטען, באדויערען זיי און פאראכטען זיך, אבער נישט אויסשניידען קענסט דו זיי. נישט באפרייען קענסט דו זיך, ווען דו זעהסט דיין קרבן,

פאראכטעסט דו זיך, אמאל צוליב באדויערונג, אבער קענסט דו זיך פאראכטען נאך איידער דו טוסט דיין קרבן ? און אויסהערען הערסט דו מיך, דו תלמיד מיט דעם קרומען פנים, און מיט דעם זעלבען קרומען פנים געפעלסט דו אזוי דיינע מיטמענשען, און דו פארפירסט זיי. ווייטער אין די הייל פון דיינע ליידענשאפטען, דארט דערשלאגסט דו זיי. פון די הייל קומסט דו ארויס מיט א פארפירערישען שמייכעל אויף דיין כאראקטער. דו באפוצט איהם מיט בלעטער פון די שעהנהייטען און ווען מענשען קומען זיי צו שמעקען, פירסט דו זיי אין דיין הייל ארונטער.

אויסגעלאשען האט זיך דער טאג איינער נאך דעם צווייטען ביי דיין חבר. ביי דעם קינד האסט דו פארשטומטערהייט זיך וואונדערען געזעהן, און זיין פראגע האסט דו פארשטיקט.

בייג ארונטער דיין קאפ צו דער ערד, דו שולדיגער, און געה נאך דיין חבר׳ס טריט וואו ער איז געגאנגען, וועסט דו זעהן, אז דו האסט אויסגעארבייט פאר איהם דעם וועג פון זיינע צרות. זאל דיך דער פארלאנג צו זעהן זיך אין א נייע וועלט ארומנעמען. און עס זאל דיך ציהען דארט וואו די זון געהט אויף מיט א נייע לערע. דארט וואו יעדער איינציגער וועט קענען זיין א וואונדער, און אפען קענען טראגען זיינע ליידענשאפטען פאר דעם שיין פון דעם גייסט׳ס זון נישט פארשעמט צו ווערען. דארט וועסט דו זיך דערזעהן אין די גאנצקייט וואס פארפאלקאמט דיך. אבער ביז דארט פאראכט איך דיך : איך האב דיך נעהערט קלאגען איבער דעם פלאץ פון דיין שכן וואס איז ליידיג געווארען לעבען דיר, אבער פארפאלען איז שוין געוועז. ער איז שוין לעבען דיר מעהר נישטא. צו האסט דו זיך געפרעגט פאר וואס זיין פלאץ איז לעדיג געווא־לעבען דיר ? אוועקגעטריבען האסט דו איהם און צום סוף פעהלט ער דיר דאך.

אבער צו וואס האסט דו איהם אוועקגעטריבען ? אהן א חשבון האסט דו איהם אויפגענומען אין דיין נעסט און דו האסט זיך געשפילט מיט איהם. אבער באטראכט נאר : צי איז דען דער נעסט נישט ענג געוועז פאר איהם ? צי האט ער זיך אויך אין דיין נעסט געקענט אויסציען און רוען אזוי ווי איהם האט פאר־

שמעקט? האסט דו געהאט צו זיך אזוי פיל אכטונג, אז דו זאלסט מעסטען דיין נעסט און דו זאלסט איהם ארומקוקען אז ער זאל גוט זיין פאר דיין פריינד, דיין שכן, ווי אזוי דו האסט איהם גערופען? נישט דאס האסט דו געטאן.

דו האסט זיך אפילו די מיה נישט גענומען אז דיר אליין זאל זיין גערוים. דו האסט נאך פארנארט דיין שכן צו זיך, און נאכהער האסט דו איהם געזעהן אוועקגעהן מיט דעם כעס אין זיינע אויגען. טרויעריג, האסט דו צו זיך אליין געזאגט, און דו האסט זיך אוועק־געזעצט ביי דעם ברעג פון ים פילאזאפירען אין בין השמשות, ווייל געדריקט האט דיך זיין אוועקגעהן מיט דעם בייזען געמיט. אבער דיך אליין האסט דו נישט געהאלטען פאר דעם שולדיגען. דו האסט נישט קיין כוח געהאט צו האלטען לעבען דיר דיין שכן, ער זאל דיך ליב האבען.

האט ער נאך דיר נישט געבענקט, ווען ער איז פון דער ווייטענס געווען און ער איז דאך געקומען איז עס אויך געווען מיט אן אנדער מיין און אויפגענומען האסט דו איהם און גערוים האסט דו געוואלט ער זאל זיך מאכען, ווען איהר זייט זיךביידע שונאים געווען.

באדויער נישט זיין אוועקגעהן, ווען ער איז סוף כל סוף פון דיר אוועקגעגאנגען. פרעמדע זייט איהר זיך. דו האסט נאך נישט באדויערט א פרעמדען וואס איז קיינמאל נישט געקומען צו דיר. ליידען וויל דו זאלסט כוח האבען צו זאגען: א נעסט זאל איך האבען פאר זיך אליין, אויך פאר אנדערע זיי זאלען אריינקומען. אבער אזוי ווי איך בין יעצט, וועל איך זיך פאראכטען, כדי ליב צו קריגען צו שאפען.

---

## דאס געלעכטער און די אייגענשאפטען

אקעגען דיינע גוטע אייגענשאפטען ביזטו מיט א בייזען ווילען און בייקומען האסט דו זיי געוואלט. נישט געארט האט דיך ווען דו האסט זיי פארלארען. דו האסט אפילו דעם גרויסען פאר־לוסט נישט פארשטאנען און אין חזר שטאל מיט אנדערע האסט

דו צוגלייך געלעבט און געפונען דיין צייט פארטרייב.

עס האט גערוט אין דיר א פארלאנג. עס האט גערוט אין דיר אמאל א גוטע ליידענשאפט, און זי האט דיר אין דיין מוח אנגע־קלאפט, דו זאלסט זי ערלויבען ארויסקומען און פארטיידיגען זי פאר די גראבקייט פון די וועלט. דו זאלסט זי פאר א פאנצער נעמען און אויך זיך פארטיידיגען פאר דער וועלט.

אבער זי האט צוריק אין דיר געמוזט באגראבען ווערען, ווייל א צו גרויסער פייגלינג ביזט דו געווען דו זאלסט זיך אונטערשטע־לען די שליחות פון אזא פאראכטונג. פון די גוטסקייט וואס איז אין דיר געווען האסט דו מורא געהאט פאר דער וועלט צו ווייזען צוליב דעם געלעכטער פון אזעלכע באשעפענישען וואס רופען זיך די גוטע אייגענשאפטען.

יעצט זעה איך דיך ארומקריכען מיט לויטער דיינע אויסקליי־בונגען וואס דו האסט מיט זיי אויסגעשטאפט דיין גייסט און עס עקעלט מיך פון דיר. א האלבען לעבען האסט דו אפגעלעבט אין אלץ ערגער ווערט דיין גייסט פון טאג צו טאג. ווען דו וועסט שטארבען וועט מען ניט קענען זאגען, אז די ערד האט באהאלטען א מענשען אין זיך. מען וועט זאגען, אז די ערד האט א פגר אריינגענומען.

איך האב געזעהן דיין געוואגקייט צו דיינע שלעכטע געוואוינ־הייטען און איך האב געזעהן דיין אומבאהאלפענהייט צו די גוטס־קייט וואס איז אין דיר אוועקגעשטארבען. זיך אליין האסט דו אונטערגעהאקט, זיך אליין האסט דו פארניכטעט.

אויף יעצט זעה איך דיך איינגע׳עקשנ׳ט, שוין גארנישט הא־בענדיג. דאס ביזט דו פארהארטעוועט געווארען.

ווי אזוי וועסט דו יעצט אנדערש ווערען, ווי אזוי וועסט די זיך צוריקגעפינען? דו ביזט א פארלארענער מיט די פארלארענע. נאך דיר וועט זיך אן אנדער וועלט אנהויבען.

געה אוים דיינע יאהרען שנעלער, דו אומווירדיגער. הלואי וואלט אין דיר א געדאנק אריינגעקומען דו זאלסט זעלבסטמארד באגעהן, וואלט איך דיך נישט באדויערט. נישט קלאגען זאל איך

איבער דעם טויט פון די וואס שטעלען זיך אקעגען די נוטע איינגע־שאפטען מיט דעם בייזען ווילען זיי צו פארניכטען.

## איך גייסט

פעסט זייט איהר געווען ווי הונדערט יאהריגע בוימער, איהר, פארצוימער פון דעם שעהנעם גייסט, און יעדער איינציגער האט זיך אנגעשטעקט פון אייך אזוי ווי פון א מגפה, און די אנגעשטעק־טע זיינען אויך מ ג פ ו ת געווארען. די גאל האט שטור צע־פלאצט פון פארביטערקייט ב ייאייך, און די פארביטערקייט איז דאך געווען אויפגעהאלטען פון אייך מיט די גרעסטע מ ס י ר ו ת נ פ ש.

אזוי ווי די בוימער איינגעוואקסען אין די ערד, שטעהט איהר פעסט. אבער נישט דערשרעקען קענט איהר מיך, ווייל איך, גרוי־סער גייסט, וועל אייך אלעמען ארויסרייסען און אויף פיצלאך צו־ברעכען. און אזוי ווי די ארויסגעווארפענע פון דעם מענשען־מיסט וועט איהר אויסזעהן.

שטארק זייט איהר, זעהר שטארק. איהר וועט אבער צוגעהן אונטער דעם פייער פון חכמה וואס איך, גייסט, טראג מיט זיך. איהר וועט זיך צולאזען אונטער מיר אזוי ווי איך וועל אייך ווע־לען שמעלצען, און אויסשמעלצען וועל איך אייך פאר טויטע אין די קברים צו טראגען. איהר, פארצוימער פון דעם גרויסען גייסט. אזוי ווי די שטיקער האלץ וואס שווימען צו צו די ברעגעס פון ים, וועט איהר צושווימען צו די ברעגעס פון א נייעם לעבען, צובראָ־כענע און צולעכערטע.

און אויב עס וועט דאך זיין איבערגעבליבענע פון אייך, וואס וועלען זיך נאך פרובירען אנהאלטען אויף זייער א ר ט , קיי־נעם נישט צו שאדען און דאך צו לעבען, וועט עס זיי אויך נישט געלונגען, ווייל שווער וועט פאר זיי זיין צו באגרייפען דאס נייע און נאך שווערער וועט פאר זיי זיין עס צו ווילען. זיי וועלען אויסזוכען א ווינקעל וואו מיט זייער ווערעמדיגקייט זיך צו האל־טען, און זיי וועלען אונטערגעהן פון פארדרוס איבער דעם נייעם.

אך, איהר צוימער פון דעם גייסט, מיינע פליגלען זאלען אייך

דערשרעקען, ווען איך דערמאן מיין נאמען, און זאל אייך צום קאמף אנגארטלען, וייל איך, גרויסער גייסט, האב ליב דעם קאמף, דארט צושמעטער איך מיינע שונאים. זאלען אייך מיינע ווערטער פאר־איינינען אין איינעם אקעגען מיך. נאך האט נאך קיין פאראייני־גונג נישט געהאט אזוי פיל כוח ווי איך.

און אויב איהר וועט זיך באהאלטען אין דער שטיל און פון דארט פארצוימען דעם גייסט, וועל איך צו יעדען באזונדער קומען און איהם דעשלאגען. איך וועל פון אייערע אדערען ארויסקריכען אום מיט אייך אין קאמף צו שטרייטען. איך וועל ארויסקוקען דורך דעם בליק פון אייערע אויגען, אום צו צווינגען אייך צו זעהן וואס איך וויל. איך וועל אין יעדען פון אייך צופלאקערען א קאמף, אויב ער וועט זיך מיר נישט וועלען איבערגעבען. אייערע בלוטען וועלען שטרייטען מיט זיך אליין ביז וואנען איהר וועט אוועקפאלען צו דער ערד, ביז וואנען איהר וועט בעטען. דו גרויסער גייסט, נעם מיך אין דיינע ארעמס און באשיץ מיך.

איך וועל קומען ביי דיין ערשטען רוף, וייל צו די וואס זייי־נען שטאלץ צו מיר, בין איך נאך שטאלצער, און צו די וואס רופען מיך, דערנעהענטער איך זיך שנעל. אבער ביז דאמאלס, ביז דו וועסט מיך רופען, בין איך דיין שונא מיט דיר אין קאמף צו געהן.

איך האב ליב נאר אזעלכע וואס געהן אין מיינע וועגען און איך האב אויך ליב אזעלכע וואס קומען צו מיט מיר קעמפען. איך טייל זיי אויס דאס וואס קומט זיי און איך באפרידיג זיך.

---

## די פאמיליע

מיט פיל באדייטונג אין דיין בליק האסט דו מיך צו דיין פאמיליען־נעסט צוגעפירט, און דו האסט צו מיר געזאגט; האסט דו אויך גענען דעם אויסצוזעצען? און א פרעלאך פנים האסט דו געמאכט אזוי ווי דו וואלסט דער זיגער געווען, און איך האב צו דיר געזאגט:

וואס האסט דו אויפגעבויט? איך זעה נישט דארט דיינע

גרייסקייטען. קלענער ביזט דו ביי מיר געוואָרען וואָס דו האָסט דיין פאַמיליע אויפגעשטעלט, ווייל דו ביזט געוואָרען דער שיצער פון אַ שוואַכקייט, די פרוי. אויך דער שיצער פון דאָס קליינליכע ביזט דו געוואָרען, ווייל דאָרט, אין דעם אָרט פון דיין פאַמיליע, האָבען זיך באַשאַפען ספּעציעלע אומשטענדען וואָס האָבען דיך קליין געמאַכט. נישט געקענט האָט מען פאַרליידען די אייגענאַרטיגקייט פון דיר און אויב יע, האָסט דו נישט געקענט פאַרלירען די איינגענאַרטיגקייט פון די איינצעלנע אין דיין פאַמיליע. די פאַמיליע האָסט דו אָנגערופען אַלס גאַנצעס, אַזוי ווי אַ געביידע וואו אַלעס דאַרף זיין פעסט און זיכער, וואו דער פונדאַמענט און די ווענט דאַרפען גאַנץ זיין. און וואָס האָסט דו צום סוף געטאָן, ווען דיינע קינדער האָבען אינדיווידיאַומס געדאַרפט ווערן, און זיי האָבען דיך פאַרלאָזען? נישט געקענט האָט זיי וואַרעמען די וואַרעמקייט פון דיר און דיין פרוי, און ליב געקראָגען האָבען זיי אַנדערע געגנוסען וואָס זיי האָבען ביי דיר געזעהן. און אַז דו ביזט געבליבען אין דעם נעסט מיט דיין פרוי, ביזט דו זיכער אַז איהרביידע האָט ליב געהאַט צו געניסען וואָס איהר האָט געהאַט איינער ביים צווייטען? אָדער האָט איהר זיך געהאַלטען צוזאַמען, ווייל איהר האָט שוין מעהר גאָרנישט געקענט קריגען פון אַנדערע?

אין דיין נעסט איז דיר וואַרימער געווען צו בענקען נאָך עפּעס אַנדערש. אין דיין נעסט איז דיר וואַרימער געווען צו פאַרשילטען דאָס וואָס האָט דיר דערעסען. אַזוי האָט אויך דיין פרוי געטאָן.

אָבער קיינמאָל האָסט דו נישט געהאַט דעם מוט צו זאָגען: מיין פאַמיליע איז מיר אומבאַקוועם, ווייל איך בענק נאָך עפּעס אַנדערש, און נעמען דיין מאַנטעל און אַוועקגעהן.

עס זיינען געווען צייטען וואָס קיינער האָט נישט געזעהן דיין ווערט אין דיין פאַמיליע. דו ביזט געווען אַזוי ווי אַ נומער אין דער אָרדנונג פון אַ רעכענונג. און עס זיינען געווען צייטען ווען דיין ווערט איז אַזוי קליין געוואָרען, אַז מען האָט זיך געקענט אַז דיך אין גאַנצען באַגעהן.

איך, ליידען, האָב געוואָלט דו זאָלסט זאָגען: פון דאָרט וואו איך האָב נישט געהאַט קיין ווערט, זאָל איך אין גאַנצען אַוועק־

געהן. דארט וואו איך בין איין טאג געווען א ליידעגער עול, האב איך ביינאכט גענומען מיין שטעקען און פארלאזט דעם פלאץ. אבער נישט אזוי האסט דו געטאן.

און דיין פאמיליע איז דער ארט וואו דיין אינדיווידיאום ווערט אויסגעלאשען ביסלאכווייז. זיכער איז דאס נישט דער ארט, וואו דו קענסט ווערען דער גרויסער איינצעלנער.

מיט די איינשטימיגקייט פון דיין ווייב קענסט דו אויפהאל־טען די ליבשאפטען פון די זאכען וואס געהערען נאר צו דיר אלס איינצעלנער. אבער בלייבען בלייבסט דו אויפ'ן ארט, ווען דיינע ליבשאפטען קענען נישט אויסגעפירט ווערען אלס דער אויסדריק־ליכער ווילען פון נאר דיין איך מיט די געגנערשאפט פון דיין פא־מיליע.

דערפאר רוף איך אז די פאמיליע, דער צוואנג אויף דיין איך. און ווען דו וועסט געהן אויף דעם וועג צו דיין אנערקענונג, וועסט דו אויך דעם דאזיגען צוואנג מוזען איבעררייסען. דו וועסט די פאמיליע־געביידע מוזען אומווארפען.

די אונטערטעניגקייט צו דיין ווייב איז אויפגעהאלטען גע־ווארען אין דעם נעסט פון דיין פאמיליע און אקעגען שטעלען האסט דו זיך נישט געקענט, אז נישט וואלסט דו זיך פארשעלטען גע־דארפט און אוועקגעהן האסט דו נישט געקענט, ווייל דו האסט בע־סער אויסגעקליבען די אונטערטעניגקייט איידער דעם געהנום, אבי צו בלייבען דארט.

אויך דיין רום, אויב דו האסט דאס נאר געהאט, האט גע־קענט אפגעשאפט ווערען און באשפיגען ווערען און אויסגעלאכט ווערען, אויב דיין ווייב האט דיך באטראגען. אויב דיינע קינדער האבען דיך פארשעמט. מיט דיין פאמיליע האסט דו געטיילט דיין רים, און אז זיי האט זיך געוועגט, צו דיינס זאל בלייבען ביי דיר. איבערגעהאקט האסט דו זיך אויף א העלפט, ווען דו האסט אויפ־געבויט דיין פאמיליע. און איין העלפט האסט דו אוועקגעגעבען צו זיי, און דו האסט אזוי געזאגט: אויב זיי וועלען די איין העלפט צוברעכען וועט די צווייטע העלפט אויך גארנישט ווערט זיין.

אזוי אנאך ביזט דו געווארען אויס אידיווידיאום, און דו

האסט ארויסגעריסען מיט דיינע הענט די ווארצלען אויף וועלכע דו וואלסט זיך פאנאנדערגעוואקסען.

אין קרייז פון דיין פאמיליע ביז דו ליבליך געווארען, אזוי ווי א פאיאץ וואס מאכט פריילאך, אפילו ווען ער פילט בויכוויי־טאג. מעגסט דו פילען צעהן מאל אנדערש ווי דו פירסט זיך באמת אויף, וועסט דו אלץ זיך נישט צוליב טון, אז נישט קענסט דו נאך אנשטעקען מיט דיין מוטלאזיגקייט און דו וואלסט אין גאנצען הויז אריינגעבלאזען אן אומצופרידענע קראנקהייט צווישען דיר און דיינע קינדער און דיין ווייב.

א, איך זעה דאס מורא האבען אונטערצושטעלען, זיך איינצור־שטעלען. האסט נישט מיט וואס זיך גרויס צו האלטען, ווען דו רעדסט פון דיין פאמיליע. דו ביזט א פערפירער אין דעם קרייז פון דיין פאמיליע. דו ביזט א ליגנער צו זיך אליין. האסט דיר שטייף געמאכט דיין פנים, ווען דו האסט דאס געדארפט אין טרער־רען באנעצען, ווייל עס איז נישט שעהן געווען פאר זיי. און ווען דו האסט אליין געדארפט זיין, האסט דו מיט דיין פאמיליע גע־מוזט פארברענגען, ווייל זיי האבען דיך ארומגערינגעלט. ווען דו האסט דעם קאפ פארדרעהט און געדארפט שטיל זיין, האט מען דיך פראגען געפרעגט: כדי דו זאלסט דארפען רעדען, היימליכקייט האבען זיי עס גערופען. און אמאל צושטרייטונג — ארויסצויאגען דיר דיינע שווערע געדאנקען פון קאפ. און דו האסט זיך אלץ גע־לאזט אזוי, ווייל עס זיינען דאך דיינע אייגענע, דיינע אייגענע, וואס האבען צוריסען דעם אינדיווידואליזם, דעם טייערסטען שאץ.

וואלט דאס א פרעמדער געוואגט, ווען דו האסט דעם מוט צו שטעהן אויסער די גרענעצען פון פאמיליע. דו זוכסט די נייהיי־טען פון לעבען און דו שרייסט אויס, אנצייגענדיג אויף דיין פא־מיליע, אט דארט זיינען זיי דא. אבער עס איז א ליגען, נישט אין דער פאמיליע זיינען דא די נייהייטען וואס דו זוכסט.

ארויס פון דער געביידע די פאמיליע זאלסט דו געהן! דיינע געדאנקען זאלען זיין ווי צו באפרייען זיך פון איהר. שטעה אליין און לעב אליין. דארט וואו דו וועסט קענען וואקסען אלס גרויסער איינציגער אהן צו פארבינדען זיך מיט געהיימע טרוימענד אפגע־

נארטע פארשטעלונגען, אז דאס שטערען פון א צווייטען איבער דיר. האסט דו ליב צו זיין מיט א צווייטען, זיי מיט איהם. זיי מיט איהם, ווייל דו ווילסט אזוי, אבער קיין פארבאנד זאל נישט פאר־זיכערען דיין ווילען. לאז רוהען דיין קערפער ביי וועמען דו האסט ליב, און גיה א מידער אוועק איידער צו רוען ביי די צוואנגען פון פארבאנד.

אזוי זאג איך, ליידען, צו דיר.

---

# די רעוואלוציאן

איך האב געפילט דעם הויך פון אייערע טרוימען פון פארבע־סערען דאס לעבען, ווען איך האב מיין פנים צו אייער מויל צוגע־רוקט, כדי אייך אין די אויגען אריינצוקוקען, און עס איז מיר גע־פעלען געווארען.

איך האב זיך דערמאנט אן די רעוואלוציאן, דארט וואו איי־ערע טרוימען קריגען זייער געבורט און שטארבען אויך באלד. און איך האב דארט געזעהן ברענגען זיי צום געבורט. אין דעם בלוט פון רעוואלוציאן הייליגסט דו דיין ווילען צו פארבעסערען דעם מענ־שענס לעבען, אבער צום סוף בלייבסט דו דאך דער אפגענארטער און אומזיסטער קריגער. אלס דער איינציגער געווינסט דו גאר־נישט. האסט דיין ארט שעהנער געמאכט פול מיט מנוחה, האסט דיין קערפער פרייער געלאזען. און יונג און פריש קוקסט דו שוין אויס, ווען די טרוימען פון דיין רעוואלוציאן זיינען געבארען גע־ווארען צום לעבען.

אבער נישט איך פריי זיך מיט דיינע זיגען. איך דערקען דעם קנעכט אין זיינע פרייע אויגען. איך דערקען דעם אונטער־דריקער אין זיין שטאלצען געהן. פונקט אזוי ווי איידער דו האסט געמאכט די רעוואלוציאן ביזט דו געבליבען.. דער איינצעלנער — דער אומבאהאלפענער, דער איינצעלנער —דער שטארקער, דער איינצעלנער — דער שרעקעדיגער, דער איינצעלנער — דער פריי־ער. עס איז אזא קאמבינאציע וואס איך פאראכט.

איך בין געשטאנען אין די שטאדט און איך האב געהערט טראמפייטערען דעם רוף נאך דער רעוואלוציע, און איך האב זיך אזוי געטראכט: ווי קען איך דען ליידיג שטעהן און פילאזאפירען, און איך בין געלאפען מיין הילף צו געבען. אבער געוואוסט האב איך, אז איך געה נאר די מענשען העלפען מאטעריעל, אנדערש וועלען זיי אויסזעהן, אבער זייער נשמה וועט בלייבען דיי־זעלבע. און דאך בין איך זיי געגאנגען העלפען, ווייל זיי האבען אויסגעקוקט אזוי געפאלען, אז איך האב זיי כאטש געוואלט זעהן אין א נייער קלייד אנגעטאן. נישט פארווארפען וועל איך זיך, אז איך האב ערווארטעט פון דער רעוואלוציאן. עס איז נאר וואס די רעוואלוציאן לייגט אזועק פאר דעם איינצעלנעם די מעגליכקייט צו שטייגען אויף דעם לייטער פון אומבארירליכקייט און אמת־מענשליכע גרויסקייט. און עס איז די רעוואלוציאן וואס צוברעכט איהם, וואס הויבט זיך אויף איבער איהם.

די רעוואלוציאן איז נישט דער ענדע־פונקט וואו דער מענש ברענגט זיינע נייע געדאנקען מיט זיי צו לעבען. די רעוואלוציאן איז דער טרעפ וואס ער דארף אריבערגעהן ביז וואנען ער וועט צו־קומען צו דעם וועג פון זיין דערקענונג.

ווען יעדער מענש וואלט א גרויסער גייסט געווען, וואלטען זיי קיינמאל קיין רעוואלוציאן נישט געדארפט. א רעוואלוציאן איז פאר די קנעכט און פאר די הערשער, אבער נישט פאר די פרייע גייסטער.

יעצט, ווען שוואך זיינען די גייסטער פון דעם מענשען און שטארק איז דער אונטערדריקער, דארף די רעוואלוציאן זיין. זי דארף קומען אלס נויטווענדיגקייט אום דעם שוואכען גייסט זיין וועג צו באלייכטען, און דעם אונטערדריקער אין פייער צו פאר־ברענען.

און דערפאר איז עס מיר געפעלען געווארען ווען איך האב געפילט אין דיין אטעם דעם הויך פון די רעוואלוציאן, און איך האב זיך געטראכט, אז עס זאל דיר געראטען דו זאלסט בשלום אלעם דורכפירען.

שפעטער בין איך איבער דיינע גאסען ארומגעגאנגען, איבער

דיינע גאסען וואו די מענשען האבען געדארפט מיט פרייד זיך וואר־פען איינער אויף דעם צווייטען, וואו ווייז האט געדארפט פינקלען אין יעדען מענשענס האנט לכבוד די באפרייאונג, און די ערד האט געדארפט מיט בלומען זיין באווארפען און זיי זאלען שלאפען אויף זיי פאר די עדות פון די לבנה, אזוי ווי וואנדערער וואס האבען געפונען זייער רו־ארט און דאס גליק איז זיי צו וואר געקומען אזוי ווי א חלום.

נישט דאס האב איך געטראפען. זיי האבען גערעדט עפעס פון באפרייאונג. זיי האבען זיך געפרייט. אבער איך האב נישט געזעהן ביי זיי דאס וואס איך האב ליב געהאט. ווען צוויי האבען זיך נישט ליב געהאט, זיינען זיי לכבוד די באפרייאונג צוזאמען געווען און געפרעהט זיך. געוואלט האב איך אז לכבוד די בא־פרייאונג זאלען זיי אוועקגעהן איינער פון צווייטען און אמת פריי ווערען.

אזוי איז אויסגעקומען אז די רעוואלוציאן האט גאר צוזאמענ־געברענגט אין פרייד די וואס האבען געדארפט קריגען דעם ווילען פריי און באזונדער צו זיין. און זי האט געמאכט פון זיי איין מאסע, צוזאמענברענגענדיג זייערע חסרונות וואס אין אנדערע צייר־טען וואלט עס אפגעקעלט איינער פון צווייטען.

און דערפאר האט עס מיך נישט געפרעהט, ווען איך האב געקוקט אויף דיינע גאסען. און אזוי איז עס טאקע אויך געווען. איך האב זיך נישט געדארפט פרעהען. ווען די ערשטע יאהרען זיינען אוועקגעגאנגען, זייט די רעוואלוציאן איז פארגעקומען און די מענשען האבען זיך צוריק פאנאנדערגעריסען אין זיך אום אלס באזונדערע גייסטער צו זיין, האט מען ווידער געטראפען די פאר־אכטונג ביי זיי פון איינער צום צווייטען, און די פארביטערונג פון דאס אפנארען. פון קיינעם האט מען נישט געזעהן דאס גליק וואס די פרייהייט פון דער רעוואלוציאן האט געבראכט. אלע הא־בען זיי געזוכט די ערלייזונג פון זיך פונקט אזוי ווי פאר דער רע־וואלוציאן.

האסט דו דען באשאפען דעם ארט פול מיט מנוחה פאר דעם אומרוהיגען? האסט דו דען זיסער געמאכט די וועהען פון ליבע?

האסט דו דעם טרויער איז רעכט פארוואנדעלט, אז דו זאלסט קע־נען זאגען צו דעם טרויערענדען: רעכט איז דאס איבער וואס דו טרויערסט? האסט דו די בארעכטיגונג פון פאלש זיין אונטער־געגראבען ביי דיין שכן? נאך ווערען זיי פאלש באהאנדעלט, דיינע שכנים איינער פון צווייטען. עס שמייכעלט נאך ביי דיר דער זיגער פון זיין כוח, נישט פון זיין רעכט ווען ער טוט דיר אן עולה און דו קענסט זיך נישט ווערען פון איהם.

קענסט דו אויפהייבען פאר דעם שיין פון די זון און אויס־שרייען: אט דאס האב איך געוואונען און אלע וואס קומען צו מיר פרייען זיך דערמיט?

נישט קיין געווינס איז דאס גוטע, וואס מען ווייסט נישט דערמיט ווי אזוי צו לעבען. און נישט קיין געווינס איז דאס גוטע, ווען עס זיינען נאך דא אזוינע וואס פארשטעהן עס נאך ניט. עס איז דא א מאסען־רעוואלוציאן, אבער נישט קיין באפרייאונג אין די מ א ס ע ן. די באפרייאונג איז נאר פאר דעם א י י נ צ י־נ ע ן. בלייבט דער איינציגער אומבאפרייט און קען קיין גרוי־סער אינדיווידיאום נישט ווערען, איז גוט אזוי ווי די רעוואלוציאן איז קיינמאל נישט געווען. נישט דערפרעהען קענען מיך די מאסען, נאר דעם איינציגען קען איך ליב האבען. און מיט דעם איינציגען וועל איך זיך חבר'ען.

---

## ד י ר ו ה

נאך רו האסט דו געגארט פאר דיין קערפער און דיין נשמה, און דאך האסט דו זי קיינמאל נישט געקענט קריגען.

פארטרויעט האסט דו דיין פריינד דעם סוד, וואס דו האסט געליבט, ווי דו בענקסט נאך רו און דיין פריינד, דעם וואס דו האסט געליבט, האט דיך אומרואיג געמאכט, לאכענדיג פון דיין ווילען.

מען האט דיך פארצווייפעלט געמאכט, כדי דו זאלסט רואיג נישט זיין. און צו וועמען האסט דו זיך געקענט ווענדען מיט די

ווערטער: גיב מיר די רו, איך זאל קענען רוען. באליידיגט איז מיין גייסט און אויסרוען וויל איך מיין קערפער. גיב מיר נישט דעם גייסט וואס איך זאל זיך פארסמ׳ען ביי יעדען טרונק.

אויפגעשפרונגגען ביזט דו מיט דעם כעס פון א גערעכטען און אויסגעשריען האסט דו צו דער וועלט: מיין רו ווערט צוגענומען פון מיר. איהר טארט עס נישט טאן. דעם אוצר וואס איז מיין געשאנק זאל קיינער נישט רויבען פון מיר. באלד ביזט דו אבער צו די ערד געפאלען, פול מיט געוויין פון דיין אומבאהאלפענהייט, ווייל געוואוסט האסט דו, אז זיי לאכען פון דיר, ווייל דו האסט געזעהן ווי זיי טראגען דיין רו, אזוי ווי א נבלה און הינט האבען געביסען פון איהר שטיקלאך. און דער וואס איז צו ווייט געווען פון דיין אוצר האט געבולען אויף איהר. עס האט באמת אויסגעקוקט אזוי ווי א פראצעסיע פון הייליגע, ווען זיי האבען זיך געפארעט ביי דיין רו.

דיין שכן האט איינגעטיילט די אומרוהיגקייט ביי דיר אין א פאר קאטעגאריעס, און דאמאלס ווען ער האט זיך שוין גוט איבערציינגט אז דיין רו ליגט פארבלוטיגט ביי דיינע פיס, און די אומרואיגקייט טרייבט דיך צום אפגרונד, האט ער דיך אפגעלאזען.

דו ביזט געווארען אן אורזאך פאר דיינע לייט פאר רחמנות, און ווען זיי האבען דיך דערזעהן, האבען זיי זיך אויך געמוזט דערמאנען אן צדקה און אן גוטע זאכען וואס מען דארף טאן פאר א געפאלענעם שכן.

ווען דו האסט דיין רו פארלארען, האסט דו די וועלט אנדערש פארשטאנען ווי זי איז אין אמת׳ן געווען. האסט פארלארען די אפשאצונג און ביזט אליין געווארען א פארביטערונג פאר א צווייטען. די זיכערהייט איז פארלארען געגאנגען פון דיר ווען דו האסט פארלארען די רו, ווייל די זיכערהייט איז א קינד געווען פון די רו, א זויג קינד וואס קען נישט לעבען אן די ברוסט. און ווען מען האט ביי דיר די רו צוגענומען, איז די זיכערהייט ענטגאנגען.

און־צוטרוי האבען זיי ביי דיר פארזעהט, ווען זיי האבען ביי דיר די רו צוגענומען, ווייל דער וואס האט די רו, פארשפילט גארנישט, ווען ער פארטרויט און ווערט אנטוישט, אבער דער וואס

האט די רו נישט און ווערט אנטוישט, איז נעגליכען צו אן אומגליק־ליכען, וואס מען האט איהם דאס העמד אויף דעם לייב צוריסען און אריינגעשפיגען אין פנים אריין, אויף אן אומגליקליכען וואס מען ווייזט איהם דאס געשפענסט פון משוגעת.

און דערפאר האסט דו אויך פארביטערט דיין שכן מיט דעם אומצוטרויען צו איהם. אפילו דאמאלס ווען ער האט דיך באמת ליב געהאט און געוואלט נעבען דיר דיין חבר ווערען.

אה, איך זעה איך, איהר טויזענדע איינצעלנע, איהר וואס וואלט ליב געהאט צו ליבען איינער דעם צווייטען און דאך האלט איהר זיך אלעם איינזאמע, ווייל די צוגענומענע רו האט באשאפען ביי אייך די אומצוטרוי, און די זיכערהייט איז אויך געשטארבען ביי אייך.

זאל קומען דער וואס וועט אריבערוואָרפען דעם בריק פון יע־דען צום אנדערען, איהר זאלט קענען אריבערקומען צו זיך, און אין אייערע אויגען אריינקוקען און מיט די מאכט פון די גערעכטע וועט איהר אקעגען געהן די צושטערער פון רו, אויף יעדען ווינקעל וואו איהר טרעפט זיך מיט דעם איינצעלנעם צוזאמען. און איהר וועט איהם ווייזען ווי אזוי די רו צו פארהיטען, ווי אזוי איהר נישט אוועקצורויבען. און שטארק זאלט איהר זיין, ווען עס וועט אייך אויסקומען איהם צו פארטרייבען פון זיך, און ער וועט פון די רו לאכען, ווען ער וועט זיך שפּילען מיט איהר ווי א הערשער.

שטארק זאלסט דו זיין פאר דעם נוצען פון דאס גרויסע פון דיר און דו זאלסט קענען אוועקגעהן פון די ליבסטע אפילו וואס דו האסט, אז זיי זאלען פּרובירען דיין רו מיט שפּאט צו באהאנדלען.

איך וויל, אז ליב האבען זאלסט דו דעם דאזיגען וואס קען די רו אכטען. און פאראכטען זאלסט דו דעם דאזיגען וואס צושטערט איהר, כדי דו זאלסט קענען מיט שטאלץ זאגען: מיינע געשאנקען זיינען ריין און פון קיינעם נישט צוטרעטען געווארען און ווען דו וועסט שטעהן ביי דעם ענדציל פון לעבען, זאלסט דו וויסען, אז דו האסט נישט פארלארען אויף דעם וועג דיין איך, דיין ווערט איידער דו ביסט געשטארבען. אה, דאמאלס וועל איך דיר זיכער ליב הא־בען, ווען דו וועסט אפהיטען דעם געשאנק, ווייל איך וועל זיך

פרעהען, אז אויך אנדערע געשאנקען קען מען דיך לערנען אפצור־היטען, די געשאנקען וואס שטעלען צונויף פון דעם מענש דעם וואונדערבארען און וועלען איהם העל בעגילטען אויף דעם וועג, ווען ערוועט שוין האבען ארויסגעגאנגען פון זיין גאנצער אונטער־ערדישקייט און פון אלע זיינע שרעקעדיגקייטען.

צו לערנען איהם ער זאל זיך נישט לאזען בינדען זיין גייסט און צופען פון איהם שטיקער ווער עס וויל נאר. צו לערנען איהם צו מאכען איהם שטארק. ער אליין זאל אויך אז זיך נישט פאר־געסען. ער זאל היטען זיין גייסט אזוי ווי א טייערען שאץ, נישט אזוי ווי היינט ווען ער פארגעסט אז איהם און שלעפט איהם אוים אין אלע בלאטעס מיט זיינע אייגענע הענט.

איך וועל איהם דערמאנען, איך וועל איהם רייסען, איך וועל איהם ווייזען, איך וועל איהם פאראכטען, ביז וואנען ער וועט דער־זעהן דאס שימערען פון זיין גייסט, און ער וועט זיך מוזען פאר־טראכטען וועגען דעם, און ער וועט עס מוזען אפהיטען. אה, ווען איך וועל איהם אויסלערנען צו באשיצען זיין אינדיווידיום! אה, דאן וועל איך זיך פרעהען און וועל איהם באמת ליב האבען.

---

## דיין אויסטויש

אויסבייטען האב איך אייך געטראפען אייערע מיינונגען. אבער שטענדיג האב איך זיך געפרעגט: ביי וועלכען מאל זייט איהר שעהנער געווארען און ביי וועלכען מאל פון אויסבייטען אייער מיינונג זייט איהר העכער געווארען, אדער נעהנטער צוגעקומען צו דעם וואס מען קען ליב האבען?

געפרעהט האב איך זיך ווען איך האב געזעהן, אז איהר ענ־דערט אייערע מיינונגען, ווייל איך האב געוואלט אז ענדערונג זעהן ביי אייך. וועט איהר צוקומען נעהנטער צו מיר. אבער פאראכ־טעט האב איך אייך, ווען איך האב געזעהן ווי אזוי איהר האט זיך באקליידט מיט אייערע נייע איבערצייגונגען. איך האב אייך נישט פאראכטעט וואס איהר קענט פעסט נישט שטעהן ביי אייערע אי־

בערצייגונגען. נישט ביי אייערע איבערצייגונגען האב איך גע־וואלט זעהן אייער שטארקען כאראקטער. געוואלט האב איך זעהן די קלונשאפט פון אייער ענדערען זיך. אבער נישט צו קלונשאפט האט איהר זיך געענדערט. איהר האט זיך געענדערט צו דעם גע־לעכטער פון מיין ווארט און צו דעם גיפט וואס מיין פאראכטונג דארף אייך ברענגען. איהר זייט געבליבען אזוי ווי איהר זייט גע־ווען מיט אנדערע מיינונגען און איבערצייגונגען, אבער פונקט אזעלכע חברים ווי די פריהערדיגע, אזוי מאוס און אזוי עקעלדיג.

און צום סוף האט איהר אויפגעהערט מיך צו אינטערעסירען מיט אייער ענדערען זיך, ווייל איהר אלע זייט געווען גלייך, מיט די זעלבע גיפטען און מיט די זעלבע קליינקייט. און אויב איינער פון אייך האט יא געהאט א נייע מיינונג, האט ער זי גענומען פון א צווייטען וואס ביי יענעם איז זי שוין אלט און אויסגעטוישט געווארען. איהר האט געהאט אידעען אהן טרעגערס, און קיינער האט נישט געקענט זאגען: איך בין דער באשאפער פון מיין מיי־נונג, אזא וואס איך זאל קענען ליב האבען.

אין דעם קרייז פון אייערע מיינונגען און אידעען זייט איהר נארען געווארען. די אומפארצייליכע נארען פון אייער לעבען האב איך אייך גערופען, ווייל איהר האט דעם טאג מיט בלינדקייט אפ־געלעבט. ווען איהר וואלט נארען געווען אין חלום וואלט איך אייך געקענט פארגעבען.

אבער נישט געוואלט האט מיין גיפטיג געלעכטער שווייגען, ווען איך האב געזעהן וואס איהר טוט מיט אייער וואר־זיין. אייער וואר־זיין וואס האט פון זיך אפגעשטויסען יעדען גרויסען אינדי־ווידיאום אזוי ווי פון א מאוס'ן ריח פון געפייגערטע מענשען וואס ווילען זייער ארט נישט אפטרעטען. דער דאזיגער וואס האט זיך אויסגעפיינט ביי אייך נאר מיט איין איינציגע אייגענע גרויסע מיינונג האט שוין אויך ביי אייך נישט געקענט זיין, אדער עס האט איהם אליין פון אייך אפגעשטויסען.

איהר אלע, וויפיל איהר זאלט נישט זיין, אזוי ווי פון איין שטיק הויבט איהר זיך אויף פאר מיר אין מיינע אויגען. איהר, געפארפולטע, איהר איינשטיק צוזאמענגעוואקסענער גייסט, איהר,

פאראכטעטע פון דעם גרויסען אינדיווידיאום נישט אפשרעקען וועל איך זיך פאר אייער גרוים. איך וועל אייך ביסלאכווייז אפ־רייסען איינעם פון צווייטען, ביז וואנען איהר וועט אויפהערען צו זיין איין שטיק. און איך וועל יעדען פון אייך אויסהאקען דעם גרויסען איינצעלנעם.

איך טראג מיט זיך דעם פייער פון מיין גייסט וואס צו־שמעלצט דאס צוזאמענגעוואקסענע פון דעם מענשענס גייסט, און שמידט פון יעדען איינציגען אוים אן אויסנאם. איך ווארף איהם צו זיינע פים דאס נידעריגע, צו וואס ער האט געדינט ער זאל עס מיט זיינע אויגען זעהן און ער זאל קושען זיין ביי־געבארענעם גייסט אלס דעם רעטער פון זיין איך.

אין די נאכט זעה איך דיך, איינציגער! אין די נאכט זעה איך דיך, און פארשטעה ווי אזוי דו דארפסט זיין.

די נאכט האב איך ליב, ווייל דארט קומסט דו צו מיר צו אזוי ווי א נאהענטער נאך הילף. איך טראכט פון דיר פול מיט די שעהנע טרוימען ווי אזוי דו וועסט אנטשטעהן, דער גרויסער אינ־דיווידיאום. ווייל אין די נאכט זעה איך דיך פול מיט אלע דיינע וואונדען און איך וויל ברענגען פאר דיר די ישועה אויף די פליג־לען פון מייז חכמה.

ווי ליב וואלסט דו געווען צו מיר, ווען דו וואלסט געענדערט דיינע מיינונגען צו שטייגען העכער. נישט שוואכלינג וועל איך דיך רופען, אזוי ווי עס קרויינען דיך די וואס ווערען אפגענארט אין דיינע מיינונגען. אבער א פיינד ווערסט דו צו מיר, וואס ענדערענ־דיג דיין מיינונג, נעמסט דו נישט אן דאס וואס איז ווערט ליב צו האבען. איך וועל זיך אוועקשטעלען און ווארטען אויף די ענדע־רונגען אין דיין שכל ביז וואנען איך וועל דיך טרעפען זאגען דאס עס זאל דיך ווערט זיין ליב צו קריגען. נישט אפטרעטען וועל איך פון דיר, און איבעראל וואל איך דיר אנטקעגען ווייזען די אמת'ע מיינונג וואס דו דארפסט פאר דיין געשאנק האלטען, די אמת'ע מיינונג דורך וועלכער דו זאלסט אויף דעם וועג צו דיין דערקענונג שטייגען.

נישט לאכען וועל איך פון דיר, פון דיין וואקלען זיך. איך

וועל דיר נאר ווייזען דעם וועג, ווייל איך האב דיך פיינט, ווען דו וואקעלסט זיך נישט, און איך ערוואַרט פון דיר אַ סך, ווען דו פאַר־לירסט דעם פונדאַמענט אַז וועלכען דו האַלסט זיך אַן מיט דיינע קליינליכקייטען. אַ גוטער סימן איז ווען דו פאַרלירסט די פעסט־קייט פון דיינע מיינונגען. עס איז דער סימן נאָך דאָס גרויסע, צו וועלכען דו בענקסט מאַנכע מאָל אומבאוואוסטבאַר און אַזוי ווי אין שלייער פאַר דיר.

דיין מיינונג באַשטימט דיין שיקזאַל. ווען דו וועסט זיך לער־נען דעם ווערט און די ריכטיגקייט פון דיין מיינונג, וועסט דו לע־בען שעהן, און קיינער וועט דיך נישט קענען פאַראַכטען.

און אויך איך, ליידען, וועל אויף דיר אַ סך ערוואַרטונג לייי־גען.

צו דיר רעד איך וואָס איז דיר שוין געלונגען אַרויפצושטייגען העכער פון דיין שכן, טוישענדיג דיין מיינונג ביזט דו צוגעקומען באמת אויף דעם וועג פון דאָס גרויסע. דאַמאָלס האָסט דו גע־פּרואווט אַוועקגעהן פון דיינע מיטמענשען, אום צו שיידען זיך מיט זייער קליינליכקייט. אַבער ווען זיי האַבען געזעהן, אַז דו געהסט העכער אַרויף, האַבען זיי געלאַכט פון דיר. דיין שטייגען איבער זיי האָט זיי אין כעס געמאַכט, און זיי האַבען אַ מיטעל אויסגעקלי־בען, אַז דו זאָלסט ביי זיך אַרונטערפאַלען אין דיין רעכט.

האַבען זיי געלאַכט אין דיין פּנים אַריין, חוזק מאַכענדיג פון דיינע מיינונגען איבער רעכט. געוואָלט האַבען זיי אַז דו זאָלסט צוטומעלט ווערען, ווייל דער וואָס פאַנגט אַן פון זיי אַוועקצוגעהן איז נאָך פול מיט זיינע געפילען, צו זיי צוגעוואוינט, אַז זיי קענען נאָך ווירקען אויף איהם.

געוואָלט האַבען זיי אַם ווענינגסטענס דו זאָלסט אַרונטערגעהן קעמפען מיט זיי, שטרייטען זיך מיט זיי, מיט זייערע מיינונגען. אַזוי האַבען זיי דיך געוואָלט אָפּהאַלטען פון דעם וועג צו דיין דער־קענונג און געוואָלט האַבען זיי דיך קליין זעהן צוליב דעם וואָס דו וועסט מיט זיי זיך אַמפּערען. אַבער דער באמת גרויסער גייסט, וואָס איז פון זיי אַוועקגעגאַנגען, האָט אַזוי געזאָגט: איך וועל זיך נישט שלאָגען מיט די קאַרליקעס, מיינע מענשען ברידער. איך וויל

די שלאכטען אנפיהרען ביי זיי און דערפאר געה איך איצט אוועק אליין פון זיי, אום כדי צו טראכטען ווי אזוי זיי אין דעם קאמף צו שטעלען.

מיינע ברידער זיינען קארליקעס אין שכל, און איך האב נישט ליב מיט זיי צו שטרייטען איידער זיי ווערען דערוואקסען.

אזוי וועט רעדען דער מענש וואס זיינע מיינונגען וועלען אמת זיין.

דיינע ברידער האבען דיר אנגעטאן א מיאוסקייט אויף דעם קאפ, ווען דו האסט אנגעהויבען צו קלעטערען אויף דעם וועג צו דיין דערקענונג, כדי אלע זאלען דיך פאראכטען, און דו זאלסט דאר־פען אראפגעהן און באווייזען דיין אומשולד.

דאן שוין האסט דו באגאנגען דיין פעהלער, ווען דו ביזט ארונטערגעגאנגען צו זיי אין דיין באליידיגונג, כדי צו ווייזען אז עס איז נישט אמת וואס דיינע פארלוימדער זאגען. דער פעלער איז געווען וואס דו ביזט זיי געגאנגען אויפווייזען. דו ביזט אזוי אנאך אין זומפ צוריק אראפגעגאנגען. און זיי ווייסען, אז עס איז זייער ביטערקייט וואס האט דיך אראפגעגארט דאס וואס זיי האַ־בען געוואלט.

פאראכטען דארפסט דו זיי, ווען דו האסט איינמאל בעשלאָ־סען פון זיין אוועקצוגעהן. און נישט אומקוקען דארפסט דו זיך צום טאל וואו דו האסט זיי איבערגעלאזען, און נישט הערען דארפסט דו זייערע ווערטער. דו זיי א פאראכטער פון זיי, און חבר'ן זאלסט דו זיך נאר מיט נאך א פאראכטער וואס וועט פארלאזען זייערע רייען, ביז וואנען איהר וועט א ניי לעבען צו די מענשען אריינגע־בען מיט די זאכען וואס איהר האט ליב און וואס איז ווערט פאר דעם מענשען זיין אוצר צו ווערען.

אבער אויך מיד ווערען קען מען, ווען מען קלעטערט אויף דעם וועג פון דאס גרויסע ארויף, ווייל אליין דארף מען זיין, און עס איז נישטא ביי וועמען זיך אפצורועו, ווען מען דארף זיך אפרוען. אבער אויב דו ביזט מיד געווארען, זאלסט דו צוריק נישט אראפ־געהן פון דאנען, וואו דו ביזט אוועקגעגאנגען, ווייל דו וועסט זיך דאמאלס אין גאנצען ארונטערקייקלען אין אפגרונד.

מיין טרער זאָל איבער דיר רוען, דו אומגליקליכער, אויב דו וועסט פאַרלאָזען דיין וועג אין מיטען. דו וועסט האָבען געגאַנגען נאָך דעם וואָס דו האָסט געגאַרט, און דו האָסט עס שוין געזעהן מיט דיינע אויגען ווי דו וועסט עס פאַרווירקליכען. אָבער אין אָפּ־גרונד וועסט דו נישט קענען לעבען, ווייל דאָרט איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר דעם אמת פון אַ טרוימער'ס אידעען, און דו וועסט דאָרט אונטערגעהן. אָדער אַרויפגעהן צו דאָס גרויסע, אָדער אונטער־געהן אויף דעם וועג. אָבער קיינמאָל זאָלסט דו זיך צוריק נישט אומקערען. אַזוי זאָלסט דו רעדען, ווען דו וועסט נעהמען דיין וועג אוועקצוגעהן צו דיין דערקענונג.

## דער געזונקענער

אַזוי רעדענדיג צו זיינע צוהערער איז ליידען אַרויסגעקומען אונטער די שטאָדט, און דאָרט האָט ער געטראָפען דעם געזונקע־נעם, דעם געזונקענעם וואָס מענשען קענען איהם זיין חטא נישט מוחל זיין, און מיידען איהם אויס נישט צו חבר'ן זיך מיט איהם. אָבער ליידען האָט זיך גאָר דערפרעהט מיט איהם, ווייל ליב געהאָט האָט ער דעם געזונקענעם. איהם וועט ער קענען ברענגען אויף די וועגען וואָס פיהרען צו די גרויסקייט, ווייל ער איז פאַרשטויסען פון די מענשען, און עס עקעלט איהם.

ער איז צוגעגאַנגען צו איהם און ער האָט פריינדליך פאַרפירט מיט איהם אַ שמועס. און זיי האָבען זיך געזעצט אַקעגען דעם לבנה־שיין, ווייל זיי האָבען געפיהלט בעסער צו קוקען אויף דעם שעה־נעם, פאַרטראַכטען הימעל. און בשעת זיי האָבען גערעדט, האָט ליידען אַזוי געטראַכט פאַר זיך:

ביזט דו, געזונקענער, געקומען צו די פאַראַכטונג, צוליב די מענשענס אָפּגעשטויסענהייט? אָדער דו ביזט געוואָרען נישטיג און קליין, און קאָרטשעסט זיך פון בזיון פאַר דעם בייזען קוק פון דיין שכן'ס אויג?

האָט דיך די געזונקענקייט נידעריגער געמאַכט, אָדער העכער

געמאַכט? און דאָן האָט ער אַריינגעקוקט זיין שכן אין די אויגען אַריין און ער האָט געזעהן ווי עס לייכט זיך אַ קליין פייערל דאָרט. דאָס איז געווען דאָס אומרעכט צום געזונקענעם, און פון זיינע ווערטער האָט ליידען געהערט דעם ווייטאָג פון אַ געביסענעם, גע־מישט מיט אַ געפיל פון פאַרדרוס.

אַזוי רעדען אַלע, האָט ער געזאָגט צום געזונקענעם. האָסט דו דעם פאַרוואורף אין דיינע ווערטער?

ניין, האָט אויסגעשריען דער געזונקענער. נישט דעם פאַר־וואורף טראָג איך אין מיינע ווערטער, אין דעם בוזים פון מיינע ליידען. ווען קען איך דען פאַרוואַרפען? די וואָס באַגעהן דעם פאַרברעכען, זיי האָבען דאָך דעם פאַרוואורף פון דעם געוויסען, און זיי ווילען איהם נישט האָבען פון מיר. האָס טראָג איך אין מיינע ווערטער, דער שווערד וואָס זאָל שניידען וואָס מיינע געדאַנקען ווילען נישט. פּראָטעסטירען, דאָס טראָג איך אין מיינע ווערטער. פאַרוואורף, דאָס איז די וואָפע פון די שוואַכע. פאַרוואורף, דאָס איז דאָס בעט פאַר דעם קראַנקען. אַזוי האָט דער מאַן גערעדט קור־קענדיג אויף ליידענען שאַרף און נאָכהער אַראָפּבייגענדיג זיין קאָפּ צו די ערד.

דו, געזונקענער, האָט ליידען גערעדט, דו ביזט טייער צו מיר, וויל דו האָסט נישט געקענט איינשטעהן אויף די שטופע וואו זיי זיינען געשטאַנען. ביזט אפשר נידעריגער געוואָרען, אָבער גערוקט האָסט דו זיך. ערשט יעצט וועט מיר זיין גרינגער דיך איבערצור־שטעלען אויף דעם אָרט וואו איך וועל וועלען. פאַר מיר ביזט דו נישט קיין געזונקענער. אויב דו האָסט דאָס פייער אין דיין מוח, ביזט דו פאַר מיר דער געראַטעוועטער.

זעה, קוק אַראָפּ דאָרט וואו די נאַכט האָרכט אוועק מיט איהר אָטעם, אין טיפע ווייטעגישען פון הימעלשען רוים, און הער זיך איין דאָרט צו די רייד וואָס די קלוגע רעדען.

און דער מאַן האָט אויפגעהויבען זיין קאָפּ און האָט געקוקט אין די טיפע ווייטענישען פון דעם הימעל. לערען זיך נישט צו פאַלגען און קום נעהנטער צו מיר. אַזוי רעדען זיי. אָבער פאַר־וואָס זאָלסט דו קומען נעהנטער צו מיר? ווארום זאָלסט דו פאַל־

גען די רייד פון זיי? ווען דו וועסט אויסהאקען די טיפעניישען פון דיין גייסט און דארט אהין ארייַנקוקען, וועסט דו אלעס זעהן.

אזוי האט צו איהם ליידען געזאגט. נאכהער זיינען זיי שטיל געשוויגען.

א פראזע האבען זיי זיך אויסגעלערענט: נישט צו טשעפען דעם שוואכען. דורך טויזענדער יאהרען טראגען זיי דעם ליגען איינער פאר דעם ווייטען — האט ליידען פאר זיך געטראכט. אבער ווער האט שוין געפּרואווט רעספּעקט צו האבען פאר דעם שוואַכען? נישט קיין מיטלייד, נישט קיין רחמנות, און איך זאג צום מענש אזוי: די געזונקענקייט פון מענשען האט נאר מיט איהם צו טאן. עס איז זיין אומגליק. איהם האלט עס נידעריג געשלאגען אדער פארניכטעט. אזוי ווי עס קען זיין א מענש וואס האט אלעס פערלארען, אבער ווען ער קומט צו דיר, מוזט דו איהם אכטען און קוקען אויף איהם אלס אויף א מענשען וואס שטעהט אקעגען דיר ריין און מיט דעם זעלבען ווערט וואס דו האסט, אויב דו ביזט ריין און האסט א ווערט. ווייל יעצט, דעם מאמענט ווען ער רעדט מיט דיר, באגעהט ער נישט קיין זינד, אום צו זיין געזונקען, אום ער זאל זיך האלטען פארשעמט צוליב דעם וואס ער טוט, סיידען דו פיהלסט עס. ווייל ביי דעם געזונקענעם אין די אויגען, ווערסט דו געזונקען, אויב דו ביזט נישט קיין מענש.

דער געזונקענער זאל צאלען זיין שטראף. דעם מאמענט וואס ער טוט זיין זינד, אבער די שטראף זאל קיינע שפּורען נישט מיטטראגען אויף דעם שפּעטער. די שטראף איז א זינד, אויב זי ווערט אנגעווענדעט אויף איהם אין די צוקונפט, ווייל אין דעם שפּעטער שטעהט ער ריין, אין דעם לעבען פון נייע טעג און נעכט וואס מען זאל איהם רעכענען אלס דער נייער מענש.

דו זאלסט נישט אריבערטראגען די שטראף פון איין צייט אויף א צווייטע, ווייל דאמאלס טויטעסט דו דאס נייע לעבען וואס ווערט באשאפען ביי דעם מענש אלס פארזעצונג.

הלואי זאל איך דיך זעהן נאכקלערען וועגען דעם, און דו זאלסט טאן אזוי ווי איך הייס דיר. לערען זיך אוים ליב צו קריגען די פארזעצונג פון מענשענס לעבען און זעה דאס ריין צו האלטען,

ער זאָל אלע מאָל קענען אריינברענגען דאָס נייע, דאָס אנגעהויר־בענע, דאָס גוטע. אויב ער איז באַגאַנגען אַ זינד אין די פאַרגאַנ־גענהייט, זאָל עס נישט זיין אַזוי ווי אַ קיום וואָס עס זאָל איהם מאַכען פאַרלירען זיין מוט און זיין נייעם ווילען.

נאָר אנדערש זייט איהר ווי איך רעד און אויך איהר ווילט אנדערש זיין. דאַדורך זאָלען זיך געפינען ביי אייך די איינצעלנע וואָס איך זאָל קענען באַגריסען און זאָלען אנטלויפען פון אייערע רייען, פון דאָרט וואו דער געזונקענער ווערט אומישנע געטרעטען פון דעם פאַרגעניגען פון מיאוסע אינסטינקטען.

ווער האָט פון אייך געהאָט דעם מוט צום געזונקענעם אַזוי צו רעדען? מיט דיר אין איין בעט וועל איך זיך פיהלען אַזוי ווי איין קערפּער. קום צו מיר שלאָפען, כדי איך זאָל דערקענען מיין שוואַכקייט לעבען דעם אָטעם פון דיין זינד. און וויפיל פון אייך האָבען דעם מוט צו זאָגען: אויך איך בין געזונקען, אפילו ווען מען מיידט מיך נישט אויס, און מען האָט מיך ליב? איהר האָט נישט דעם מוט צוליב דעם שפּיל פון דעם אָפּנאַרען.

דערפאַר וועל איך ליב קריגען די דאָזיגע וואָס וועלען זיך ארויסרייסען פון זייערע רייען ווי דער געזונקענער ווערט אויס־געמידען און פאַרהאַסט און זיי וועלען זיך אויסלערנען רעדען אַזוי ווי איך הייס זיי, און איך רעד אַזוי: ביי דעם געזונקענעם האָב איך געזעהן די זון אויפשיינען ביי דעם געזונקענעם, אַזוי ווי ביי דעם ראַנד פון אַ נייע ערשיינונג, האָב איך געזעהן ארויסקומען דעם גרויסען אינדיווידואום ווי ער איז ארויסגעקראָכען פון דעם שמוץ פון בלאָטע מיט די בענקשאַפט און ווילען נאָך אַן אנדער לעבען. נאָך אַ לעבען וואָס ער האָט פאַרהאַסט, נאָך אַ לעבען וואָס ער זאָל ליב קריגען, פאַר אַ לעבען וואָס אנדערע האָבען פאַרהאַסט און נישט געוואָלט וויסען דערפון, נאָך אַ לעבען וואָס וועט טראָגען אין זיך נייע, זאַפטע כוחות אין זיינע פעלדען, וואָס וועט וואַרע־מען דעם מענשען מיט דעם הויך פון גרויסקייט, פון אינדיווידועלע גרויסקייט.

מיט אַ ציטער פון עקעל האָבען זיי געטראַכט פון דעם געזונ־קענעם אין יענע רייען פון די נידעריגע, און זיי האָבען געהאַט

רחמנות צו זיי, ווייל עקעל צו מענשען איז דער פאטער פון רחמנות צו זיי. אבער האבען זיי דען נישט דער׳הרגה׳ט מער מענשען מיט זייער רחמנות ווי מיט זייער עקעל? ווייל עקעל האט געטראגען דעם אויפפאדערענדען אונטערשיד פון זיי און איהם, און רחמנות האט געטראגען ערנידערונג און דערשטיקונג, בעהאלטען אונטער זייער מאנטעל.

דער געזונקענער ווילט איהר, זאל פארלירען זיין פולען ווערט, דאמאלס טרעט איהר צו אזוי ווי כוהנים צו איהם. אבער נישט ליב האט איהר דעם געזונקענעם וואס האט נאך א שטיקעל ווערט.

אויך איז דא צווישען די געזונקענע אן אנדער סארט מענש. דער וואס איז געזונקען אהן זינד. ער האט קיינמאל קיין עולות נים בעגאנגען, און דאך איז ער ארפגעשטויסען געווארען פון דעם אפגרונד פון לעבען. — דער וואס איז געזונקען צוליב זיינע ליב־שאפטען צו מענשען. דער נישט נאכגעבער, דער נישט איינשטימער אויף די מענשענ׳ס מאוסקייטען, דער פעסט אנהאלטענדער און פארצווייפעלטער אויף זיין אוצר וואס מענשען ווילען נישט פאר־שטיין, אז ער טראגט פאר זיי דאס שעהנע פון לעבען, דער וואס שטעהענדיג מיט דעם פראכט פון זיין נשמה, און עס איז נישטא קיין איינער וואס זאל זיך מיט איהם חבר׳ן און ליב האבען זיין אוצר. און ער מוז בלייבען איינער אליין, איינזאם מיט זיין פראכט.

אט איהם האב איך ליב און דער געזונקענער איז מיין אמת׳ער הילף. מיט אים נעה איך צוזאמען דעם מענשען איבערצו־אנדערשען, ווייל ער טראגט אין זיך דעם באוואוסטזיין פון זיין ווערט, און ער טראגט אין זיך די אמת׳ע קערנער פון פאראכטונג צו דעם מענשען. איהם הייס איך נים אוועקגעהן פון אייערע רייען. ווייל ביי דעם אבשיין פון אייער גייסט דערפילט איהר אייער נישטיגקייט. ביי זיין אנוועזענהייט פיהלט איהר זיך געפאלען, אפילו דאמאלס ווען איהר פרואווט זיך מאכען אז איהר פיהלט איהם נישט.

און וועלען זיך געפינען א סך אזעלכע צווישען אייך, וועלען זיי צורייסען די פעדים וואס בינדען אייער נאענטקייט צונויף, כדי איהר זאלט זיך דערזעהן אין אייער נאקעדינקייט.

אה, אין זיי זעה איך די פארניכטער אויף דעם פלאץ. דאס זיינען מיינע תלמידים וואס טראגען די ערשטע זוימען צום קאמף. און דיך, געזונקענער, מיט דיינע ליבשאפטען אזוי זאל איך אויך דיך טרעפען רעדען:

איך וועל זיך אין מיינע רייד נישט פארפלאנטערען. איך וועל שוואך אויף מיין וועג נישט ווערען. נישט ערנידעריגען וועל איך מיינע געדאנקען וואס איך טראג, ווי עס טוען אנדערע, אפילו ווען איך זאל פאלען אונטער דעם לאסט פון זיי. עס איז נאר פארקערט, אויב איך לעב איז דאס נאר צוליב דעם וואס איך פארמאג, אז נישט וואלט איך זיך אליין פארניכטעט. איך וועל זיך נישט אריינלאזען אין גריבלערייען ווענען דאס גוטע ביי מיין שכן, ווייל ער ארט מיך נאך זעהר פיעל מיט זיין שלעכטיגקייט. נאך האט ער נישט אזוינס וואס זאל מיין אינדיווידואום פארזיכערען. נאך דארף איך טראגען דעם שאץ פון מיין אינדיווידואום אזוי ווי א שומר וואס שטעהט און היט עס פון א גנבה אדער רויב. און איך וועל מיין שכן אזוי לאנג איבעראנדערשען, ביז וואנען איך וועל קענען מיט מיין שאץ שיינען אזוי אפען און אומבארירליך ווי עס שיינט און עס איז אומבארירליך די זון.

גארנישט אינטערעסאנט זייט איהר מיר געווען אפילו ווען איך בין געקומען צווישען אייך. איך בין נאר געקומען וואס נעהענטער שטעהן לעבען מיין שונא, דעם געגנער פון די ליבשאפטען וואס איך טראג. ווען איך האב געלאכט אין די אנוועזענהייט פון מיין געגנער, האב איך ניט געלאכט צוזאמען מיט איהם, נאר מיט זיך.

און ווען א געדאנק וועט דיך פרעגען: צו האסטו שוין דעם געגנער פון דיינע ליבשאפטען גוט נאכגעשפירט אז דו זאלסט איהם קענען באזיגען, דו זאלסט איהם שוואך מאכען אקעגען דיר? זאלסטו ענטפערען אויף דעם אזוי: ניט שפיאנירען וועל איך זיין נאטור, נישט פארזיכטיגקייט דארף איך. איך וויל מיט אים קעמפען, אפילו ווען מיינע אויגען וועלען מיט טרערען זיין פארנומען אזוי ווי מיט א שלייער. אפילו מייז געדאנק וועט פארשטארט לינען, וועל איך אלץ ליב האבען אקעגען מיין געגנער

צו קעמפען. אזוי זאלסטו זיך אויסלערנען רעדען דו געזונקענער. דער געפיהל פון חשבון זאל דיך ניט לאזען רוען, אום דו זאלסט דיך דערמאנען אז די ליבשאפטען וואס דו טראגסט אונטער ביין מאנטעל פון געזונקענעם. נישט דורכלאזען זאלסטו די וועלט אזוי ווי זי געהט. נישט באשטעהן זאלסטו, אז די וואס קענען פון דופ־טענדען גייסט נישט שפירען, זאלען איהם קיינמאל נישט דערפילען. זיי מוזען, אזוי זאלסטו רעדען צו זיך. דו מוזט, אזוי זאלסטו רעדען צו דעם וואס קען דיינס נישט אפשאצען. נישט נאכגעבען זאלסטו און עס זאל דיך נישט ארען, אז מען וועט דיר אקעגען שרייען דעם נאמען פאנאטיקער. באצווינגנ דיין גייסט איבער די אנדערע, כדי דו זאלסט אויפוועקען אין זיי גייסט, זיי זאלען אנהויבען טרוימען פון איהם, פיהלען זיך אין זיינע שוועבענדע ארעמס. דאמאלס זאלסטו שטעהן פון דער ווייטענס און צוקוקען און הנאה האבען ווי דער נייער מענש ווערט געבוירען.

דו געזונקענער, פון דיר ערווארטע איך א סך. צו דו ביסט געזונקען פון דיינע מאיסקייטען, צו פון דיינע ליבשאפטען, אהן אונטערשיד. מיינע רייד וועסטו שוין ברענגען צו דיין שכן. מיינע ווערטער זאלען דיין חבר זיין און דו זאלסט זיך אויף זיי אנלעהנען ווי אויף א מעכטינען באשיצער.

מיינע ווערטער זזאלען פאר דיר זיין דאס ווארעמע בעט, וואו דו זאלסט טרוימען דיין ווידעראויפלעבונג מיט אן אנדער אנהויב.

נעה, פאל נישט צום אפגרונד, ווייל די וואס פאלען צום אפגרונד, זיינען פארגליכען צו פארגעסענע, און איך האס די וואס לאזען זיך פארגעסען. איבער דיינע וועגען זאלסט דו רעדען צו די מענשען אזוי ווי א פרעמדער, אבער מיט אמת'ע ווערטער. ווייז זיי אויף, אז עס איז נישטא אזא זאך ווי געזונקענקייט ביי מענשען. הויכקייט, גרויסקייט, איבערנאטירליכע, גרויסע אינדיווידואליטע־טען, אבער וועניגע זיינען פאראן אזעלכע, און אלע זיינען גלייך.

זאג זיי, אז אלע זיינען געזונקען און עס ווערט פארעכענט פאר גארנישט, פארעכענט ווערט נאר ווען מען איז גרויס.

אזוי זאלסטו רעדען צו די מענשען דו געזונקענער.

# די סמנים פון דער פערגאַנגענהייט

ווען איך האב געטראכט פון דיר האב איך זיך פארגעשטעלט, אז פון א ניי לעבען דארפסטו אנהויבען, דאס נייע לעבען וואס זאל נישט האבען אין זיך די סמנים פון די פארגאנגענהייט, מען זאל נישט קענען זאגען, אז דאס איז שוין אזוי געווען. די סמנים פון די פארגאנגענהייט זאלען נים שטערען דאס יעצטיגע וואס דו אנטהאלטסט, וואס זאל ווערט זיין דאס גרויסע צו ווערען אנגע־רופען.

פיל זיינען דא צווישען אייך וואס פיהרען זייער לעבען אזוי ווי אנדערע האבען עס שוין געטאן, ווייל דאס איז זיי געפעלען. אבער איך בארעכטיג נישט דאס געפעלען ווערען כדי עס נאכצור־טאן, ווייל דאס וואס אייך ווערט געפעלען, פאראכט איך, און דאס וואס עס איז ווערט געפעלען צו ווערען האט איהר נישט ליב.

צופיל אומריינעס ליגט אין דער אבזיכט פון אייער נאכטאן דאס געפעלען. עס טראגט קיינמאל נישט אויף זיך די לאסט און דאס פארגעניגען פון גרויסקייט. איהר האט ליב די גרינגקייט, און אין די פאר׳מאוס׳טקייט וואס ווערט געשאפען פון אייער ביטרע־קייט, כדי צו ליגען אויף דעם ווייכען בעט פון א געץ. און דערפאר זאג איך אז פון דעם נייעם לעבען וואס דו וועסט אנהויבען איז גארנישט דא וואס מיטצונעמען. פארקערט, איך וויל נאך דו זאלסט איבעררייסען די געמיינשאפטליכקייט וואס האלטען דיך צו און שלעפען דיך צוריק. איך וויל דו זאלסט קענען נישט בענ־קען נאך דיינע געוואוינהייטען, פארגעסען אין דיינע מנהגים, נישט דערמאנען זיך אן די טעג פון די פארגאנגענהייט וואס האבען געטרא־גען דאס נישטיגע, דאס וואס דיינע געפיהלען האבען אמאל ליב געהאט אין דיין שכל האלט יעצט פאר א פארברעכען.

ליב האבען צו דערמאנען זאלסט דו זיך נאר אן דעם וואס איז אמאל געווען גוט און וואס איז אלע מאל גוט. אפילו מיט יאה־רען שפעטער וואלסט דו אויך געוואלט דאס האבען. אט דאס זאלסט דו ליב האבען און זאלסט עס זעהן אריינצוברענגען דארט

וואו דו ביזט. דו זאלסט אלע מאל פארמאגנען דאס וואס קען אלע מאל זיין גוט.

איך זעה דיך שטעהן פארטראכט וועגען דאס לאכען פון דיינע קינדער־יאהרען. דאס פולע לאכען וואס דאס קינדער־הערצל האט אין גאנצען אויסגעגאסען, אט דאס לאכען איז גוט. דאס לאכען דארף אייביג ביי דיר בלייבען. וועגען דעם מעגסט דו בענקען. אונטערגעגראבען איז געווארען דיין געלעכטער ווען דו ביזט עלטער געווארען. עס גיסט זיך שוין נישט אזוי ווי דאמאלס. אמאל איז עס ביי דיר פאר׳סמ׳ט, און אמאל איז עס ביי דיר פארשטיקט. און אמאל האסט דו מורא זיך דערמיט ארויסצואווייזען. ניין, זאלסט דו צו זיך אליין זאגען, מיין געלעכטער זאל צוריק קומען פון מיר אז ווען איך שעפ עס אן, זאל איך קענען גיסען דערפון ביז צום דעק. א, דאן וועל איך ליב קריגען דעם געלעכטער.

און דו זאלסט זאגען:

מיינע אייגענשאפטען וויל איך צוריק קריגען. נאך מיינע אייגענשאפטען בענק איך, ווייל זיי זיינען אלע מאל גוט. האסט דו דערקענט אמאל די זיכערהייט פון יוגענד, זאלסט דו זאגען צו זיך שפעטער, ווען די זיכערהייט מיט די יוגענד וועט אוועקגעהן: נאך די זיכערהייט פון יוגענד בענק איך, ווייל דאס איז געווען א גוט געלעגער וואו איך האב געקענט רוען און אלע מאל דארף איך אזוי רוען.

דארט וואו עס שאלט פון די טיפע פארגאנגענהייט יעדע גוטע זאך וואס איז ווערט ליב צו האבען, און וואס איז ווערט אלע מאל צו זיין מיט איהר, נאך די זאך מעגסט דו בענקען און מעגסט פאר־לאנגען.

נישט אומקוקען זאלסט דו זיך צו דעם איבערגעלאזענעם אויב דו קענסט עס נישט מיטנעמען מיט זיך, זאלסט דו עס פארגעסען און גלייך געהן מיט דעם פנים זאלסט דו געהן צו דאס גרויסע ארויף.

ווייל דאס וואס דו וועסט איבערלאזען וועט דיך אומקערען, אויב דו וועסט זיך אומקוקען נאך דעם. דיין הארץ וואס איז גע־קנאטען אין די קליינקייט וואס דו לאזט איבער, וועט דיך אוועק־

ציען פון א פרעמדען פלאץ וואס דיין שכל האט אויסגעקליבען פאר דיר אנצוהויבען אנדערש צו לעבען, און וועט דיך צוריקשלעפען. עס וועט זיין א קאמף אין דיר, דער בירגערקריג פון דיין אינדיווידואום, און דו וועסט זיכער אלע מאל פארשפילען.

צורייס זיי, די נאענטקייטען וואס זיינען דיר באקאנט און היימיש און ווינקען צו דיר פול מיט ערווארטענדע פארגעבונג, ווען דו ווערסט שוין מיד פון זיי און דו ווילסט אנטלויפען.

שוין גלייכער אומהיימליך און גרויס איידער פול מיט ליבע און קליין, אזוי זאלסט דו צו זיך זאגען. דאמאלס, ווען דו וועסט שוין זיי דער פאלקאמענער, וועסט דו שוין מעגען טראכטען פון די פארגאנגענהייט ווי די מאוסקייטען האבען דיך געלאסטשעט. דו, פאלקאמענער, וועסט שוין בכוח זיין אראפצוקוקען, און דער בליק זאל דיר נישט נעמען שווינדלען געשטרויכעלט צו ווערען.

ביי די גרויסקייט וועסט דו שטארק זיין, ביי די גרויסקייט וועסט דו שטעהן איבער אלעם. הוב אויף דיינע אויגען! אהין צו דער ווייטקייט זאלסט דו קוקען, צו די ווייטקייט פון דיין דערקענונג, דארט זאל עס דיך ציען. דארט וואו מען זעהט דיך אזוי ווי אויף דעם העכסטען בארג, האלטענדיג דיין אינדיווידואום פאר דעם שיין פון די הימלען, ווען די ערשטע טאג־שטראלען קומען ארויס. און דו זאלסט זאגען צו די מענשען: אט דאס זאל דער באגעגענען וואס דערזעהט דאס ערשטע מאל דעם טאג. דארט וואו עס צושיידט זיך דאס גרויסע און דאס קליינע אזוי ווי דער אפגרונט מיט די הויכקייט, דארט וועל איך דיך ליב באקומען.

אד, ווידער דערמאן איך זיך אן די וואלקענס, ווען איך רעד פון דיר און איך קוק ארויף צו זיי. ווען איך רעד פון דיין גרויסקייט, האב איך ליב צו קוקען אויף זיי און צו טרוימען.

אויף דעם הימעל זיינען געלעגען גרויע און רויטע שטיקער. עס איז געווען אין הערבסט פארנאכט, און א טונקעלע רויטקייט האט זיך פארשפרייט אויף דעם גאנצען האריזאנט. רויטער און רויטער איז געווארען דער האריזאנט, און נאכהער איז ער ביסלאכווייז טונקעלער געווארען. די נאכט האט אנגעהויבען אנקומען.

דאס בילד איז געווען זעהר שעהן. ליידען איז גראד געשטא־

נען ביי א פּארק, און ער איז אוועקגעגאנגען שפּאצירען אהין. און ווערים פון פּארק האבען צוגעזונגען צו די שטילקייט פון דער נאכט.

# דאָס ווארטען אין די איינזאמקייט

דארט אין די שטילקייט פון גארטען האט ליידען אזוי גערעדט צו זיין צוהערער:

הער, מיין ברודער, נעם דיין שטעקען און וואנדער אוועק פון די מענשען. זייערע נישט פארגינענדיגע בליקען זאלען דיך עקלען. לערען דיך צו פאראכטען זייער פריינדליכקייט. וואס טויג דיר זייער נאענטקייט וואס מאכט דיך באליידיגט און מאכט דיך צום וויינען ווען דו ביזט אליין? לעבען דעם וואס דיין שכן פארמאגט איז נישט ווערט צו זיין. און אזוי ווי אן ענגשאפט איז פאר דיר זיך מיט איהם צו חבר'ן, קלער נאך, ווערסט דו זעהן, אז עס וועט זיין זעהר גערעכט, אז דו וועסט אוועקגעהן פון איהם.

וואס קענסט דו אין איהם געפינען אויסער די סנאה און די מרער?

זאג מיר, וויפיעל מאל ביזט דו פון דיין ברודער אבהענגיג געווען. וויפיעל מאל האסט דו מיט איהם דאמאלס געלאכט? האסט דו פארלוירען דעם הומאר, אדער די גלייכהייט? איז דאס געווען צוליב די נויטיגקייט פון אמת'ען פריינד אין מענשען וואס דו האסט דאמאלס אזוי געדארפט, און דו האסט עס נישט געקענט געפינען אין דיין ברודער. אבער פאר וואס האסט דו עס נישט געקענט געפינען, ווען דו ביזט געווען ביי איהם? ווייל ער האט דאס דיר נישט דערלאזט. ער, דיין ברודער, האט דיר נישט פארגונען די גלייכהייט, ווען דו ביזט פארצאגט געווען און דו האסט געזוכט די גלייכהייט.

און דערפאר האסט דו געוויינט אין דיין איינזאמקייט, ווייל דו האסט געפיהלט די באליידיגונג פון דאמאלס ווען דו ביזט געווען ביי איהם, פון דאמאלס ווען דו ביזט געקומען צו איהם נעמען דאס

פארלאנגטע, און ער האט דיר נענעבען דאס אומפארשטענדליכע וואס האט איהם פארשמוצט און דיך ערנידעריגט.

פון דאמאלס אז ווען דו האסט אויסגעפונען, אז ער איז קיינ־מאל נישט געווען פאר דיר דאס וואס ער האט געדארפט ארויסקר־מען, נאר אן עפעס, אדער אן אויפגעוויקעלטער קנויל מיט סודות׳־דינע שלעכטיגקייט.

אה, דו ביזט דערנידעריגט געבליבען, ווייל עס איז גארנישט. דאס לעבעדיגע, דיין נאענטער איז נאר נישט. א בלינדע, קראנקע פארזעהעניש, פול מיט מאוסקייט, וואס זוכט אמאל פריינדשאפט, קנאה, באקוועמליכקייט, און האט ליב צו פארלאזען א טרער.

אבער וואס איז ער אין אמת׳ן, וואס איז ער? וואס איז ער דאמאלס אין דעם מאמענט, ווען ער דארף זיין עפעס? גארנישט, א גארנישט, א זעבארער גארנישט. טו אז דיין מאנטעל און נעם דיין שטעקען און גיה אוועק. געה אוועק צו זיין אליין מיט דעם באוואוסטזיין, אז דו פארלירסט גארנישט, מיט דעם באוואוסטזיין אז דו רייסט זיך ארויס צו ראטעווען זיך, צו רוען און צו בענקען ליב צו האבען. זע אז די מענשען זאלען דיר נישט מיטפיהלען און זע, אז זיי זאלען דיך נישט האסען. געה אוועק פון זיי אזוי ווי דער אטעם, וואס קומט ארויס פון זייערע מיילער, און זיי וויסען נישט אז דאס איז לעבען. פארמיר דאס לעבען ערגעץ אנ־דערש, דארט וואו דו הויבסט זיך אן. דארט זאלסט דו זאגען צו זיך: אוועקגעגאנגען בין איך פון אייך פאר דעם אטעם וואס איהר האט נישט געקענט און פאר די זעעלע וואס איהר האט געטרעטען, פאר דעם פייער פון הארץ וואס איהר האט דערשטיקט פאר דעם אויסטויש פון א מאטען געוועב, פאר דעם שוואכען וואס איהר האט איהם געלאכט אין פנים אריין, ווען ער איז קראנק געווען. און איבער די בערג זאלסטו געהן, צו זוכען דיין חבר, ווייל דארט האב איך איהם שוין אהינגעשיקט ער זאל דיך אויפזוכען.

געה, זאג גארנישט און ערוואַרט מיט בענקעניש דיין חבר. פארגעטער די זון, קוקענדיג פון די בערג ארויף און קאנקוריר מיט איהר אין שעהנקייט און אין ליכט. און דערקענען אויף דיר זאל מען דיין צייכען, מען זאל וויסען צו וועמען מען פערטרויט זיך.

נישט האב איך זיך געלאזט פארבלענדען פון זיי, אזוי זאלס דו צו זיך קענען זאגען, ווען דו וועסט האבען אוועקגעגאנגען פון זיי, און מיין אויג זעהט נאך דאס אמת'ע. דארט אין די איינזאמקייט, וועסט דו הערען פון דיינע ליבע, וואס דו האסט נישט מיט זיי געקענט צוזאמען זיין. אבער דיינע געפיהלען זיינען צוזאמענגע־וועבט מיט זייער געשטאלט, דו וועסט הערען פון זיי ווען זיי וועלען שטארבען. דו וועסט זיי באוויינען מיט די טרערען פון איינזאמ־קייט איבער דעם, וואס האט נישט געקענט זיין צוליב זיי. איבער דעם וואס האט געדארפט זיין. און דו וועסט לערנען די אנדערע ווי אזוי צו לעבען, כדי זיך נישט צושיידען אין דעם ברוגז פון די וויסענהייט.

און איין זאך זאג איך דיר אן, זאלסט עס גוט געדענקען. עס זאל דיך נישט צוריקציען צו די מענשען. און אויב עס וועט דיך יא ציען, זאלסטו קעמפען מיט זיך, ביז וואנען דו וועסט דער זיגער זיין. איך קען די געמיטער פון די וואס געהן אוועק פון די מענשען צו דער איינזאמקייט. א סך א סך מאל ציט זיי צוריק. עס ציט זיי צו די איינגעוויינטע ליידענשאפטען, צו דעם וואס האט זיי אלעמאל נישט געלאזט זיך באוועגען, צו די ליבשאפטען פון זייערע אינ־סטינקטען.

נישט צוריקגעהן זאלסט דו, ווייל א נה־ונד'ניק וועסט דו ווע־רען. די ליבשאפט פון דיינע ליידענשאפטען וועט דיך שוין מעהר נישט גלעטען, ווייל דו וועסט שוין האבען געקענט דעם שכל, און צום שכל וועסט דו שוין ניט וועלען מעהר צוריק געהן, ווייל ער האט דיך נישט באנוגענט. דו ביסט אוועקגעגאנגען פון איהם, און ביידע זאכען וועלען פאר דיר זיין שווער, און דו וועסט פאלען צווישען די וועגען פון איינזאמקייט און ליידענשאפטען.

געה נישט אוועק צו די איינזאמקייט.נאר דאמאלס, ווען דו פילסט דעם פיין פון דיין שכל'ס שטאך, קען די נאטור פון דיין שכל נאך איידער ער בייסט דיך מיט זיין גיפט איין. און ליב די איינזאמקייט צוליב דעם כאראקטער פון דיין שכל.

הערען זאל איך דיר אזוי רעדען:

טראג מיך, דו איינזאמקייט, היל מיך איין אין דיין שטילקייט.

גלעטען גלעטסט דו מיך מיט דיין רואיגען אטעם. אין דיר ביז איך באשיצט און אין דיר בין איך ריין. עס האט מיך געצויגען צו דיר נאך איידער איך האב דיך דערקענט, ווען איך האב מיט די ערשטע מענשען גערעדט. ערשט יעצט האב איך דיך געפונען, און דו ביסט צו מיר אזוי ווי אן ארט וואו מיין גרויסקייט הויכט.

צו דיר קום איך אויף זיך אליין צו קוקען. צו דיר קום איך מיינע שעהנקייטען צו דערקענען. אין דיר רוען מיינע טרוימען. אזוי זאלסט דו רעדען, וועט דיך ליידען ליב האבען.

קום, קום, לעג זיך אוועק לעבען מיר, דו דאזיגער וואס דו וועסט רעדען אזוי: מיט מיינע אויגען וועל איך דיך באטוקען און איך וועל זיך פרעהען אויפ׳ן קינד פון מיין געדאנק. מיט מיינע ליפען וועל איך דיר איבערגעבען דאס וואס איז טייער פאר מענשען, און דו זאלסט עס טראגען פאר דיין חבר. און איבער דיר וועל איך זיך פרעהען פאר דעם וואס דו ביסט געווארען. און איך אליין וועל אויך קריגען א חבר: אזוי האט גערעדט ליידען, און דיין ווארט זאל זיך טראַ־גען צו דיין תלמיד אזוי, צו דיין צוהערער פול מיט אונוויסענהייט זאלסט דו אזוי רעדען:

פול מיט געדולד האב איך געווארט דו זאלסט קומען צו מיר. אויסגעקוקט האב איך אויף דעם מאמענט ווען דו וועסט שוין נים וועלען מעהר אויסהאלטען די שוועריגקייט וואס דיין חבר לעגט אויף דיר. איך האב דיך שוין געזעהן רייסען זיך. אין די שטילע נעכט פלעגסט דו באשליסען מעהר נישט צו פארטראגען, אבער דאס אנקומען פון טאג האט דיך געמאכט פארגעסען ווענען וואס דו האסט ביי נאכט געשווארען.

אויך אויף דיינע פיס האב איך דיך שוין געזעהן קריכען, אזוי ווי א ווארעם פאר דיין שכן. אפילו דאמאלס ווען ער האט זיך שוין גאר נישט געמאכט פון דיר, ווען ער האט געהאסט דו זאלסט שטעהן לעבען איהם, און דו ביזט געקראכען פאר זיינע חסרונות וואס האבען דיך גערדריקט, און דו האסט געלעקט די טריט אויף וועלכע ער האט דיך ארויפגעווארפען. אבער קיינמאל ביזט דו נישט גע־קומען צו מיר. אבער קיינמאל האסט דו זיך נישט געקענט אוועק־רייסען, אזוי ווי זיי האבען דיך געטריבען. און איך, דיין חבר, האב

געווארט אויף דיר אין די איינזאמקייט. איך האב דיר געוואלט אפּגע־בען דאס וואס דו האסט פארלוירען, נאך פיל, פיל בעסערס. ווען די שטערען זיינען אויפגעקומען, האב איך דיך ערוואַרטעט, און ווען דער פרימארגען איז אנגעקומען האב איך אויף דיר אויסגע־קוקט. אבער קלאר איז געווען די ווייטקייט וואס מיין אויג האט געקענט דערגרייכען. קיין פינטאלע פון א מענש האט זיך ניט באַ־וויזען, אין מיר, אין מיין שטילקייט האב איך א סך מאל געגלויבט אז דו וועסט נישט קומען צו מיר. עס האט אויסגעקוקט, אז איך האב דיך שוין פארגעסען צוליב דיין לאנגען אבוועזענד זיין, צוליב דיין קיינמאל נישט קומען. אבער שטענדיג, ווען איך האב דערזעהן דיין קרומען שמייכעל אויף די ליפען, דאס פנים וואס האט זיך אויסגעקרומט ביי דיר פון דיין שכן׳ס טשעפען, האב איך געוואוסט אז דו וועסט קומען, דו וועסט קומען צוליב אנגסט. דו וועסט קומען צוליב אפּגענארעריי. דו וועסט קומען צו מיר צוליב פארצווייפ־לונג. אבער קומען צו מיר וועסט דו, און איך וועל דיך ארומנעמען מיט מיינע הענט און איך וועל דיך פארוויגען אין די איינזאמקייט. און איך וועל דיר עפּעס דערצעהלען וואס וועט דיר אויסהיילען דיינע וואונדען און עס וועט דיך לאסטשען.

און אויסשטרעקען וועל איך מיין האנט און אזוי זאגען: ווער עס האט געלאכט פון דיר, איז פארגליווערט געווען, און ווער עס האט דעם פיין באשאפען, איז אומגליקליך. אומגליק ווערט געשאַ־פען פון אומגליקליכע, און געלעכטער ווערט געשאפען פון אפּלאַ־בענדע. און זיי וועלען קומען צו מיר, אלע וועלען זיי קומען צו מיר, צו די איינזאמקייט. דערפאר וועל איך זיי נישט פאראכטען, ווייל איך וועל זיי דארפען ליב האבען.

און ווייטער זאלסט דו אזוי זאגען צו דיין תלמיד:

א פרעמדער איז ער געווען צו דיר און ער האט פון דיר אפּגע־לאכט, ווייל דו ביסט געקומען צו איהם. אַה וויפיל חוצפה, וויפיל חוצפה, צו דיר אז אומבעקאנטען, צו דיר, א פארמאכטער פאר איהם, די בלעטער פון וועהמוט אויפצודעקען, און צו געפינען דארט אוצרות פון וויסען. און ער האט עס אפּגעשטופּט מיט אן אפּשטויס

ווי פון עפּעם גרעסערעס. ער וואָס האָט דיך אין שאָטען געזעהן, האָט אפילו נים געקענט אָפּשאַצען דעם ווערט פון אַ מענשען.

נישט אויפקלערען קענסט דו אַזעלכע, נישט שעהן מאַכען קענסט דו זיי מיט דיינע געדאַנקען. נאָר שטופען זיי צו דער פאַרגעסענהייט דאַרפסט דו, דאָרט וואו די פאַרגעסענהייט שלעפט מיט דאָס מיאוסע און לאָזט איבער געשיכטע. און געה אַרויס פון זייערע ווינקלען, אַזוי ווי דו קלייבסט זיך אַרויס פון אַן אָרט וואו עס רוהט דער שטן פון אַ מגפה. טראָג זיך אַוועק פון די דאָזיגע און פון אַלערליי סאָרטען וואָס שלעפען זיך נאָך נאָך דיר, וואָס שלעפען דיך אַראָפּ צום גרונד, און קום צו מיר, צו די איינזאַמ־קייט, איך וואַרט פאַר דיר. דאָרט וועל איך צוזאַמענגעמען מיינע רויזען, און איך וועל דיך אַרומהילען אַלס דעם נייעם מענשען, און דו וועסט וועקען די הערצער פון אַנדערע. איך זאָג אַרויס דיין נאָמען פון די ליפּען פול מיט ליבע, אין מיין שטילע איינזאַמקייט אַריין, ווייל איך ווייס, אַז דו וועסט קומען צו מיר. איך ווייס שוין ווי עס ציהט דיך צו מיר.

אַמאָל וועסט דו זיך געזעגענען מיט דיינע נאָענטע, נישט זע־הענדיג זיי און אַוועקגעהן, און קומען צו מיר, איך ווייס עס. און דערפאַר געה איך אַרום אין מיין איינזאַמקייט און גרייט זיך פאַר אַ יום טוב. איך האָב שוין מיין לייב אויסגעוואַשען און מיין פּנים איז שוין פריש מיט די בענקשאַפט צו אַ נייעם.

אַלע טאָג שפּיל איך זיך מיט די זון. איך בין פרעהליך, ווייל איך ווייס אַז דו וועסט קומען צו מיר. און ביינאַכט, ביי דעם שיין פון די לבנה גרייט איך אַ געלעגער פאַר דיר.

אַזוי רעד איך צו מיין צוהערער.

---

## דער אינהאַלט פון איינציגען

געהענדיג אַזוי אין גאָרטען, איז ער מיד געוואָרען, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען. אָבער נאָך אַלץ האָט ער געהאַלטען אין רעדען צו די צוהערער פון זיינע ווערטער אַזוי:

דו זעהסט דארט אויפוואקסען דעם בוים וואס איך פאר־פלאנץ? אט דאס גיב איך א נאמען די געזונטע מענשהייט. און די צווייגען וואס וועלען וואקסען אויף דעם בוים וועלען הייסען די גרויסע איינציגע. איך רוק זיך צו דעם גרוב, וואו איך פארזעץ דעם ווארצעל. און איך טולע זיך צו צו די ערד, אפילו ווען זי איז מיאוס, און מאכט שמוציג מיין פנים. מיינע האר זיינען אין בלאטע פארשמוצט און מיינע הענט זיינען שוין מיד, אבער נישט אפ־שטעהן וועל איך. איך וועל פארזייען די קערנער פון דעם גרויסען בוים, דעם בוים פון די גרויסע איינציגע. ער וועט צואווינקען צו די אפגעשטאנענע, און אלע וועלען צוקומען אויף איהם ארויפצו־קוקען. און פול מיט ווילען וועלען זייערע הערצער פליסען אויך צו זיין אין די משפחה פון די צווייגען די גרויסע איינציגע.

אויסשרייען וועל איך צו די מענשען: דא האב איך פארזיים דעם אינהאלט. קומט אהער, און מאכט א היילגטום פון דעם פלאץ. אין אייערע נויטען און אין אייערע צווייפלען זאלט איהר ציען אהער. און פון אייער אפגרונד וועט איהר זיך ראטעווען, קלעטער־רענדיג פון דעם ארט. אט דער בוים שטעלט מיט זיך פאר דעם גרויסען איינציגען, וואס איך ברענג פאר אייך.

און אזוי וועט ער רעדען, דער גרויסער איינציגער:

פארבענקט זאל ווערען דאס הארץ נאך מיר; פארטראכט זאל ווערען דער מוח נאך מיר. אין דער פינסטער פון מענשליכער דומהייט וועל איך קומען, און וועל ליכטיג מאכען. אין די מאסע וועל איך אריינקומען, און וועל זי עלענד מאכען. איך וועל ארײנ־קומען צו דעם מענשען וואס איז שוין א נישט געווארען, און וועל איהם זיין פארלאשען פייער ווידער אנצינדען. און דארט, וואו עס איז אין גאנצען ניט געווען קיין פייער, וועל איך עס אנצינדען.

קום מיר אקעגען, דו מענש. איך בין דיין רעטונג. נאך מיר בענקסט דו אין דיין אומצופרידענעם לעבען וואס דו רופסט אן חלום ביים ענד פון אויסגאנג.

וואו איך וועל זיין וועט קיין חלום ניט זיין. אך דו, אומגע־ווינשענער, הער זיך צו צו מיר. זוך מיך אוים און לערען זיך. איך בין אלע מאל אמת און שטארק. טראג אוועק דיינע גייסטיגע גלוי־

כונגען צו דער קלויסטער פרוי, ווייל דו דערמאנסט מיר אין די קארעלען וואס זי טראגט.

איך בין גרינג. אויף מיר הענגט נאך גארנישט. ווייל איך בין נײ און טראג דעם וואס איך בין דיין גרעסטע מאכט, קענסט דו מיך נאר גרינגערהייט טראגען. בין איך דיר שווער געווארען, ביזט דו קליין געווארען, און נישט אויף דיר וועל איך וועלען רוען מיט מיין גרינגקייט, ווייל פון מיר געניסען נאר די קלוגע.

ציינד זיך אן, דו הימעל מיט יענע קאלירען וואס וועקען דעם מענשען, וואס צווינגען איהם קלוגשאפט צו זוכען, און וואס מאַכען איהם טרוימענד. און דערמאן איהם אין די באגערען וואס לייטען זיך צום לעבען אין יעדען מענשליכען גוף און ווערען דער־שטיקט אין איהם. דערמאן איהם אן די מענשען וואס זיינען גע־שטארבען מיט דורות צוריק, מיט פיין אין זייערע אויגען און מיט וואונדערליכע באגערען, וואס זיינען פארשניטען געווארען פון די האנט פון נאענטען, פון די האנט פון פריינד, וואס איז באמת א פיינד געווען. זאל דער מענש פארשטעהן דעם פארלוסט וואס ער האט, אויב ער באשטעהט נישט אויף דאס זייניגע, אויף דעם וואס ער האט ליב און עס איז דאס גוטע. נישט צוליב טאן זאל ער, נאר ליב האבען. נישט אויסלאכען זאל ער לאזען זיינע וואונשען פון די נידעריגע, און בענקען זאל ער נאך דעם גרויסען בוים וואס איך פארפלאנץ דא.

נא, מיין תלמיד! אין דיינע הענט גיב איך דיר די בלומען וואס איך האב אויסגעקליבען אין דעם גארטען פון מיינע טרוימען. און געה מיט זיי אוועק אויף די וועגען וואו זיי געפינען זיך, דארט וואו זיי פויזען און דארט וואו זיי לעבען. איין בלום האסט דו דארט אין דעם בונד בלומען וואס הייסט דאס ווייטע גליק. דאס שענק איך דיר, כדי דו זאלסט אנרירען יעדען איינעם וואס דו וועסט באגעגענען אויף דיין וועג. און ווייזען זאלסט דו זי צו איהם, כדי ער זאל זיך גוט ארײנקוקען אין איהר. זאג זיי: די בלומען זיינען פון ליידענע, די בלומען זיינען פון זיין גארטען — די בעסטע פון זיינע טרוימען.

דארט וואו דו וועסט געהן איבער דעם וועג זוכען דעם צוהע־

רענדען, וועסט דו באגעגענען דעם טאל פון חורבות, דער גרוב וואו אלע זיינען נידעריגער פון די ערד און וואו אלע שרעקען זיך פאר א שלאנג וואס פויזעט אויפ׳ן בויך. גארנישט וועסט דו הערען. מורא האבען זיי צו שרייען, די דארטיגע. און אזוי ווי טויט קוקען זיי אויס, ווייל מען הערט נישט זייערע געשרייען. און זייערע בליקען זיינען שטאר. דארט זאלסט דו זיך אוועקשטעלען און דו זאלסט אויסשרייען מיט דיין קול:

גייסט! ערוועק זיך ביי די מענשען און הויב זיי אויף פון זייער גרוב! הערט, הערט, איהר באגראבענע, איך, ליידענ׳ס תלמיד, רוף אייך.

און דו זאלסט נעמען די בלומען און דו זאלסט א שאט געבען ארונטער אין טאל אריין, און מיט די בלום — דאס ווייטע גליק זאלסט דו זיי אנהויבען ארויספירען פון דארט. אנהויבען וועט ער זיך צו רירען דער גרוב, ווייל נאך נישט טויט איז ער אין אמת׳ן. אין אמת׳ן בענקט ער נאך דעם גרויסען גייסט, און ווען ער וועט קומען, וועט ער זיך טולען צו איהם. הענט וועלען זיך אויפהייבען פון דעם טאל. שרעקליכע הענט וועלען דאס זיין. הענט, וואס זיינען צייכענטס פון אונטערטעניגקייט און מורא.

און דו זאלסט זיך אוועקשטעלען לעבען זיי און דו זאלסט ווייזען מיט די האנט צום ווייטען האריזאנט, פון וואנען דאס גרויסע וועט קומען. און דו זאלסט זיי אזוי לערנען:

קוקט אהין, דארט שטעהט דער בוים. דער גרויסער איינציגער רופט מען איהם. זיינע צווייגען זיינען באגולט פון דער זון, און קיינמאל וועלקט נישט קיין צווייג אויף איהם. פאר דעם רויבפויגעל איז ער העכער, פאר דעם בליץ איז ער שטארקער, און צו די מורא שמייכעלט ער.

דאס איז ער דער מענש. דערקענט איהם, ווייל אין איהם רוהט אייער נאענטקייט, נאר ער האט זיך אפגעריסען און ווארט. אין איהם רוען אייערע לייעדנשאפטען. נאר ער האט זיך אפגעריסען און ווארט. אליין איז ער אבער. ער בענקט נאך זיין חבר, אויך דעם גרויסען אינדיווידואום. געהט איהם אקעגען. לעבען איהם וועט

איהר זיך שפילען און גרויס זיין. לעבען איהם וועט איהר גרויס זיין און געשאנעוועט ווערען. אזוי זאלסט דו רעדען צו די פון טאל.

און נישט פארדריסען און נישט מיד מאכען זאל עס דיך, אז דו וועסט באגעגענען אין זיי די הארטקייט פון שטיין. דערמאן זיך אז סקולפטאר וואס האקט אויס פון שטיין קונסט, און גיט עס אריין א נשמה. דערפאר ווייל ער איז דער ברענגער פון דער נשמה. אבער פון די מענשען וויל איך דו זאלסט אויסהאקען אי־בער די קונסט. ביי זיי וועסט דו מיט א כשופ'דיגע בארירונג פון דיין נשמה אויסהאקען זייער נשמה. נישט דער סקולפטאר פון שטיין זאלסט דו זיין, ווען דו וועסט זיך צורירען צו די מענשען, ווייל געדענק: איך האב פיינט די וואס ווערען אויסגעהאקט פון אנדערע, מעגען זיי אפילו שיינען מיט'ן הימעלס קאלירען. נאר זייער הארטקייט איז מיין משל פון סקולפטאר מיט'ן שטיין. אבער צו זייער אומאויסגעפרובירטען און נידעריג־געזונקענעם איך זאלסט דו זיך אנדערש באגעהן.

---

## דאס געשמאק פון שעהנקייט

און איך האב אייך געהערט שוין צופיל רעדען וועגען אייער געשמאק פון שעהנקייט, און איך האב געלאכט זאגענדיג צו מיר אליין:

זיי האבען פארגעסען זייערע אויפטואכצען א נאמען צו גע־בען, און זיי פארשטעלען זיי מיט די איינרערעדעניש פון שעהנקייט. פון דעם דורכאויס צופוילטעס אייגענטום זיינען זיי בלינד געווא־רען און זעהן נישט דאס חלאת וואס פלאגט זיי. אנשטאט דעם האבען זיי עס נאך א נאמען געגעבען זייער געשמאק פון שעהנקייט.

וואס זיינען זייערע שעהנקייטען? וואס איז אין אמת'ן זייער געשמאק? עס איז די צופאסונג צו זייערע אינסטינקטען, צו זייערע לייערנשאפטליכע באגערען. דאס געפעלען רופען זיי די שעהנקייט. אבער קיינמאל האבען זיי זיך נאך נישט געפרעגט: צי דאס גע פעלען איז א פארברעכען? צי איז דאס געפעלען א בארעכטיגונג?

דער געשמאק פון ריכטיגע שעהנקייט איז ביי זיי צו געפעלען דעם שכל פון די, וועמען זיי ווילען געפעלען מיט זייער טאט.

אבער קיינמאל האבען זיי זיך נישט געפרעגט: צי איז די פארשטעלונג פאר די נארען? צי איז דאס איינשטימיגע געפעלען צום שכל א בארעכטיגונג פאר די זאך וואס ווערט געטאן, אז זי איז שוין אזוי, און אזוי דארף עס זיין? נישט דאס האבען זיי גע־זוכט, די ליבהאבער פון זייער שעהנקייט.

די ליבהאבער פון זייער שעהנקייט, האבען זיי דען געקענט עס זאגען אפען פאר דעם מענשען?

מיין שעהנקייט לאסטשעט יעדען. מיין שעהנקייט איז דער אמת מיט וואס איך בין שטאלץ. נישט אזוי איז דאס געווען.

זייער שעהנקייט האט אן אנדערען ווען געטאן. זייער שעהנ־קייט איז אין אמת'ן געווען דער סם פאר אנדערע. זיי האבען גע בראכט קרבנות צו איהר, נישט פון זייערע רייען, נאר פון אנדערע. זייער שעהנקייט איז געווען אזויפיל ווערט אלס סם פאר זייערע שונאים.

איך האב געזעהן צווישען אייך דעם וואס האט געהאלטען אין איין רעדען וועגען שעהנקייטען, וועגען טון זאכען, וועגען ווי־סען ווי צו לעבען און וועגען נאך א סך זאכען. אבער זיינע רע־דערייען האבען געעקעלט, און דאך זיינען זיי געפעלען געווארען א סך, און זיי האבען זיך נאך פארטרוימט איבער זיינע רייד. דאס זיינען געווען דאס ניט־קאמפענדע און ליידענשאפטליכע באגערען און דער דרעמלענדער שכל, וואס האט זיך פארטשעפעט אין יע־נעמס וואונשען, נישט זייענדיג פעיג צו אורטיילען צי עס איז גוט אזוי.

און דאס זיינען צום מעהרסטען טייל די וואס ריהמען זיך מיט זייער געשמאק. איך האב געזעהן די הארטע באנעמונג, דאס זארט רעדען צום צווייטען — דאס האבען זיי אויך אויסגעקליבען פאר זייער שעהנקייט, דאס האלטען זיי פאר זייער אייגענס, פאר דאס וואס זיי ווילען נישט נאכלאזען. און מיט א בייזען געלעכטער האב איך פון זיי געלאכט אין זיך.

אפגעעקעלט האבען מיך זייערע שעהנקייטען און איך האב

אויסגעשריען צו זיך: הלואי זאָלט איהר פאַר'מיאוס'ט ווערען איי־
נער צום צווייטען איידער זיך אזוי צו באַהאַנדלען, איידער זיך
אזוי אָפּצונאַרען. אבער נישט מיך הערען זיי.

זיי האָבען בעסער ליב צוצוהערען זיך צום קלאַנג פון די באַ־
ליידיגונגען און די פאַלשקייט, איידער צום רוף וואָס וואַכט זיי אויף
אקעגען דאָס וואָס געפינט זיך אין זיי און ווערט פאַראַכטעט פון
די עולות־זוכער, פון מיר זייער עולות־זוכער.

איבער די הויכקייטען פון אייערע טעמפּלען פון די אָפּגעטער
צו וועלכע איהר האָט ליבע. אין די היימען וואו איהר געפינט זיך
און אין אייערע נעסטען וואָס זיינען פאַראומרייניגט געוואָרען נאָך
איידער די ריינקייט פון דעם נייעם מענשענס נשמה האָט געדאַרפט
געבוירען ווערען. דורך די לופט וואו עס טראָגען זיך די געשרייען
פון די צוטראַטענע און דער פאַרוואורף פון די פאַרצווייפעלטע.
אין די לעכער וואו אייערע נשמות ווערען פאַרמאַטערט און איבער־
געלאָזען צו גסיסה. דאָרט וואו עס הויכט אוים דער גרויסער מענש
זיין נשמה, באַליידיגט און פאַרשמוצט צושיידענדיג זיך מיט זיינע
אידעאַלען. דאָרט וואו עס רוען אייערע אומריינקייט און ניש־
טיגקייט, אייערע פאַלשע לאַכעדיגקייט ווי אויף אַ זויבער, זיכער
בעט. אָרום באַזעצט מיט אייך, און מיינענדיג אז קיינמאָל וועט
שוין אַנדערש ניט זיין, אז דאָס איז די שעהנקייט וואָס דאַרף גע־
ליבט ווערען און גערעספּעקטירט ווערען. אהין, דאָרט קום איך און
זאָג:

איך לאַד פון אַלעמען און פון יעדען איינעם באַזונדער. איך
לאַד פון אַלעמען און פון יעדען איינעם באַזונדער, און מיט מיין
וואָרט וועל איך אייך אומרואיג מאַכען, און מיט מיין מאַכט וועל
איך אייך טרייבען דאָרט, וואו איך וועל וועלען.

אומרואיג וועט איהר ווערען, איהר פאַראַכטעטע און בלינדע.
וועט איהר וועלען געהן אויף דעם וועג וואָס איך וויין אייך, וועט
איהר לעבען בלייבען. און אויב נישט — וועט איהר אונטערגעהן.

---

# די קנאה

ווי איך בין געקומען צווישען אייך, האָב איך מיין קאָפּ אַראָפּ־

געלאזען, מיינע אויגען האבען נישט געוואלט זעהן דאס וואס מען האט געקענט אין אייך דערקענען: די צייכענס פון שענדער און פארגוואלטער.

אין די זעלבע צייט וואס איך האב געפיהלט אין אייך דאס בעטען זיך צו גליק, האט איהר געהאט די צייכענס פון בייזקייט און נישט־פארגינעדיגקייט צום גליק. אין די זעלבע צייט, ווען אייערע כוחות זיינען אהן רוה געלעגען אין פיינס אנמאכט, מיט דעם פארלאנג אין די ליפען אז עס זאל אנדערש זיין, אז איהר זאלט כוחות האבען, האט איהר נישט פארפעלט מיר צו מאכען די כוחות וואס אנדערע האבען נאך פארמאגט. אזוי ווי אן אומזעהבארע שלאנג איז זי געקראכען צו אייך פון איינעם צום צווייטען, און איז זיין בוזים זיך באהאלטען, און זיין האלז ארומגעוויקעלט, די קנאה. מיט דעם ברויט אין אייערע ציין האט זי ארויסגעקוקט פון אייערע אויגען. מיט דעם שמייכעל אויף דיין פנים האסט דו אפגענארט דיין פריינד — די נישט פארגינעדיגקייט.

דו האסט פארשוועכט דאס הייליגסטע פון דיין ברודער, און דו האסט צובראכען זיינע באגעהרען — די נישט פארגינעדיגקייט.

דו האסט דיין זון מיט שפאט פאראכטעט, מיט שפאט וואס ער האט נישט פארדינט. דאס איז געווען די קנאה צו דאס אינדיווידועלע וואס האט אנגעהויבען זיך פאנאנדערוואקסען אין איהם.

און אראפגעלאזט האב איך מיין קאפ, ווען איך האב אין דיין פנים אריינגעקוקט, ווייל איך האב דערקענט דארט דעם צייכען פון שענדער, פון פארשוועכער און אויך דעם צייכען פון דעם בעטענדען. דו ביזט מיר געווארען אפשייליך מיט אזא פנים. אט דערפאר האב איך אפגעקערט פון דיר דעם קאפ, און אוועקגעגאנגען בין איך טראכטען פון דיר, די ווילדע פרה וואס דו וואקסט אויף דעם מענשענס בוים. אין דיין קרייז האט עס מיך געצויגען, און פון דיר מוז איך אוועקגעהן. איבערמאכען וויל איך דיך אפשייליך ביזט דו מיר.

דו, קאמבינאציע פון אלע קאמבינאציעס, דו פאיאץ פון אלע פאיאצען.

אין די נאכט ווען איך טרוים, פארגעס איך דיך. אבער דו קומסט מיר אלע מאל אקעגען, און רייסט מיינע טרוימען איבער.

איך בין דאס רעטעניש, זאגסט דו, לעז מיך. און איך קוק דיר אין פנים אריין און זאג: דו ביזט דער גארנישט, נישט דאס רעטעניש. דער גארנישט אין א גוף. דערפאר האסט דו די פריי־ווילעגיע פאראכטעט צו ווערען. אזוי זאג איך, און דו שטעהסט פאר מיר אין די נאכט אזוי ווי די פינסטערניש, און דו צוגיסט זיך אין איהר, און דו וועבסט זיך אין איהר, און דו שטעלסט זיך אויף אין פארשידענע פארמען אזוי ווי א פאקוסניק, און אמאל אזוי ווי א בר־מנן.

און דעם צייכען דערקען איך אלע מאל אין דיר. דער צייכען וואס איז ביי דיר דער ערשטער צו דערקענען; די נישט־פאר־גינגעדינקייט, די קנאה. אין די לערע ווינטען קומסט דו צו מיר אקעגען. אין זייער שוים ביסט דו באהאלטען. אין זייער שפראך ערהויבסט דו זיך פאר מיר אין דיין מענשליכען גרוים, און אין זייער שפראך צופאלסט דו אין זייער לערקייט אזוי ווי דאס אינ־האלטסלאזע.

דו, אנגעפאנגען אומפארענדיגט שטיק, ווער האט דען אזוי־פיל דיך ערנידעריגט, ווי דו אליין צוליב די קנאה? ווער האט געזעהן אין דיר די נישט־פארגינענדיגקייט, אויב נישט דו אליין? צו־ליב די קנאה ביזט דו קיינמאל נישט געשטיגען העכער, צוליב איהר האסט דו נאר געוואלט יענעם ארונטערנידעריגען, ארונטערשטופען, כדי דו זאלסט קענען דערפרעהען דיין הארץ וואס האט געהאט פאר דעם חבר די קנאה. דו ביזט אליין א שטערונג פאר זיך אליין, ווייל יענעמס ארונטערשטופען האט דיך צופרידען געמאכט מיט דעם ארט וואו דו שטעהסט מיט דיין קלייניקייט. און נאך מעהר, דו האסט עס נאך געהאלטען ווי אן אבן טוב, ווייל קיין בע־סערס האט נישט געגלאנצט.

דו האסט געקענט פארטראגען די גרויסקייט וואס דו האסט געהערט פון א פרעמדען.

טראץ אז די קנאה האסט דו אויך אויף איהם נישט געקוקט, נאר אויב עס איז נישט געווען די קנאה, איז געווען אויף

איהר אַרט די אונטערטעניגקייט, די פאַרעהרונג וואָס מען פיהלט צו איינעם וואָס פאַרמאָגט באַריהמטקייט, די פאַרעהרונג וואָס דו האָסט געהאַט צו איהם, נישט פאַר דעם שאַץ אין זיין איך, נאָר צו זיין פרעמדקייט, צו זיין אָפּגעזונדערטקייט פון דיר.

נישט בייזערן וואָלסט דו זיך אויף אַזאַ איינעם פאַר זיין עולה, אָבער דאָרט וואו די פרעמדקייט און די אָפּגעזונדערטקייט שטעהט נישט פאַר דיר, לאַכסט דו מיט קנאה אין דיינע אויגען אין יענעמס האַרץ אַריין, און דיינע פיילען שיקסט דו זיי זאָלען איהם וועה טאָן. דאָס איז פאַר דעם נאָענטען, פאַר דיין פריינד, דיין שכן וואָס דו קענסט, מיט דעם וואָס דו לעבסט צוזאַמען און פאַרברענגסט אין געלעכטער. נאָר צו איהם ווערסט דו די קנאה נישט דערשטיקען, נאָר צו איהם ווערסט דו די קנאה נישט פאַר־טוישען. אַפּען פאַרגינסט דו איהם נישט זיין העכערקייט פון זיך. אָפּען פאַרגינסט דו איהם נישט זיין פאַרמעגען, זיין נשמה יתרה. אַזוי ווי די קרעציגקייט אויף דעם געזונטען, אַזוי ביזט דו פאַר דיין נאָענטען מיט די קנאה. דו ביזט פאַר איהם די פאַרביטערונג און די פאַראומערונג, ווייל ער פאַרמאָגט אַזוינס, צו וואָס דו פיהלסט די קנאה. און ער און דו לעבען זיך אַזוי ווי פריינד, אַזוי ווי נאָ־ענטע.

אפילו דיין עצה טראָגט די סמנים פון קנאה. דיין עצה וואָלט געוועזען אַן אַנדערע, ווען דו וואָלסט די קנאה נישט געהאַט צו דעם וואָס דו ניסט זי. נאָר זי איז פאַרשלייערט. זי איז באַהאַלטען אונטער די הויט פון דיין פנים און אין די שפּאַלטען פון דיינע גע־דאַנקען.

מאַנכעס מאָל ווייל איך דיך אַרומנעמען, דו מענש, מיין ברו־דער, ווייל איך פיהל, אַז איך בין דיין נאָענטער. נאָר איך שפּרינג אָפּ פון דיר אַזוי ווי פון אַן אַנשטעקענדיגען קראַנקען. באַהאַלטען ביסט דו, באַהאַלטען, דורך און דורך באַהאַלטען, און אַ סך מאָל שרייסט דו מוטיג אויס:

ווער קען מיך דערקענען? איך בין נישט דאָס. איך בין נישט דער און דער.

אָבער גע הקוק אַריין אין מענשען׳ס פנים אַריין. זעה די

גרויליקייטען וואס ער באגעהט ווען ער האט די מעגליכקייט דערצו.
און דו וועסט אויך דערקענען אין זיי דיינע צייכענס, סמנים וואס פיהרען צו דיין כאראקטער, סמנים וואס זיינען בלוט פון דיינע אינסטינקטען און צייכענס פון דיינע גדאנקען, דו באהאלטענער.

דו מיינסט, אז דו ביזט באהאלטען, קען דיך קיינער נישט דער־זעהן? דאס קלוגע אויג קען רואיג זעהן די נארע וואו דו באהאלסט זיך, און דער קלוגער גדאנק קען דיך אויך פארפאלגען. ארויס־רייסען וועט מען דיך פון דיין באהעלטעניש, און צוזאמען מיט אנ־דערע דיינע ליבליכקייטען וועט מען אויך ארויסרייסען די קנאה.
כעסער א ליידיגע כלה זאלסט דו זיין, איידער צו פארמאגען דאס וואס איך פאראכט.

געלויערט האב איך אלע מיינע יאהרען און יעצט בין איך ארויסגעקומען דיך צו פארפאלגען, אזוי רעד איך. ווי קען מען דיך לאזען דאס ריינע, אינטימע אומצוברעננגען און דאס ברידערליכע צוליב קנאה, רוי און גראב און אומצוטרויליך לאזען? דו לאזט נישט אויפהייבען דאס וואס דארף זיך אויפהייבען, און דאס וואס דארף בליהען מיט א געזונטען לעבען. דעם יונגסטען שניידסט דו אונטער דאס לעבען. דאס שעהנסטע ערוועקט אין דיר נאך מעהר דיין קנאה. ביי דאס ערהויבענע פיהלסט דו זיך קליין, און אזוי ווי איינשלינגען ווילסט דו יעדע זאך וואס פארשפרייט זיך צום פרייען לעבען און גוטען זין.

און איך האב דאס אלעס געזעהן און איך בין ארויסגעקומען פאר די מענשען זיי צו זאגען, זיי צו ווארנען.

מיין תפילה שיק איך צו זיי אויפצוהערען צו מאטערען איינער דעם צווייטען. מיין תפילה וואס איך שיק זיי דורך מיין נארן זיי פון זייער נידעריגער קליינקייט אויפצוהייבען און צו ערהויבען צו די גרויסקייט. פון זייער אומריינקייט זיי אויסצורייניגען און די טרערען פון זייערע אויגען אפצוואווישען.

מיד איז ער שוין געווארען, יעדערער. ער קען שוין מעהר נישט אויסהאלטען. זעהט עס, זעהט עס, הויבט אויף אייערע מיט בלוט פארלאפענע אויגען. דערקענסט דו שוין נישט דיין ברודער? זיך אליין נישט?

אויסגעמאַטערט און פאַר׳מיאוס׳ט פון זיין לעבען, שלעפּט ער זיך נאָך, נאָך די לאַסט וואָס דו העננסט איהם אַלע מאָל אָן דורך דיין קנאה.

דיין צונג קען נישט אַרויסרעדען דאָס וואַרימע וואָרט. דיינע אויגען קוקען נישט מיט דעם גוטען ווילען. וועך האָט חוזק גע־מאַכט אַזויפיל פון דיר, ווי דו אַליין? דו וועקסט דיין נשמה אין דעם ווייראָך פון אָפּנאַרונג, ווען דו דאַרפסט אַקעגען קומען דעם מענשען. אַזוי ווי דער גייסטליכער טוט זיך אָן דעם מאַנטעל ביי נאָט־דינסט, אַזוי טוסט דו זיך אָן מיט די קנאה.

און אַוועקגעשטעלט האָסט דו זיך פאַר מיר און אויף אַלע מיינע ווערטער האָסט דו אַזוי געענטפערט:

די קנאה איז דאָס מיטעל מעהר צו וועלען און במילא קומט שוין דערפון אַרוים העכער צו שטייגען. די נישט־פאַרגינענדיגקייט איז אַ סך מאָל דאָס מיטעל אַליין צו באַזיצען די זאַך, צו מאַכען די נאַרנישט האַבענדע פאַר פאַרמעגליכע פון דעם וואָס זיי פאַר־גינען נישט ביי אַנדערע. די וואָס פאַרמאָגען זאָל די קנאה נישט לאָזען אַוועקנעמען וואָס זיי האָבען. און די וואָס זיי האָבען נאָר־נישט זאָלען דורך די קנאה קריגען. און דערפאַר האַלטען מיר פאַר אייך די קנאה און פאַרטיידיגען זי. און טראָצדעם וואָס זי איז מערסטען טייל באַהאַלטען אַזוי ווי זי וואָלט זיך געשעמט, איז זי אָבער גערעכט.

און איך האָב געהערט דיין ענטפער און איך זאָג אַזוי צו דיר:

אָרימער ווערסט דו צוליב די קנאה, נישט רייכער. נישט דער באַשיצער ווערסט דו מיט דעם וואָס דיר געפעלט ביי יענעם, נאָר דער צושטערער.

קענסט דו דען לעבען מיט עפּעס אַנדערש, ווען דו ביזט באַ־איינפלוסט פון דער קנאה? אַזוי ווי אַ וואָרים עסט דאָס דיך, און די פרישקייט פון לעבען האָט אויף דיר קיין שליטה נישט. די נייהייטען פון דאָס גוטע דערקענסט דו נישט, ווייל מיך ביסט דו אונטער די קנאה פאַר אַנדערע זאַכען. און אַהן פרייד איז דיין פּנים, נאָר

מיט דעם אויסדרוק פון קנאה קוקסט דו. איך קען דאס דערקענען אן דיינע אויגען, ווען דו עסט אפילו דיין ברויט.

ווער האט דען אזויפיל פארלארען ווי דו, וואס טראגסט די קנאה? ווער איז נאך אזא געפאר ווי דו, וואס טראגסט איהר?

אין די טיפענישען פון דיין נשמה האב איך דיך געזעהן מיט נחת שמייכלען פאר דעם וואס דו האסט באזיגט, אדער פון דעם וואס איז אליין נעשטרויכעלט געווארען מיט זיין פארמעגען, צו וואס דו האסט געהאט די קנאה.

דו האסט קיינמאל נישט באדויערט. צי האסט דו דען אויפ־געהויבען דאס וואס איז געלעגען טיף אין בלאטע און מעהר ווערט געהאט פון דיין אייגענס? האסט דו דען ליב געהאט דאס וואס הא טדיך דערמאנט אן זעלבסט־פאראכטונג?

ארויסגעוואקסען זיינען פון דיר דערנער פאר דיין שכן. א שטערונג ביסט דו געווען, אבער קיינמאל נישט קיין ערלייכטערונג. דעם זוכער צו פאראומרייניגען, קיינמאל נישט צו פארשעהנערען. אט דאס ביסט דו.

ביי די אומשולדיגקייט פון מענשענס לאכען האב איך דיך געזעהן. ביי זיין פרייד האסט דו זיך צוגעשארט אזוי ווי א גנב. אויף זיין וועג האסט דו געזוכט אזוי ווי א שפיאן, און זיין פריינד־שאפט האסט דו איהם פאראטען, דו בעל־מקנה.

נישט א סך אומרייניגע זיינען דא אזוי ווי דו. פאראכט דארפסט דו ווערען פון די אמת ליבענדע. דו פאראומרייניגסט איידער דער אמת־ליבענדער געפינט דיך, ווייל דו ביזט א באהאל־טענער. גראד וואו מען פיהלט דיך, ביסט דו אויך דער פארמאכ־טער. דארט וואו מען דערזעהט דיך שוין איז מען מעהרסטען טייל אומשעדליך פאר דיר.

אבער דאך וועסט דו פארטריבען ווערען, דו טרעגער פון דער קנאה, דו וועסט ארויסגעווארפען ווערען אלס דער אפפאל פון דעם אלטען מענשען פאר דעם פלאץ פון א נייעם, מיט גייע טראגעדיג־קייטען.

# דער אונטערשיעד

ברודער מיינער! פארוואס, אזוי וויל איך דיך פרעגן, ווען איך טראכט פון דיר, אז דו ביזט מיט בלוט און פלייש אזוי ווי איך. אבער ווען איך דערמאן זיך וואס דו טוסט, שטופ איך דיך אפ פון זיך. איך פיהל זיך ערנידעריגט פארוואס איך לאז דיך רופען מענש. איבעראל האב איך דיר געדארפט נאכגעהן און שלאגען דיר און שלאגען דיך, און קיין רוה דיר נישט לאזען, פאר מיין נאמען וואס דו האסט ערנידעריגט באשפינען איבערנעמענדיג איהם פאר זיך.

ווי קען איך מענש אויף זיך זאגען, אז דו שטעהסט אקעגען מיר אויך מיט דעם זעלבען נאמען? ווי קען איך פון מיינע היי־לינקייטען רעדען אין דיין אנוועזענהייט?

איך בין באליידיגט, שרעקליך באליידיגט, אפילו ווען דו זאגסט גארנישט, ביי דיין אנוועזענהייט און אויך ביי דיין אפוועזענהייט, ווייל עס קרענקט מיך. דאס פייער פון יסורים וואס דו פארשפרייטסט, אפילו איך זע דיך נישט פיל איך. דעם גערוך פון דיר שפיר איך, אפילו איך בין טויזענטער מייל ווייט פון דיר.

אה, ווי איך האב געזעהן וואס דו האסט אומגעבראכט, פאר־ניכטעט צוליב דעם צוועק פון משוגענעם, ליידענשאפטליכען ווילען וואס איז ביי דיר געווען קלאר אזוי ווי אן אמת, ווען דו האסט עס געטאן. און נאך א סך א סך שפעטער און אין דיין גאנצען לעבען האסט דו פון די זינד נישט געטראכט.

ווייטער געלעבט, ווידער געלאכט און א חבר געווען אזוי ווי א ניי־געבארענער מענש. און די סמנים פון די בלוטיגע הענט זיינען געלעגען אין פארגאנגענהייט, קיינמאל נישט דערמאנענדיג זיי, אזוי ווי עפעס פרעמדעס, נישט געדענקענדעס, און אומגרייפבא־רעס.

אומבאגרייפבארער פאר זיך אליין.

פון דיר, מענש, פאר דיר אומגרייפבאר. פון זיך אליין געשאפען. אנדערע זאלען זיך ברענען אויף דעם פייער וואס דו האסט אליין מיט ליידענשאפטס־פארגעניגען צונויפגעשארט.

אומגרייפבארעס, טויזענט מאל אומגרייפבארער, אומגליק,

בראָטען מענשען און לאַכען אין איינעם.
אַנטאַן יסורים און ליב האָבען אייגענע קינדער.
אומבאַנרייפבאַרער, פאַרשאָלטענער רעטעניש פאַר זיך אליין.
מיין קאָפּ בייג איך אַרונטער און רוק זיך פון דיר אָפּ. ניין, נישט מיט דיר איז מיין פּלאַץ.

מיין האַנט זאָל דיר פרידען נישט דריקען. מיין צונג האָט קיין לוסט צו דיר צו רעדען. מיין פריינדשאַפט און ליבע צו מענשען איז ריינער ווען איך בין אַליין.

גען אַוועק, דו, אומווירדיגער, דיין נאָמען זאָל זיין פאַרשטעלט פאַר דעם שיין פון מיין געדאַנק און פאַר מיין האַרץ.

אין אַש האָסט דו פאַרברענט מיינע ליבשאַפטען, און ווען איך האָב זיי אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין, האָב איך געוויינט, דערקענענדיג זיי, מיינע ליבשאַפטען.

די וואָס איך האָב אויסגעהאָדעוועט, זיי זאָלען שענער באַשיינען די וועלט, זאָלען ווייזען די מענשען דעם בעסערען ביישפּיל און אָנצינדען אין זיי די בענקשאַפטען נאָך דעם פייער פון ריינעם און גרויסען אינדיווידיאום.

און איך האָב זיי אַוועקגעלענט צוריק אויף די ערד, פון דיין האַנט די פאַרפייניגטע און אומגעקערט האָב איך זיך צו די שטאָדט וואו דו ביזט געזעסען, וואו דו האָסט די וואָרימקייט פון דיין גוף גענאָסען, און דאָס בעפרידיגטע באַוואוסטזיין פון דיין געדאַנק גענאָסען. דו האָסט אַרונטערגעקוקט פון פענסטער צו מיר. מיינע ליבשאַפטען האָב איך דערקענט ליגען אויף דיין פּנים, אָבער געוואוסט האָב איך, אַז דו ביזט זייער האַר. דו קענסט זיי הייסען כאַן און דו קענסט זיי הייסען דערשטיקען.

און איך האָב צו זיך געזאָגט:

וועל איך דען דיך לאָזען זיין דער האַר פון מיינע ליבשאַפטען? ניין, קיינמאָל נישט. וועסט דו זיי קאָנטראָלירען? ניין, נישט איך וועל דיך לאָזען. און אַזוי האָב איך געקוקט אויף דיר, און נאָכהער בין איך אַוועקגעגאַנגען מיט דעם באַשלוס אָן דיר זיך נוקם צו זיין.

# דער זעלבסטמערדער

דו האסט איהם ארויסגענומען און דערשטיקט, מיט דיינע גאלע הענט. אבער מען האט דאס גארנישט געזעהן. דיינע הענט זיינען געווען וויים און ריין פון פלעקען.

דאס איז געווען דער זעלבסט מערדער. א פינסטערע אומ־באוואוסטקייט, — דער זעלבסט מערדער.

אבער דו ביזט זיין באוואוסטקיים. דו ביזט די אויפלייזונג פון זיין רעטעניש. האסט איהם זיין שטריק אויף דעם האלז פארצויגען. דו האסט איהם דעם סם אין זיין האלז אריינגענא־סען.

האלב באוואוסטלאז האב איך איהם געזעהן, כמעט ווי צר מישט, מיט א ריינעם באנער אוועקצוגעהן צום טויט.

און די אורזאכען.

די אורזאכען זיינען געלעגען באהאלטען אין זיינע פארשלא־סענע ליפען, און אמאל אין זיין אויסגעגאנגען האדץ, און א סך מאל האט דער טראכטער פון זעלבסטמארד פארגעסען די שטענען און דערנער, דורך וועלכע ער איז דא צוגעקומען.

אוים פראטעסט פאר זיין ווירדע האט זיך דער זכרון איינגע־עקשנט נישט צו געדענקען. אזוי ווי ער וואלט געוואלט מיט זיין לעצטער זעלבסטווירדע צו להכים טאן די מענשען און אקעגען וויי־זען אז אנצוהערעניש, אז ער קען זיך זיין שטעדטעל באשטיין. פרייוויליג האט ער איהם אנגענומען, דעם טויט. דאס האט ער אויסגעקליבען פון די מענשליכע טוגענדען — דאס בעסטע.

וואס זאגסט דו, דו צוהערער?

אפילו דער אומשולדיגער ביי דיר איז דער שולדיגער. איז דער אומשולדיג אז זיין טאט. דער טאטלאזער איז שולדיג פאר זיין טאטלאזיגקייט, און נישט ליב האב איך די וואס מישען זיך נים. לעבן דיר איז ער זעלבסטמארד באגאנגען. דיין באקאנטער איז ער געווען.

פארוואס האט ער נישט געקענט זיין ליבלינג־ארט ביי דיר געפינען, אנשטאט זיין זעלבסט מארד? פאר וואס האט איהם גע־

צויגען די פארגליוועדטקייט, און די פארניכטונג פון טויט איידער ליב צו האבען און צו קומען צו דיר, און מאכען זיין פלאץ אין צו שווערע מינוטען פון פארצווייפלונג, געהיילט און געווארעמט לעבן דיר ?

ביי דיר איז דאס קיין פלאץ נישטא. וואס פארמאגסט דו? ארים ביזט דו. ער קען צו דיר נישט קומען. דיין גייסט האט נישט יענעם באלזאם אום איהם צו רופען צו זיך. דיין גייסט קען נאר באלייכטען דיין אייגען ארט און דאס אויך שוואך און פאר א צוויי־טען האט ער געווים נישט קיין ארט. און דערפאר קומט דער זעלבסטמערדער, דיין באקאנטער נישט צו דיר.

ווען קענסט דו וועקען מיט דיין גייסטיגען פארמעגען ? זעהט מען דיך נישט אין די אויגען, פארגעסט מען אן דיר.

און דאס פארטראגסט דו אויך, אזוי ווי עס דארף אזוי זיין.

ווען דער זעלבסטמערדער זאל זיך הרג'נען צוליב לאנגוויילע, וואלט ער אויך גערעכט געווען. ער דארף נאר ריכטיג זעהן אום ביי אייך גאר נישט צו געפינען. און מיט וואס האט איהר איהם געקענט פאראינטערעסירען, ווען זיין קאפ איז קלוג געווארען און זיין אויג איז טיף געווארען ?

א סך האב איך געטראפען קלוגע מיט די געדאנקען פון זעלבסט־מארד, ווייל לאנגוויילינ איז אייך געווארען, פארביטערט און לאנגוויילינ, און דאמאלס אויפ'ן לעבען איז כעס ווערען ביז צו זעלבסט מאדר קומען.

וואס הייסט דאס פארביטערט דעם לעבען ? ווען מיינט דאס דער זעלבסטמערדער אויפ'ן לעבען ?

דאס ביזט דו, זיין שכן. פוסט, א פוסטע לערקייט זעהט ער אין דיר. וואס ביזט דו פאר איהם, אויסער דיין עקזיסטענץ ? אן אנשיקעניש און א דרייפאכער גארנישט.

אבער אויך איז דא א זעלבסטמערדער וועמען איך וויל ליב האבען. דאס איז דער וואס געהט צום טויט צוליב די פאראכטונג צו די מענשען.

דער וואס האט אויסצוזעצען געגען די ארדנונג פון גייסט, דער זאל קיין זעלבסט מארד נישט באגעהן. אויב דו האסט בא־

שלאסען צו שטארבען, ווייל איך דו זאלסט בלייבען לעבען צוליב די פארניכטונג. גיב זיך איבער צו קאלעטשען און ארויסצוזאגען דעם מענשליכען גייסט פון זיינע פאזיציעס. רייס אוים זיינע פונדאמענטען מיט דעם צארן פון דיין אמת. מאך אומרוהיג דאס לעבעדיגע און לאז עס נישט צוריק אריין אויף דעם ארט ביז וואנען עס וועט ליב האבען דאס וואס דו האסטליב, און האלטען דעם אמת וואס דו האלסט.

זע, דיינע שונאים האבען אויך אזוי געהאנדעלט, און זיי האבען איינגעוואוינט די מענשען צו זאגען אויף זייערע געבאטען, אז דאס זיינען זייערע ליבשאפטען, און אויף זייערע פאלשקייטען אלס זייערע גוטע פארשידענארטיגקייטען.

זאלען די מענשען דאס זאגען אויף דיין אמת, וועלען זיי נישט זיין אפגענארט.

דיינע שונאים צווינגען ארויף די שלעכטע טוגענדען אויף די מענשען. צווינג דו ארויף די גוטע אויף זיי. אבער פריער פון אלץ דארפסט דו זיין זיכער, אז דיינע טוגענדען זיינען די אמת'ע, אז דו טראגסט די ישועה פאר דעם מענשען.

נאר דאמאלס וועל איך דיר מיין האנט געבען.

יעצט וועל איך דיך ארומנעמען און קושען דיין שטערען. איך געזעגען זיך מיט דיר פול מיט זיכערהיים, אז דו וועסט דורכפירען דיין שליחות, די שליחות פון א גייסט וואס האט אויסגעטווישט זיין קבר פאר זיין נקמה.

זאלען די שטארבענדע הערען דיין ווארט, איידער זיי פארלאזען די וועלט, וועלען זיי א לעצטען געפיהר ספעציעל פאר דיר איבערלעבען, אום מיט אויפגעהייטערקייט צו באגעגענען דעם טויט, און פאר די לעבעדינע זאל דיין ווארט זיין דער שווערד אין זייער קאמף.

איבער דיין וועג זאלסט דו באגעגענען צוהערער, דיינע ווערטער זאלען זיי ליב קריגען.

און דארט, וואו דער היינטיגער טאג פארגעהט, איז א לעצטער זונען־אונטערגאנג פאר היינט און אלע צייטען וואס זיינען

געווען. און אויף דעם צווייטען טאג וועט דיר די נייע זון טרעפען מיט דעם אוצר וואס דו טראגסט.

איך האס די אנטוישטע וואס האבען זיך אויסגעלערענט צו בארוהיגען. זיי האבען נעקראגען זייער סביבה און שוין זיינען זיי צופרידען, בלייבענדיג נאר די געשלאגענע.

זיי, פאראכט איך אם מערסטען, ווייל זיי האבען זיך געלאזט שלאגען און זיינען אנטלאפען אין די לעבער צו זיך. דער וואס גראבט נישט אונטער, דער דארף באגעהן זעלבסטמארד, ווייל מיט דעם דאזיגען וואס ער לעבט איז נישט ווערט זיך אפצוהאלטען.

א רעכט צום לעבען האבען נאר די דאזיגע וואס אונטער־גראבען.

אויף דעם בארג פון הויכקייטען פון מיין דערקענונג געה איך ארויף און שריי אויס צו די מענשען:

ווען יעדער איינער פון אייך וואלט געווארען אן אונטערגראַ־בער, וואלט ער געהאט א רעכט צום לעבען, ווייל ער וואלט דאמאלס געלעבט צו באשאפען זיין דערקענונג.

אנריידען וויל איך דיך דו זאלסט אוועקגעהן פון דער וועלט, אפילו ווען דו ביסט מיר טייער, ווייל איך וויל נישט, אז די וואס אי דהאב ליב זאלען גארנישט האבען.

איך האב ליב די שעהנקייט פון דער נאטור, אזוי ווי אן אמת מענשען־קינד. דערפאר וויל איך נישט דו זאלסט פארדארבען דעם לעצטען מאמענט פון דיין אזוי אויך קלאגעדיגען לעבען. אויב דו האסט איינגעזעהן די נישטיגקייט פון דיין לעבען, אויב פראטעס־מירען קענסט דו נישט, און צו אונטערגראבען ביזט דו צו שוואך, וועל איך מיט דיר אוועקגעהן צו די וואסערען פון ניאגרא פאללס, און איך וועל וועלען דו זאלסט זיי אנקוקען. די שטומע, אומפארלאנגענדע וואסערען זיינען אזוי פול מיט לעבען און אזוי שעהן, און דו, אזוי פיעל באדערפטיגער און גליקזוכענדער, ביזט טויט און מאוס. דא וועסט דו קוקען און זעהן דיין אונטער־שיד, און דו וועסט זיכער מקנא זיין די פרייע, שטורעמדיגע וואסע־רען און נאטור׳ס־פראכט. ווייל, וואס האסט דו, דו ארימער? דו

ביזט נאטור און נידעריגער שטעהסט דו פון דעם אומפארלאנגענ־דינגען.

אך, אהין טראג איך דיך, אזוי ווי מיינס א ליבלינג וואס איז געשטארבען און דארט וועל איך אן דיך פארגעסען.

נאר אין דעם צווייטען וועל איך וועלען אויסהאקען דאס וואס איך האב געוואלט זעהן אין דיר, און אויב ער וועט פארפוילט נישט זיין, וועט ער טראגען דיינע היילינקייטען. דו וועסט אויפוואקסען אין זיין געשטאלט, און אויב נישט אין ערשטען, איז אין צווייטען דור.

וואס איז מיר דער אונטערשיד, צי איך קוק אויף דיין גע־שטאלט, אדער אויף דעם צווייטענס? איך וויל, אז דער גייסט וואס איך ליב זאל דיר באשאפען די געשטאלט.

פארבענקט בין איך געשטאנען ווארטענדיג אויף דיר. אבער דו ביזט געקומען מיט דיין געשטאלט, נישט מיט דיין גייסט. און דערפאר בין איך נישט געווען צופרידען.

---

## די אומצופרידענהייט דער טויט און די לאסט

אזוי געהנדיג איז ליידען טיף אריינגעקומען אין גארטען. דארט האט ער געהערט ווי אימעצער שרייט.

פון די ערשטע מינוט אן, ווען איך בין צו מיין שכל געקומען איז דאס לעבען געווען א לאסט פאר מיר. איך האב עס באהאנ־דעלט ווי א פרעמדע זאך. דערפאר האב איך זיך נישט געקענט פרעהען אזוי ווי מיט מיין אייגענס. איך דארף מיין לעבען אוועק־געבען צו די ווינטען פון טויט, און א זאך וואס מען דארף אוועק־געבען געהערט נישט צום אייגענטימער. איך קען זיך נישט פרעהען, ווייל דאס איז נישט מיין. עס געהערט צו יענעם אומבאוואוסטען ווילען פון טויט דאס צוצונעמען ביי מיר ווען ער וויל.

אה, איך בעט, אז דער טויט זאל קומען, ווייל נאך שווערער ווי די משא וואס איך טראג זיינען די ליידען, אז דער טויט דערנעהנטערט זיך לאנגזאם צו מיר.

נישט אנהויבן לעבן וויל איך, ווייל איך קען דער הערשער דערפון נישט זיין.

דער טויט האט מיר דעם ווילן פארקלעמט. שנעלער ליב איך צו געהן צום אונטערגאנג, ווייל דער אויפגאנג איז פון טויט איבערגעריסען.

נאכהער איז שטיל געבליבען. און נאך אמאל האט דיזעלבע שטים ווידער גערעט.

טרוימער, טרוימער, שריי פון אנגסטען! פיהלסט דו דעם וויטאג? דיין איך באזיצט אפילו נישט דאס לעבען. דיין גוף איז שטערבליך. דיין איך איז הילפלאז. אליין פארשווינדט ער צו גארנישט.

מיין האנט וואס איך האב אויף מיין לעבען ארויפגעלעגט, איז אראפגענומען געווארען פון טויט. מיין ווארט וואס איז מעכטיג געווען, איז שטום געווארען פון טויט. אפילו די פאלשקייט איז דער טויט. ווען איך האב אמת געוואלט רעדען, האט ער עס אפגעשטעלט.

נישט פארטראגען קען איך דעם ליידיגען ארט פון דיר. אויף דעם ארט וואו דו ביזט געשטאנען האט דיך דער טויט געטראפען. ווי שווער איז צו טראכטען, אז דער איך, דאס איינגעפונדעוועטעסטע פון אלע זאכען, זאל אזוי שוואך זיין, אז עס זאל קענען אוועקגעהן צו ווערען גארנישט.

נאכהער איז ווידער שטיל געווארען.

דאמאלס האט ליידען אויסגעשריען: ווער שרייט עס דארט ארויס פון די געדרייטע וואסערען מיט וואלד באוואקסען?

און עס האט ווידער דיזעלבע שטימע אנגעהויבען צו רעדען.

קום, טויט, צו מיר. איך קען נישט פארטראגען צו ווארטען. אד, הלואי וואלט דער טויט נישט געווען, וואלט איך אין גאנצען געקענט זיין דער אייגענטימער פון לעבען.

ווען ליידען האט דאס געהערט, האט ער זיך געלאזט געהן צו דעם ארט וואו מען האט דאס געשריען. א מאן איז געשטאנען און האט דאס געשריען ארויף צום הימעל.

קענסט דו זיין מיין פריינד, האָט ער איהם געפרעגט? איך האָב געהערט דיינע ווערטער, און איך האָב דיך ליב געקראָגען.

ווער ביזט דו? האָט איהם דער מענש געפרעגט.

איך בין דער באַשאַפער פון דאָס אייביגע פאַר דעם איינציגען.
— האָט ליידען איהם געענטפערט. קום מיט מיר, לאָמיר רעדען.

ווען זיי זיינען אַרויסגעקומען פון טיפען וואַלד, האָט ליידען אַזוי געזאָגט: זעהסט דו דאָרט די אומצופרידענהייט, וואָס פלאַקערט מיט אומרו און האָס ביי דעם מענשען? קוק זיך איין, וועסט דו זעהן ווי זי שטייגט אַריבער די וואָלקענס. זיי קענען עס שוין מעהר נישט דערזעהן פון ווייטקייט. און דאָך האַלט זי אין איין שטייגען.

קוק, קוק, זעהסט דו ווי זי דרעהט, און שלענגעלט זיך? אַט דאַכט זיך, אַז זי האָט זיך איינגעהאַלטען, נאָר דאָך רייסט זי זיך ווייטער און שטייגט אַלץ העכער. דאָרט וואו זי וועט צוקומען צום העכסטען אָרט, וועט זי באַגעגענען דער טויט. אָה, דאָן וועלען זיי זיך אַמפּערען. זי וועט איהם וועלען פאַרניכטען און דער טויט וועט איהר וועלען צודריקען פון פאַרצווייפלונג. פאַרניכטען וועט זי איהם וועלען, ווייל די אומצופרידענהייט וועט זיך אויסדאַכטען, אַז זי קען ווייטער שטייגען.

און עס וועט טאַקע אַזוי פּאַסירען. זי וועט זיך אַננעמען מיט איבער־כח וואָס זי וועט צונויפשעפּען פון די מענשען וואָס וועלען שוין זיין אַם העכסטען אַנטוויקעלט, פון די מענשען וואָס איך רוף די גרויסע איינציגע. און זי וועט אויפברעכען דעם וועג, דעם וועג וואָס דער טויט האָט איהר פאַרשטעלט, און דער טויט וועט פאַלען. דאַמאַלס וועט די אומצופרידענהייט רוען, און זיך מעהר נישט וועלען רייסען, ווייל נאָר דער טויט האָט זי באַשאַפען און מיט דעם טויט וועט זי אונטערגעהן.

נייע וועגען וועלען זיך עפענען פאַר דעם אומשטערבליכען, דעם איינציגען. נייע פעלענער וועט ער זעהן אין זיין דערקענונג, און ער וועט באמת אומבאַרירבאַר ווערען.

און בשעת ליידען האָט דאָס גערעט, האָט דער מאַן איהם אַזוי געענטפערט:

ווידער זעה איך דעם טרוים! לעבען, לעבען, דו וועסט נישט אונטערגעהן.

און ליידען האט געזאגט: אזוי וועט עס זיין.

און דער מאן האט צו אים ווידער אזוי גערעט: געטראפען האב איך א גרויסען גייסט אויף מיין וועג, און איך וויל דיך פרעגען וועגען א זאך וואס לאזט מיך נישט רוען.

איך האב געארביים און געהאפט פאר מיינס א זאך, אן עפעס וואס איך האב ערווארט.

נו לאמיר זאגען: דער געפיהל פון פון באפרידיגונג פון א פארלאנג וואס איך האב עס זעהר געוואלט. צוואנציג יאהר האב איך געווארט, און דאס וואס האט געדארפט קומען איז געקומען. אבער גלייכגילטיג בין איך געווארען פון דער ערשטער מינוט אן, ווען איך האב אויף דעם געקוקט. נישט דאס געפיל פון פרייד האט עס ביי מיר ארויסגעבראכט. נישט די פאנטאזיע וואס איך האב ארום דעם ארומגעוועבט איז וואך געווארען. א גלייכגילטיגער בין איך גע־שטאנען ביי דער געקומענער ערווארטונג. ווי קומט דאס?

איך טראכט, אז פרייד איז דאס קינד פון האפענונג אזוי לאנג ווי האפענונג לעבט און עס שטארבט, ווען האפענונג ווערט א ווירק־ליכקייט. דער מענש האט באמת קיינמאל נישט די פרייד. ער האט נאר דעם שאטען פון איהר, ווען ער פאנטאזירט פון איהר, און עס דאכט זיך איהם אויס, אז זי וועט קומען צו איהם, אבער פרייד האט ער קיינמאל נישט, זי געהט אויס פאר דעם געבארען ווערען.

אפשר איז פרייד מיט האפענונג צווילינג־ברידער, וואס זיי באצוועקען איין זאך: צו זיין לעבעדיג ווען זיי ווערען נישט פארווירקליכט? און איך זאג א סך מאל צו זיך: מען דארף שטענדיג נישט לאזען פארווירקליכען די האפענונג, ווייל דאן וועט מען קענען געניסען פון זיין צווילינג־ברודער, דעם געפיל פון פרייד, פון ערווארטונג, אזוי וועט זיין גוט צו לעבען.

און געענטפערט האט איהם ליידען אזוי:

דעם מענש באצאלט טייער פאר די זאך וואס ער וויל האבען. ער באצאלט אזוי פיל אז דאס וואס ער קריגט איז קליין אקעגען

דעם קרבן וואס ער ברענגט. און ער באגעגענט זיין ליבלינג זאך נאך וועלכען ער האט געגארט מיט דער גלייכגילטיגקייט פאר א באצאלטע און באשטעלטע זאך.

דער מענש קען נישט זיין צופרידענגעשטעלט פון עפעס, פארוואס ער האט געפערט פילע יארען, וואס קומט צו איהם אז נאך לאנג יאריגע ווארטעניש אויף א קורצע צייט. אפילו די באגעגעניש אנטהאלט אמת'ן גליק אדער פרייד.

דאס גליק דארף דערפאר קומען אומבאצאלט, אומגעפערט. דאס גליק און דאס פארלאנגענדע פון דעם מענשענס נשמה דארפען זיין ניט געפאנטאזירט, דאס נאטירליכע. פונקט אזוי ווי ווען דער מענש איז שלעפעריג, קען ער שלאפען, אזוי זאל ער זיך קענען איינהילען אין דאס גליק נאך וועלכען ער וועט בענקען.

שולדיג איז מען דעם וואס ארבייט. אבער א פארגעניגען איז צו עסען זיסע פרוכט פון גארטען. אויך דארטען איז זי דא ביי דעם מענשען, די אומצופרידענהייט. זי איז אבער בארעכטיגט.

נישט דא איז ער אומצופרידען, ווייל ער האט א סך, נאר אומצופרידען איז ער פאר דאס וואס דארף אזוי אדער אנדערש זיין, וואס קומט נישט אוים נאך רעכט. אבער פארמאכט איז זי נאך פאר דעם מענשליכען פארשטאנד, די אומצופרידענהייט. ער דענקט, אז זי איז אן אנשיקעניש, און דארף איהם שטענדיג האלטען אין אומרו. און א סך מאל פאראכט ער זיך אליין פאר די מתנה.

דעם ווערט פון זיין גייסט זוכט ער אומבאוואוסט פאר זיין פארשטאנד אליין. ער זוכט דאס גרויסע, גלויבענדיג אז ער קריכט אויף די גלייכע ווענט.

געה, טרוימער, זאל דיין הארץ נישט זיין באשווערט. דיין געדאנק ווערט שוין ליכטיג און דו וועסט זיך אליין ליב קריגען, ווען דו וועסט דערקענען דיין אומצופרידענהייט.

ווי קענסט דו גארען נאך א פרייד, נאך וועלכע דו האסט שוין אפגעגארט, ווארטענדיג אויף איהר אזוי לאנג?

גליק דארף שמעקען אזוי ווי אן אומאויפהערליכע שאפונג און עס דארף דיך ציען צו זיך פאר דיין ליבלינגס פלאץ. אבער אז עס

האט דיך געצויגען די גאנצע צייט ווען דו האסט עס ערווארט, איז עס שוין, ווען עס קומט צו דיר, דיין גלייכגילטיג פלאץ.

זעה, נאכגעגאנגען בין איך מיין אידעאל, דאמאלס בין איך געווען פארטראכט. איך האב געקלערט, ווי אזוי מענשען וועלען איהם דורכפיהרען. אבע רגליקליך בין איך געווען. ווען איך אליין האב געלעבט מיט די פרוכט וואס מיין אידעאל האט געשאפען, האב איך געקענט פיהלען די פונקען פון גליק פון וואס איך האב פארלאנגט. דאמאלס האב איך געפיהלט מיין אידעאל. און אויב מאט איז געווען דאס הארץ און פארנעבעלט איז געווען דער געדאנק, און געקומען איז אלעס וואס האט מיך געארט און איך האב נישט ליב געהאט, האב איך מיין אידעאל נישט געפיהלט.

אזוי איז אויך דאס פארלאנגענדע וואס דו ערווארטסט אפערענדיג זיך פאר דעם. נישט אין דעם אפפערען ליגט די פרייד. דארט ליגט דאס טראכטען, דאס פלאנעווען, אבער די פונקען פון גליק צינדען זיך נישט אןביים פלאנעווען.

דו קענסט האבען גאנץ לאנג און פיין אפגעפלאנעוועט און גארנישט קען דיר אקעגען קומען.

לערען זיך צו פארמאגען די פרייד און צו האבען דאס גליק באלד אלס דיין אייגענטום.

האפענונג איז נישט דער צווילינג־ברודער פון פרייד. האפענונג איז דאס מיטעל פון דעם נאר. און אומצופרידען ווערסט דו זיין, מיין טרוימער, אזוי לאנג ווי דו ווערסט זיך נישט אנטאן אין קלייד וואס פאסט דיר אזוי אם בעסטען, וואס איך האב א נאמען געגעבען דאס נאטירליכקייט פון גליק און דאס דערלאנגען פון דיינע פארלאנגען אלס דיין נאענטעס, נישט דאס ווייטע.

און ווידער האט לײדען געהערט א מענשענס קול. אימיצער האט גערעדט. די ווערטער האבען זיך הויך געהערט און לײדען האט זיך איינגעהערט:

איך פרעה זיך, ווייל איך לעב. איך קען ארומגעהן, זיך זעצען וואו איך וויל, און אויפהייבען זיך כדי ווייטער עפעס אויסצוקוקען. דאס ליכט פון טאג איז מיין חבר און דער שטילער גארטען איז מיין זיס געלעגער. איך פארלאז דעם ארט, וואס איך האב נישט ליב און

פּרעה זיך מיט די זין, און אַלץ ווייל איך וויל אַזוי. דער ווילען פון לעבען, מיין ווילען, טוים האָט נישט קיין ווילען.

ווען ליידען האָט דאָס געהערט, האָט ער געקוקט ווער עס רעדט דאָס. אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און פערציג מיט אַ באָרד וואָס האָט באַוואַקסען זיין פּנים און מיט אַן איינגעפאַקט פּעקעל האָט גערעדט די ווערטער. און ליידען האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

פון וואַנען שטעלסט דו דאָס דאָזיגע נאַטירליכע לעבען ביי דיר אַזוי הויך, וואָס האָט אין זיך די געוויינליכע פרייהייט אַפילו פאַר אַ וואָרים פון די ערד?

אַ וואָרים, האָט דער מאַן אויסגעשריען. די פרייהייט פון אַ וואָרים, און דעם פאַרשטאַנד פון אַ מענש. קען מען דען זיך אויס־קלייבען בעסערס צווישען די מענשען? צופרידען בין איך אַזוי צו לעבען. איך האָב דאָס ליב פאַר דאָס בעסטע. מיט נאָך ערגערס לעבען די מענשען. עס איז נישטאָ וואָס זיך אויסצוקלייבען.

פון וואַנען קומסט דו? האָט ליידען איהם נעפרעגט.

איך קום פון די פאַרשטעלטע זין.

וואָס רופסט דו, די פאַרשטעלטע זין?

איך קום פון די תפיסה־מויערען, וואו מען זעהט די זין פאַר־שטעלטערהייט, און יעצט בין איך געקומען צום געדאַנק, אַז פון לעבען דאַרף מען גאַרנישט נעמען, ווייל אַלץ איז אַ מיטעל צו זעהן די זין פאַרשטעלטערהייט.

די פרייהייט אַליין, אַהן יעדע צוגעבונג — דאָס איז אויף וואָס איך באַשטעה יעצט, און וועל אַלע מאָל באַשטעהן. יעצט זעה איך די פרייהייט קלאָר.

וועסט דו דען נישט נעמען דעם פּראַכט פון לעבען, ווען עס וועט דיך זאַטשעפּען? האָט ליידען געפרעגט.

אַוועק מיט דיין פּראַכט, האָט דער מאַן אויסגעשריען. איך בין ריין וועמען שלעכטס צו טאָן. דיין פּראַכט וועט מיר מאַכען צו טראָגען די זאָרג איבער איהר, און איך וועל ווערען אַזוי ווי די פאַרשטעלטע זין פאַר די גוט־פילענדע. איך וויל נישט טראָגען קיינעמס פאַראַכטונג. אַוועק, אַוועק, האָט ער כסדר געשריען צו ליידענען. רייד מיך נישט צו צו טראָגען די לאַסט פון לעבען.

ווען לײדען האָט אויסגעהערט, האָט ער געזאָגט:

דײַן חבר האָב איך נאָר וואָס באַגעגענט. איהם איז שווער געווען צו טראָגען דאָס לעבען ווײַל ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם טויט. און דיך באַגעגען איך. איז דיר שווער צו טראָגען דאָס לעבען פאַר מורא, פאַר די לאַסט פון דעם.

אײנס און דאָסזעלבע. בײדע אַנטזאָגט איהר זיך פון לעבען. איבער צווײערלײ אורזאַכען, אָבער איהר זאָגט זיך אָפּ דערפון.

אַלײן בלײבט שטעהן דאָס לעבען. עס איז נישט דאָ װער עס זאָל עס אויסהובלעווען, פאַרשענערען. דער וואָס וויל עס, זאָגט זיך אָפּ דערפון, און דעם וואָס רופט האָט מורא דערפאַר.

נאָר דאָך גיב איך דיר מײַן האַנט, דו, מאַן פון דײנע יווערטער. נאָר אַזעלכע ווי דו זײַנען בכח אַ נײַע וועלט צו שאַפען. דיך וועט אַמאָל דער ווילען פון לעבען באַצויבערען, און דו וועסט פעאיג זײַן אַלעס צו שאַפען.

דער פרײַסטער פון אַלע פרײַע ביסט דו. און אויף דיך וואַרט דער אָרט פאַר דאָס נײַע. דו וועסט באַזיצען דעם לעבענס גוטסקײט, נישט צו זײַן אַ פאַרשטעלטע זון פאַר די גוט פילענדע. עס וועט זײַן די צײַט ווען דער פראַכט פון לעבען וועט דיך טראָגען אַזוי ווי דער הימעל טראָגט די וואָלקענס. זי וועט נישט זײַן די לאַסט פאַר דיר איבער וואָס דו וועסט דאַרפען זײַן פאַרזאָרגט. נישט טראָגען וועסט דו די שווערינקײט פון איהר. לײַכט וועסט דו שווימען אין איהר ביז וואַנען דו וועסט אונטערגעהן און קײנעמס קנאה וועט דיך נישט באַגלײטען, ווײַל יעדער אײנציגער וועט פאַר־מאָגען דאָס גרויסע. נאָר אַ שאָד וועט מען פיהלען נאָך דיר, אַ שאָד פאַרוואָס דו ביזט אונטערגעגאַנגען. און פאַרטרויערט וועלען זײַן די דאָזיגע וואָס וועלען זיך דערמאָנען אין דײַן עלענד. עס וועט שטעהן פאַר זײ דער כוס פון קומער וואָס יעדער אײנער וועט זיך אָנ־טרינקען, ווען ער וועט זיך דערמאָנען אָן טויט. דאָס וועט פאַר־נעמען דעם אויבען אָן, און פאַרצווײפעלט וועלען זײַן די מענשען אין די העכסטע אַנטוויקלונג פון זײער קולטור, און איבער דיר וועלען זײ טרויערען ווי איבער דעם פאַרגעהן פון לעבען.

און דער מאַן וואָס האָט דאָס געהערט איז געשטאַנען פאַר־

טראכט. פינסטער איז געווען און פון אויבען דער הימעל איז פול געווען מיט שטערען. עס האט זיך געפיהלט דער ריח פון נייע וועלטען, פון א נייעם אידעאל. נאענט האט ער געשוועבט ארום זייביידע און העכער און ווייטער האט ער זיך געטראגען איבער דעם גרויסען, איינזאמען גארטען. ארויס אנצורירען די מענשען און זיי זאלען איהם דערפיהלען אין זייערע בלוטען. א נייע וועלט. דער גרויסער איינציגער איז אויפגעשטאנען. א ריזיגע פיגור איז ער געווען און מעהר און מעהר האט ער זיך אלץ אויפגעהויבען. אלעם האט ער געקענט טאן, באשאפען און פארניכטען, ליב האבען און ווערען געליבט, דערשטיקען דאס נידעריגע און הערשען מיט דעם גוטען. דער טויט איז געשטאנען ווייט אונטער איהם. באזיגט און פארגעסען אין די פארגאנגענהייט, און אריבערגעגאנגען איז ער איבער דעם פארקאן פון גארטען יעדען מענשען צו באריהרען און אין יעדען מענשען אריינצוגעהן.

טויט, איך קום צו דיר, נישט אזוי ווי דו וואלסט מיר פארגרינגערט, אדער באפרייט פון מיין שווערען לעבען. נישט פון טויט האב איך געוואלט ער זאל מיך באפרייען — פון דאס שווערע און אומאויסגעהאלטענע, און נישט צו איהם האב איך גערופען אין די מינוטען פון פאר'מאוס'טקייט צום לעבען.

נישט איין מענש האט אין טויט זיין ערלייזער געזעהן. נישט איין מענש האט דער טויט פון פיין באפרייט. אבער קיינמאל, קיינמאל נישט, האב איך דעם טויט גערופען. נישט באפרייט וואלט ער מיך פון מיין שווערען דאזיין. און יעצט ווער איך אויך נישט פריי, ווען ער טוט מיך אויס פון מיין גוף.

איך קום צו דיר, טויט, נענטער צום רעטעניש וואס איך האב געוואלט לעזען, דעם רעטעניש וואס איך האב געוואלט אויפשניידען און אריינקוקען. איך געה צו דיר מיט מיין לעצטען אויפרוף, אז דו וועסט פאלען. דו, שונא, ועסט פאלען פון דיין שונא. די לעצטע מינוט פון מיין אפשייד זאג איך אזוי: נאך דעם מענשען גאר איך, וואס זאל זאגען: פון איהם וועט זיך אנהויבען די אייביגקייט. דער מענש וועט קומען און ער וועט זיין דער שונא

פון דיר, זיין שונא. און ער וועט דיך באזיגען. און די געהיימנים־פולע באהעלטעניש וועט אפען ווערען.

איך געה צו דיר, טויט. נישט איך בין דיין פחדן. ווען פחדנים האבען פאר דיר מורא געהאט, האב איך געווארט אויף דיר. איך וויים אז דו ביזט מיין זיגער, אבער איך שלאג זיך מיט דיר פאר מיר און איך וועל זיך שלאגען מיט דיר נאך מיר. נישט איך וועל אויפגעבען דעם קאמף, ווייל איך געה צו די אייביגקייט און איך געה אריבער דיר.

שטיל איז געוועזען דער גארטען, קיינער איז דארט נישט געווען, אבער אלע האבען דאס געהערט. ליידענס ווערטער האבען אנגע־קלאפט אין מענשענס הארץ.

דער מאן איז געלעגען אויף זיין פאק, און פאר זיך האט ער איבערגע'חזר'ט די ווערטער פון ליידענען. און געלערענט האט ער די ווערטער צו אנדערע, ווען ער האט זיי באגעגענט. געטראגען האט ער זיי פאר דעם געבאט פון זיין לעבען, און קיינמאל נישט קענענדיג זיין צופרידען.

# די בענקשאפט נאך דעם אייביגען איינציגען

און נאך א מענשען האט ליידען באגעגענט. דאס איז שוין געווען א באקאנטער. עס איז געווען אין א צייט ווען ער האט גערעדט פאר אן עולם מענשען. ווינטער איז געווען און קאלט. די שפיץ בערג זיינען געווען באדעקט מיט שניי, און ארום איז גע־האנגען א גרויער נעבעל. פארטראכט איז ער צוגעגאנגען צום ברעג ים, וואס מען רופט דער וויסער אינזעל. ער האט ליב געהאט צו קוקען אין די ווייטע לערקייט פון ים, האט עס אפילו געמענגט זיין דער ערגסטער וועטער. און דארט האט ער נאך אמאל גערעדט וועגען טויט.

דארט האט ער זיך צוזאמענגעטראפען מיט אן אלטיטשקען וואס יענער איז איהם נאכגעגאנגען פון זיינע פריערדיגע צוהערער, צו וועלכע ער האט נאר וואס געענדיגט רעדען. דער אלטער האט

גערעדט וועגען טויט און פון איהם געוואָרט אַז ענטפער. און צום סוף איז ער שטעהן געבליבען געשטאַרט, אַזוי ווי דער טויט וואָלט איהם באַרירט.

עס שלעפערט מיך. מיינע אויגען פיהלען נישט די פרישקייט פון לעבען. מיין האַרץ איז דערשראָקען פון דעם וואָס קומט אָן. אין מיר איז פאַרשלעפערט געוואָרען דער שטאַרקער ווילען וואָס מענשען פיהלען, דוקא צו לעבען און לעבען ווען זיי האַלטען ביים טויט. איך האָב נישט דעם ווילען, ווייל איך פיהל, אַז איך האָב נישט דעם כח. איך קען נישט אויספיהרען דאָס וואָס אַ ווילען וואָלט געקענט. דערפאַר זאָל דער ווילען ביי מיר קיינמאָל, קיינמאָל קיין צוטרויען נישט האָבען.

פון דיר וואַקסט אוים דאָס אייביגע, און דו רעדסט פון דעם איינציגען אייביגען. דו ווילסט דעם אייביגען מענשען. דיר גנה איך נאָך, אויף דיר צו קוקען אפשר וועל איך פון דיר זעהן אַרויס־שטייגען די געשטאַלט פון דעם אייביגען איינצעלנעם. לעבען דיר וועל איך רוען. לעבען דיר וועל איך מיינע לעצטע טעג זיין. זאָל איך שטאַרבען מיט דעם געפיהל פון נקמה פאַר די צוקונפט. איך האָב ליב די וואָס רעדען פון די אייביגקייט. עס עקעלט מיך פון פאַרשוואונדענעם און איבערגעהאַקטען. דערפאַר האָב איך אויך נישט קיין באַדויערען איבער מיין טויט, ווייל איך האָס זיך אַליין פאַר דעם איבערגעהאַקטען.

רואיג איז געווען אַרום. די צוויי מענשען האָבען זיך פאַר־שטאַנען. דער ים האָט העכער גערוישט. פינסטער איז געוואָרען, ווייל דער טאָג איז אַריבער די שפּיץ בערג אוועקגעגאַנגען.

---

## מכח די פערגעבונג

און ליידען האָט ווידער אַזוי גערעדט צו זיינע צוהערער:

מיך ביזט דו געווען פון אַלעס. דיינע געפיהלען זיינען אָפּגע־שטאָרבען, און דיינע געדאַנקען זיינען ערנידעריגט און באַשפּיגען. דו ביזט גלייכגילטיג געוואָרען צו די נייגעריגקייט. קיין זאַך האָט

דיר נישט פֿאַרשאַפֿט קיין ענדערונג. פֿרייד און אומגליק האָבען געהאַט דאַסזעלבע אויסזעהן. און געזעהן האָב איך דעם וואָס די נייגעריגקייט האָט איהם יאָ באַהערשט און ער איז אריינגעשלעפּט געוואָרען אין איהר ראָד. אָבער פֿון אייךביידע ביזט דו מיר צום האַרצען, ווייל אוי הדיר מאַכט שוין נישט קיין איינדרוק די טויזענט מאָל פּאַסירענדע פּאַסירונג, און אויך די נייע דומהייטען, אין די צייט ווען דיין חבר ווערט נאָך געשלעפּט פֿון זיי.

דו שטעהסט ווייטער פֿון דיין חבר וואָס ווערט געפֿיהרט אונטער דעם איינדרוק וואָס עס קומט פֿאָר. זיין פֿרייד באַשטימט מען און זיינע פֿאַרגעניגענס קלייבט מען איהם אויס. אין דיר, אויב דו האָסט זיך נאָך אַליין נישט אויסגעקליבען, קוויקסט דו דאָך זיך נישט מיט אַנדערע אויסקלייבונגען.

אויך אין דיר זעה איך דעם וואָס וועט געהן אויף מיינע וועגען און וועט ליב האָבען דעם אמת פֿון דער קלוגשאַפֿט און נישט פֿאַרפירט ווערען. דו וועסט זיין דער טרעגער פֿון די ווערטער וואָס דאַרפֿען נעענטער מאַכען דעם מענשען און איהם גרויס מאַכען.

דו, אנטווישטער, איבעראַל געפֿין איך דיך, אין די הייליגסטע און אין די פֿאַרדאַרבענסטע ערטער, געפֿין איך דיך. אָבער פֿריער פֿון אַלעם וויל איך דיר זאָגען אַ פּאָר פֿון מיינע אמת'ן, ווען דו וועסט אָנהויבען אַרויסקומען צו מיר.

מען האָט דיך געלערענט, אַז פֿאַרגעבען איז אַ גוטע מדה. דורך דורות און דורות האָסט דו פֿאַרגעבען, דו גוטער תלמיד. ווייס אָבער, אַז צוליב דיין פֿאַרגעבונג האָסט דו זיי גאַרנישט אויסגעלערענט. עס גריבעלט אין דיינע פֿאַרדאַרבענסטע ווינקעלאָך די פֿאַלשקייט, דאָס ערנידעריגען פֿון דעם שטאַרקען אויף דעם שוואַכען, און דאַמאָלס ווען דו האָסט שטרענג געדאַרפֿט זיין מיט דער לערע פֿון דיין אמת, ווען דו ביזט ערנידעריגט געוואָרען, האָסט דו פֿאַרגעבען.

דאָס שטאַרקע וואָרט פֿון דעם גערעכטען איז אויסגעטווישט געוואָרען פֿאַר דעם שיצער פֿון פֿייגהייט. די פֿאַרגעבונג איז געווען די וואָפֿע פֿון דעם באַליידיגער. אַזוי איז געווען אַלעמאָל און דו

האָסט זיך פאַרשעמט ווען דו האָסט אַמאָל נישט געוואָלט פאַרגעבען. זיי האָבען דיך גערופען שמאָל־קעפּיגער און אומאַנטוויקעלטער.

איך וויל דו זאָלסט זיך אויסלערנען נישט צו פאַרגעבען. פאַרגעס בעסער, איידער צו פאַרגעבען דיין אמת. איינגעשפּאַרט טראָג דעם פאַרלאַנג פאַר דיינס. נישט לאָז זיך איינבויגען און פאַרגעבען אויף איין מאָל און טאָן דאָס און ווערען געפירט פון דעם אפילו אויף איין מינוט, פון דעם וואָס דו ביזט געגען.

נאַרען זיינען די פאַרגעבענדע אין די אויגען פון די באַליידיגער און אין בעסטען פאַל זיינען זיי אַפּגענאַרטע.

וואָס האָב איך דיך געזעהן טראָגען אין דיין בוזים, אַלס דיין ליבלינג? די אונטערגעבענהייט אונטער דיין פאַרגעבען די פשרה.

פיעל שטאָלצער און שעהנער איז דאָס באַשטעהן אויף דיין רעכט, אפילו דו זאָלסט בלייבען איינער אַליין און גוט איז צו לערנען דיין באַליידיגער די לערע פון דיין נייעם וואָרט. הער אויף צו פאַרגעבען דאַן, ווען דו דאַרפסט עס נישט פאַרגעבען [illegible] אונטערגעבען זיך דאַמאַלס, ווען מען טאָר עס נישט טאָן.

דו האָסט אַרויסגעצייגט דיין ליבע ווען דו האָסט זי [illegible]פּט פאַרשטעלען, אָדער טויטען אין זיך, און דערפאַר ביזט ד. ערנידע־ריגט געוואָרען. דו האָסט זיך געאָפּערט, ווען עס איז בעסער געווען זיך אין גאַנצען נישט צו אָפּערען. דו האָסט זיך איינגעהאַלטען דאָרט, וואו דו האָסט געדאַרפט אַרויסטרעטען. דאָרט איז געלעגען די ערנידערונג, און מיט דער האָפענונג ביי דער זייט האָסט דו זיך אַלע מאָל געצאַצקעט.

און וואָס איז אַרויסגעקומען פון דיר, דו אַנטוישטער? אַזוי ווי אַ שטריק אַרום האַלז האָבען זיי דיך אַרומגעכאַפּט, די אַלע איינגעשאַפטען פון דיין נשמה אַרום דיינע שכנים, און דו וואַרפסט זיך, נישט באַגרייפענדיג קיין זאַך, ביז צום סוף ביזט דו גלייכגילטיג געוואָרען.

ווער קען אַרויסרייסען דעם וואָרצעל וואו אַנטוישונג וואַקסט? אָבער פריער מוז ער ליב האָבען די ווערטער פון זיין וועג, די ווערטער וואָס ליידען זאָגט פאַר איהם אום איהם צו פירען אויפ'ן

גלייכען וועג. די ווערטער זאָלען אָנצינדען די געגנערשאַפט פון נאָכגעבענדען און פאַרגעבענדען. עס האָט צובראָכען דעם מוט ביי דיר. טויב ביזט דו געוואָרען אַקעגען דעם רוף פון באַהאַלטענעם און צוקונפטיגען.

אויפהויבען זאָלסט דו זיך פון דיין אָנטווישונג און אַריבער־קוקען אַהין, וואו דער נייער אָנהויב קען זיך אָנפאַנגען, און מיט כח נעם זיך אָן און הויב זיך אָן פירען אַזוי אָנאַך.

מיד איז דיין גייסט. ער האָט זיך אָנגעהויבען חבר'ן מיט די אָנטווישונג. אָפּגעשוואַכט און ווילענלאָז ביזט דו. איבערדריסיג איז ביי דיר געוואָרען אַלעס. אַ שווערע מאַסע ליגט אויף דיינע פּלייצעס. און טיילמאָל קוקסט דו אַרויף אויף זיך מיט האַס. שווער איז דיר דער מזל ביי די מענשען. אומגעלומפּערט קוקסט דו זיי אויס, און קריכסט זיי אונטער די פיס. זיי רופען דיך מענטליק מאָכער, אָדער האָבען מיט דיר מיטלייד. גנעה אַרויס פון זיי און מאַך דיין לעבענס־אַרט פאַר זיך. נאָר מיט דיינס גלייכען, מיט דיינס אַ חבר זאָלסט דו זיך טרעפען, און פון דאָרט' זאָלט איהר אָנהויבען אויסלעגען דעם וועג צו אייער דערקענונג.

זאָל די אַנטווישונג נישט זיין פאַר דיר די שפּיז אויף וועלכען דו זאָלסט דורכגעלעכערט ווערען. זאָל זי פאַר דיר זיין די לערע פון די נאַרהייט, פון דיין פריער־זיין. און קלוג זאָלסט דו ווערען, דו זאָלסט זיך אויסלעגען אַ נייעם וועג, אַ וועג וואו די פאַרגעבונג וועט נישט זיין און וועט נישט נויטיג זיין, אַ וועג וואו דו וועסט זיך צוזאַמענטרעפען מיט מענשען וואָס וועלען ליב האָבען די טאַט פון אמת בעסער איידער די פאַרגעבונג.

---

## די פריינדשאַפט

דיינע האָספּיטאַלס זיינען איבערגעפילט מיט משוגעים. אויס־געשפּרייט אויף אַלע וועגען זעה איך די פאַרניכטעטע איינציגע. טויטע גייסטער זיינען זיי, צובראָכען פון אַן אומאויפהערליך שלאָ־גענדע האַנט.

און עס איז מיר אויפגעקומען דער געדאנק אין קאפ וועגען דיין פריינדשאפט. דיין פריינדשאפט, אזוי ווי א טויטער גוף האב איך עס געזעהן, וואס לאזט נישט שטעהן ארום זיך די נאענטע צוליב דעם גערוך וואס שפירט זיך פון דעם. א טויטער גוף וואס דו לעבסט אין איהם און טראגסט זיך מיט איהם ארום נאך מיט שטאלץ.

א סך האלסט דו זיך אין גרויסען מיט דיין פריינדשאפט און רעדסטס זעהר פיל פון איהר. אבער אין אמת'ן ווייסט דו ניט וואס עס טוט זיך מיט דיר. אין די צייט וואס דו האלסט זיך אזוי אין גרויסען מיט דיין פריינדשאפט, פילסט דו נישט דאס אנשיקעניש וואס זי איז פאר דיינע נאענטע, מיט וואס דו ביזט עס זיי מכבד. און דו זעהסט נישט דאס אומרעכט וואס דו טוסט זיי, מיינענדיג אז דאס איז פריינדשאפט. איינגערעדט האסט דו זיך, אז דו טראגסט א גוטע טוגענד אין זיך — די פריינדשאפט. און געזעדט האסט דו א סך וואס דו קענסט טאן פאר דיינס א פריינד. אבער דאס בעסטע וואלסט דו געקענט טאן פאר איהם. ווען דו וואלסט איהם אין גאנצען נישט געטשעפעט.

ווי שטארק איז זי צווישען דיר און דיין שכן? צי ביזט דו זיכער אין איהר שטארקייט, דאס דו דארפסט נישט מעסטען? אדער דו האסט מורא צו מעסטען?

דו מעסט קיינמאל נישט דיין פריינדשאפט, ווייל קיינמאל טראכסט דו נישט ווי ווייט דו ביזט שוין געווארען א לאסט צו דיין פריינד. פארביטערט האסט דו דעם זון־אויפגאנג פון דיין פריינד ביז דעם טאג'ס פארגעהונג. אפגענארט האסט דו איהם אין די צארטעסטע אומשטענדען פון זיין גלויבען. באפוילען האסט דו איהם כלומר'שט אין דער פארם פון א פריינדליכער עצה. און אויסגעלאכט האסט דו איהם פאר זיין נישט נאכגעביגקייט. זיין שונא וואלט עס נישט געטאן.

א גוט מאנטעל האסט דו אויף זיך ארויפגעווארפען — דיין פריינדשאפט, אז אנשיקעניש פון דיין אויסטראכטען, דאס פאר־פירענדע, אפנארענדע און אזוי פיל ווייטאג טוענדע געשטאלט. עס איז נישטא אזא זאך ווי פריינדשאפט. עס איז נאר דא ליבע —

ליבע שוואַכערע און שטאַרקערע, און גאָר גרויסע. און איין שטאַפּעל פון די ליבע האָט אַ נאָמען געקראָגן — פריינדשאַפט, און דאָרט ליגט די פאַרנאַרונג פאַר פיל, פיל אומגליקליכע.

אין די שטילע לופט אַריין האָט זיך דיין געשטאַלט אויסגעקרימט, און די וואָס האָבן דיך געזען האָבן זיך מעהר נישט געלאָזט פירען פון דיר.

אין די שטילע לופט האָב איך געזען דיין אויסגעקרימט געשטאַלט. מאַך נישט קיין מענטליק מיט דיין פריינדשאַפט, וויל איך זאָגען צו דיר. זיי געדעכט, וועט זיך דער מענש קענען פילען ביי דיר בעסער ווי לעבען דיין פריינדשאַפט. אָבער איך ווייס, אַז דיין פריינדשאַפט איז דיין אויסטויש פאַר זיין געדעכט, כדי דו זאָלסט קענען זיין פאַרפירעריש און מען זאָל דיך נישט דערקענען.

ווי קענסט דו מיך פאָלגען און ליב האָבען מיינע ווערטער? איבער די צוימען פון די פריינדשאַפט האָסט דו אומגעוואָרפען דיין שכן. אין איהר פאַסטקע האָסט דו איהם אויסגענוצט. די שטעכיגע דראָטען פון דיין צוים האָט מען נישט געזען, ווייל זיי זיינען געווען פאַרשטעלט מיט דיין שמייכעל און מיט דיין פרידליכע אָפּוואַרטונג. און מען איז געגאַנגען צו דיר, דער דרעמעלדיגער באַגער פון מענשען פאַר ווערמען צו פאַרטרויען זיך, האָט איהם פאַרפירט, און דו האָסט אויסגענוצט. פיל מעהר אמת'ער וואָלסט דו געווען, ווען דו זאָלסט עס אַ נאָמען געבען די היימליכקייט. נישט ליב צו האָבען דעם מענשען קומסט דו. דו זוכסט דיין היימליכקייט ביי זיין זייט. איך האָב דיך געזען פאַרגעסענדיג אַז איהם, ווען ער האָט דיך היימליך נישט געקענט מאַכען. איך האָב דיך געזען איהם פאַרלאָזען, ווען ער איז שוואַך געווען. דו האָסט פון איהם חוזק געמאַכט אין זיינע צוואָוויטאַגסטע מאָמענטען, און צום סוף ביזט דו גאָר געווען באַליידיגט פון זיין באַנעמען זיך צו דיר.

ווען זיין האַרץ איז קאַלט געוואָרען פון פראָסט, האָסט דו איהם נישט געקענט אַנוואַרימען. אויך דו ביזט קאַלט געוואָרען לעבען איהם. די היימליכקייט האָט פאַרלאָרען איהר אַנציאונג, האָסט דו פאַרלאָרען דיין וואַרימקייט. איך האָב געזען, אַז פון גרויס טובה וועגען און פון גוטען מיין, האָסט דו איהם זיינע אויגען אויסגע־

סראצט. און דו אליין האסט נישט געוואוסט, אז אין אמת'ן ביזט דו א פארשטעלטער שונא זיינער.

ווייכען דארף פון דיר דער קלוגער, דו היימליכקייט־זוכער. א שונא ביזט דו דעם מענשען אין זיינע סאמע ערליכקייטען.

דיר האט זיך געדאכט, אז דערפאר וואס דו קענסט נישט צופאסען יעדען איינעם צו דיר, איז דער וואס דו פאסט יא צו אן אויסנאם פאר דיינע געפילען, און דערפאר רופסט דו איהם נישט מיט דעם היימליכקייט־נאמען, נאר פריינד, דאס הייסט דער אויס־געוועהלטער צו דיין הארץ. דאס איז דיין אליין איינגערעדטע אפנארונג. אפילו די פשוט'קייט פון אלע פשוט'קייטען, און דאס ערגסטע פון טיראניי קלויבען אויס זייערע קרבנות, פון וועמען זיי קענען אם בעסטען הנאה האבען. און נישט יעדען איינעם קענען זיי נעמען.

אזוי ביזט דו מיט די פריינדשאפט, מיט וואס דו האסט זיך באקליידט.

נישט אפנארען וועסט דו קענען דעם וואס וועט דיך דער־קענען, און צובראכען וועסט דו ווערען פון די פארניכטער. איך וויים דיין טראכטען.

ביי דיין פריינד ביזט דו געקומען זוכען דיין באקוועמליכקייט, און דו האסט א רעכט צו דעם אויך, ווען דו װאלסט נישט געוועזען צו איהם פארעטעריש, ווען דו געפינסט זי נישט. דיין פריינד, ווי דו רופסט איהם, איז דער זוכענדער, פונקט אזוי ווי דו, פון גוטסקייט. אבערביידע מוזט איהר זיין די געבענדע, אום ליבע זאל ביי אייך אנהאלטען. אבער נישט באשאפען קענט איהר עפעס. אהן שעהנעם באגער איז דיין הארץ.

און א גנב איז דיין געדאנק. אט דערפאר איז די נאענטקייט און די היימליכקייט פון דיר צו דיין שכן און פון איהם צו דיר א מאסקע און אן אפנארונג און ערנידערונג פאר א סך א סך צייטען אין אייער צוזאמען לעבען. נישט רעספעקטירען קענסט דו דאס ביי דיין פריינד, וואס ארט דיך און זאטשעפעסט איהם אויך. און פונקט אזוי ווי איך פאראכט דיך מיט דיין פאלשער היימליכ־קייט, פאראכט איך דיך אויך מיט דיין אומגעלומפערטע ערליכקייט

און דיין היימליכקייט. די לאסט ביזט דו געווארען פון דיין שכן און דו האלסט עס פאר רעכט און פאר גוט אזוי. דו האסט זיך איינגערעדט, אז ער דארף אויסשטעהן דיינע קאפריזען און איז מחויב אנצונעמען מיט ליבע די ווייטאגען פון דיר, די ווייטאגען וואס דו באשאפסט אין איהם. מיט פארוואורף ווארפסט דו איהם פאר זיין אקעגען שטעלען זיך קעגען דיר און זיין נישט וועלען ליידען.

אבער צי האסט דו זיך פארטראכט וועגען דעם וואס דו טיילסט איהם צו? צי האסט דו זיך פארטראכט, אז דו ביזט פאר איהם די פארביטערונג פון די גוטע פארברענגונג וואס ער זוכט לעבן דיר? דו ביזט ערליך און אומגעלומפערט אין דיין ערליכקייט. דו ביזט אריינגעקומען אין די היימליכקייטען אזוי אנאך צו לעבען, און דיין פארלאנג איז געווען א פארצווייפלונג פאר דעם גוטען, פאר דעם וואס האט געזוכט די ליבע אין דיין חבר'שאפט. און ברוגז ביזט דו נאך געווען אויף די גאנצע וועלט פאר נישט וועלען דיך פארשטעהן און אנטלויפען. און קיינמאל, קיינמאל האסט דו זיך נישט פארגעווארפען איבער דעם וואס דו זוכסט און פארלאנגסט.

דיין פריינדשאפט טויג נישט. איך רוף עס די היימליכקייט. דאס טויג אויך נישט. דו קומסט נישט דארט מיט דיינע נייע ערליכקייטען זוכען דיין חבר נאר צו באפעסטיגען דיינע פריערדיגע איינלעבונגען אין דיין נאטורס דרימעלדיגע געוואוינ־הייטען. נישט דאס איז דער ארט וואו איך וואלט ליב געהאט דיך צו זען. און דיין פריינדשאפט ביזט דו דאס אנהענגעניש אויף דיין חבר, די לאסט וואס פארשטיקט צו ביסלאך, די לאסט וואס קוועטשט די ברוסט נאך ערגער ווי א פיינד, ווייל דו ווייסט נישט ווי אזוי איהר גרויס צו האלטען, דו ווייסט נישט ווי אזוי איהר צו באצירען, דיין חבר'שאפט. און נידעריג ביזט דו, ווייל דו ווילסט אויך נישט וויסען דערפון.

אומבאשמוצט קענסט דו איהר נישט האלטען, דיין היימליכ־קייט מיט דיין חבר, וואס האט זיך אין ליבע באדארפט פארוואנד־לען. נאך ביים אנפאנג דארט זי שוין איין. און איהרביידע געפינט זיך לעבן איהר ווי לעבן עפעס אן אפגעשטארבענעם וואס איהר קענט נישט זען און עס עקעלט אייך צום חלש'ן. ווייל די

אומצופרידענהייט פון אייערע הערצער פילט איהר. נאר די ערבי־טערונג וואס איז עפעס אומאויפקלערבאר דריקט אייך און פאר־פאלגט אייך.

איך האב דיך געזען זיין א שקלאף אין דיין פריינדשאפט. דו ביזט געלעגען איינגעבויגען אונטער דיין חבר'ס שלעכטע באהאנד־לונג, אזוי ווי אונטער א שווערע משא, און דו ביזט געווען געהארכ־זאמער ווי א הונט, טראצדעם וואס אין דיין הארץ האסט דו געפילט דעם גליענדען וויטאג פון פראטעסט. דיין רעכט האסט דו פאר־קוועטשט אין א לאד, און דו ביזט געהאנגען אן דיין חבר וואס האט דיך אויסגעלאכט. דאס איז געווען דיין ליידענשאפט פון א שקלאף, וואס דו האסט א נאמען געגעבען פריינדשאפט, און אמאל האסט דו עס אויך ערנסט גערופען געטריישאפט. נאר דאס אויפרייצענדע און ערשיטערענדע אזוי ווי דער אפיום פאר א שכור. אזוי איז געווען דיין פריינד צו דיר, און דו האסט זיך נישט אפגעריסען פון איהם. דו ביזט נישט אוועקגעגאנגען און אנטלאפען פון איהם. איך האב דיך געזען פיל צופרידענער, פארלירענדיג דיין ווערט ביי די זייט פון פריינד, ווי ווען דו ביזט געשטאנען אהן איהם אין דיין פולען ווערט. איך האב דיך געזען קוקען מיט די אויגען פון א פארצווייפעלטען פון כעס איבער די באהאנדלונג פון דיין חבר, און דאך ביזט דו געקומען צו איהם, קיינמאל, קיינמאל ביזט דו נישט אוועק־געגאנגען.

געטריי האסט דו געקענט זיין, אבער נישט פארלאנגענדיג, פארצווייפעלט און נישט מוטיג, נאכגעביג איידער נישט נאכלא־זיגקייט. איך פאראכט דיך, דו דאזיגער מיט דיין פריינדשאפט וואס דו טראגסט איהר ווי דעם שווערען פאק פון א קנעכט.

איבער דיר הויב איך זיך אויף און שריי אוים צו מיינע צוהע־רער, זיי זאלען דיך פארלאזען, אויך דיך רוף איך ארויף צו מיר.

איך פארהאס די דאזיגע ערליכקייט דיינע.

אויך האב איך געזעהן די אמת'ע ליבהאבענדע זיך קריגען, און מיר איז עס אויך מאוס געווארען. מענשען וואס האבען זיך ליב, מאכען זיך נישט קיין וואונדען. און ביליג איז געווארען זייער ליבע, ווען זיי האבען זיך ווען געטאן. די אפנארונג אין אמת —

דאָס זיינען זיי ביידע געווען, און זיי האָבען דאָס דערפיהלט. ווען זיי האָבען זיך ווען געטאָן און נאָכהער איבערגעבעטען זיך.

איבער זיי שריי איך אויס צו מיינע צוהערער, זיי זאָלען אוועקגעהן פון זיי, און צו די איבערגעבעטענע זאָג איך, זיי זאָלען זיך צושיידען און אַרויפקומען צו מיר. פאַרטראַכט קוק איך אַרונטער צו אייך, און איך זעה ווי איהר טראָגט אויף זיך די משא פון פריינדשאַפט.

---

## די מוטערשאַפט

און נאָכגעטראַכט האָב איך וועגען דיינע הייליגקייטען. דאָס וואָס דו לאָזט נישט פאַרשוועכען, און צו דעם וואָס דו טראָגסט אַ יובעל, גלייך צו אַן אָפּגאָט ווערט דאָס געשטעלט. און פאַרגעסען ווערט די עולה אקעגען דעם נאָמען וואָס ווערט דערמאָנט. און פון זיי האָב איך צוערשט אויסגעקליבען די מוטער.

איהר עולה ווערט פאַרגעסען ביים דערמאָנען איהר נאָמען. איהר כוח דערשלאָגט די געדעכטע געגנערשאַפט. נישט געקומען בין איך פאַרשמוצען דאָס הייליגסטע פון אַלע דיינע הייליגקייטען. איך קום נאָר אויפשניידען און ווייזען דאָס וואָס איז אין איהר פאַרשטעלט. דאָס וואָס איך האָב פיינט געהאַט פון די צייט ווען איך האָב איהר געזעהן אַלס מוטער, דעם וועג אויף וועלכען זי האָט געפּלאָסטערט די אַזוי פיל באַשריענדע אָפּערווילינקייט צו איהרע קינדער, און די ליבע וואָס זי האָט פאַר זיי אויסגעשפּרייט די לעהרע אויף וועלכער זי האָט זיי געפירט, די אמת'ן און עהרליכקייטען וואָס זי האָט זיי געלערענט.

זי, וואָס האָט געטראָגען די ערציאונג פאַר דעם מענשען, ווער איז ער אַרויסגעקומען, אויב ער איז פאַרפאַלקאָמט געוואָרען נאָך איהר ווילען? און ווער איז ער אַרויסגעקומען זייענדיג אויסער איהר איינפלוס?

מיין קאָפּ בייג איך אַראָפּ און זעה די ערצויגענע פון די מוטער, די באַצוואונגענע אויף דעם וועג פון די אָפּשטויסענדע פאַר-

גאנגענהייט, די באטרעטער אויף דעם לעבענסוועג מיט די מוטער׳ס ירושה פון אינסטינקטליך־באגערליכע געוואוינהייטען, וואס זיינען אויסגעאיבט און אויסגעלערענט געווארען דורך יאהרען און יאהרען, מיט דער פרעטענזיע פון בלומרשטע געטריישאפטען דורך איינגע־וואוינטע געהארכזאמקייט און באצוואונגענע אונטערטעניגקייט.

דיין היילינקייט איז א וואכעדיגקייט. עס איז נישטא וואס צו פארטיידיגען, אודאי נישט מיט וואס זיך גרויס צו האלטען.

די מוטער איז געווען די ערשטע וואס האט אויסגעלערענט דעם מענשען צו פאלגען. זי האט פארפלאנצט אין איהם די בלינד־קייט וואס האט איהם א סך, א סך מאל געמאכט אונטערטעניג, און זי האט צוגעהאלפען צו דערשטיקען אין איהם דעם פארטיידיגונגס־געפיהל פון זיין גייסט.

נישט געגאנגען איז זי מיט רעכט אקעגען איהרע קינדער, דא־מאלס ווען זי איז געווען קעגען זיי, דאמאלס ווען זיי זיינען גע־רעכט געווען. מיט איהר לאשטשען און טרערען האט זי צוברא־כען זייער גערעכטע הארטקייט און אויך זייערע טייערע אוצרות. וויפיל מאל האט די מוטער פארטריבען מיט ווייטאג און מאכט דאס וואס ביי איהרע קינדער איז געווען הייליג און גרויס, און אויך אין אמת׳ן איז דאס געווען הייליג און גרויס?

עס האט געשמייכעלט דער מוטער׳ס קלוגער פנים איבער איהר קינדערס זוכען, איבער זייערע ווייען. אויך געוויינט האט זי, געוויינט און געלאכט דורך דעם פענסטער פון איהר שכל.

צי איז זי דען גערעכט געווען? צי איז זי דען אמת געווען? דארט וואו זי האט געדארפט שמייכלען איז זי באטרויערט געווען, און דארט וואו זי האט זיך געדארפט פרעהען האט איהר וויי גע־טאן, און צום סוף איז זי צופרידען געווען וואס זי האט אויסגעפירט, ווייל אזוי האט זי געלערענט איהרע קינדער, און דאס וואס זיי האבען איהר געפאלגט, האט איהר גע׳חנפ׳עט.

נישט מיט די רויע מאכט פון א טיראן האט זי דורכגעפירט איהרע וואונשען, נישט מיט דעם ברעד־אייזען פון נויט האט זי געהאלפען צוברעכען דעם גייסט פון דעם מענשען, קיינער האט נישט געקענט טאן וואס זי האט געטאן, ווייל קיינער האט נישט די וואפען

וואס זי האט — די וואפען וואס קומען פון איהר הארץ און מוח אפצונארען דעם געבענדען. וואס נעמט עם אן פאר מתנות, א סך מאל וויסענדיג וואס זי טוט און א סך מאל טוענדיג עם דורך אינ־סטינקטיווען באגער.

נויטוועגדיג זיינען איהרע לאסטשערייען פאר דאס ניי־געבארען קינד. אבער מיט זיין גייסט דארף ער דערפאר נישט באצאלען. אומבאשיצט און פארטרויט ווערט זיין נאר וואס שפראצענדער גייסט אונטער די לערען און אנווייזונגען פון א מענשען, וואס דארף אליין געלערענט ווערען און א סך מאל אויך פאראכטעט ווערען.

איך, ליידען, האב גענומען דאס קינד און אזוי געזאגט:

אין וואס פאר אן ארט ביסט דו ערצויגען געווארען און אין וואס פאר אן ענגשאפט איז דיין גייסט אויפגעוואקסען? א קאליקע זע איך דיך, פונקט דארט וואו דיין נשמה האט געדארפט זיין געזונד. אן איבערגעריסענער ביסט דו מיט דעם אנטואכץ, וואס דיין מוטער האט אויף דיין גייסט באהאנגען. אין דיין ווייטען גאנג אין לעבען זע איך דיך נאך אלץ מיטשלעפענדיג די שולדען פון דיין מוטער. אין דיין מוח טראגסט דו די אומוויסענהייט אקעגענצושטעלען זיך קעגען די בייזע ווינטען אויף דיין גייסט, וואס צוברעכען דיך סוף כל סוף.

נישט דא וואס צו לי בען די מוטער, נאר פילען געוואוינהייט צו איהר קען מען. מען קען זיך ליידענשאפטליך פארבונדען צו איהר ווי דורך צערטלען און זארגען. דאס לעצטע וואס א סך מאל איז גלייכער, אז עס איז נישטא. מען קען פילען צו דער מוטער נאהענט, ווייל די וועלט איז א קאלטע. דאס דאזיין איז א אומ־ווארימליכער. מען קען איהר ליב האבען אויך פאר איהרע זארגען און איהרע אומגליקען, אבער קיינמאל, קיינמאל קען מען די מוטער נישט ליב האבען מיט יענער גרויסער ליבע, וואס דרימעלט נאך שטיל פאר די צוקונפט צו געהערען צו די גרויסע איינציגע.

אויף די פאלשקייטען האסט דו איהם באגלייט. אויף דעם וועג פון געהארכזאמקייט און פאלגען, וואס פיהרט סוף כל סוף צו

זיין פארניכטונג, האסט דו איהם ארויסגעפיהרט און אנגעוויזען איהם די הארען פון לעבען.

פארוואס האסט דו איהם געלערענט אזוי? פארוואס האסט דו פארפלאנצט אין איהם א רעספעקט צו די העכערע, וואס האט געהאלפען פארמינדערען זיין ווערט און געמאכט מורא צו האבען ארויסצוקומען מיט זיין רעכט? די פאלשע ערליכקייטען האסט דו איהם אנגעוויזען און ער, א נאר וואס פארפלאנצטער מענש, איז אויסגעוואקסען קרום. ער איז אויסגעוואקסען דער דארן אין זיין אייגענעם הארץ. אין קריג איז ער געווארען די וואפע אקעגען זיין אייגען פלייש, ווייל דו האסט פארפלאנצט אין איהם אלס ערשטע קערנער די געהארכזאמקייט, און ווען ער איז געפאלען אין שלאכט טראגט ער אויסער די שולד פון אנדערע, אויך דיין שולד.

דו האסט איהם נישט געלערענט די פאלשקייטען פון דער פרוי. און ווען ער איז אפגענארט געווארען פון זיין געליבטער, ער, א נייער פלאנץ, איז ער משוגע געווארען, נאך באשיינט האסט דו איהם די פאלשקייטען פון דער פרוי, און אין בעסטען פאל האסט דו איהם נישט אויסגעזאגט וועגען זיי. דו, אלס מוטער, האסט איהם גע־דארפט אנווייזען דעם אמת און די פאלשקייט, כדי איהם צו פאר־היטען, אויב עס איז אמת, אז די מוטער טראגט פאר איהם די ליבע. אויף דעם וועג פון בלינדקייט איז ער ארויסגעגאנגען, ווען עס איז געווען א מענש וואס זאל איהם זעהנדיג מאכען. נאר זיין אייגענע מוטער, דו ביסט די אפנארענדע פארפירונג פאר דיין אייגען קינד, די פארפירונג וואס אלע לויבען און זעהען נישט, וואס אלע שפירען און פארשטעהען נישט. דיינע געטריישאפטען זיינען אן אפנארונג, אן אפנארונג פאר דעם גלייכען גאנג פון מענשענס גייסט, און דו אליין ביסט א צושטערעריז אין דעם וועג פון רעכט.

וואס פאר א פעסטקייט אין זיין כאראקטער האסט דו אין איהם פארפלאנצט?

די פוסטקייט אויף די בלינדקייט. זיין כאראקטעריסטישער, פעסטער ווילען נאכצוגעהן און טאן אלעס ווי דער כלל, דאס אויס־לאכען זיך פון דער גרויסקייט וואס געהערט נאך צו דער ווייטער צוקונפט און נישט צו דענקען.

און אויך צום סוף האסט דו אין איהם פארפלאנצט דעם בייזען ווילען צו פאר׳מאוס׳ען אנדערע דאס לעבען ווען ער וואקסט אויף, ווייל פארביטערט איז ער פאר די נישט נאכגעביגע גוטע ווינשען זיינע און פאר די הארצלאזע באהאנדלונג פון זיינע אייגענע פאנ־טאזיעס.

נאך אין דעם קינד האסט דו שוין צובראכען דעם מענשען. אין דעם קינד שוין האסט דו ארייגגעגאסען גיפט און ער וואקסט אויף מיט א געפיל פון נישט ווערען וויסען און נישט מיטפילען. און דא אנטוויקעלט זיך דער נידעריגער עגאאיזם, וואס זינקט דעם מענשען ארונטער אין די טיפסטע בלינדקייט און פאר׳מאוס׳ט זיינע מיט־מענשען דאס לעבען. יעדע גוטע זאך ערשיינט פאר דעם מענשען פארהילט אין א שלייער, וואס ליגט ווייט, ווייט פאר דעם שפעטער, ווייל ער ווייס אז יעצט איז נאך עפעס אומצייטיג. אויך דו אלס מוטער ליגסט יעצט פארהילט אין שלייער, וואס זאגט צו גרויסעס פאר דעם שפעטער, אבער דערווייל ביסט דו עס גישט. עפעס אומ־געפארמירטעס ביסט דו יעצט מיט דיין אינדיווידואום, איינגע־קארטשעט, אומצייטיג, און אזוי פיל ווייטאנדיגעס, ווייל דיין געבורט דארף יעצט קומען צוזאמען מיט יענע געבורטען, וואס דאר־פען דעם מענשען העכער מאכען און זיין נשמה מיט קוויסעניש אנפילען.

הער דעם רוף פון מענשען. אויך דיך זוכט ער אין זיינע זוכענישען. נאך דיר גארט ער אין זיינע גרויסקייטען. ער שטארבט מיט דער ליבע אומאויסגעבליט, ביי איהם, ווייל קיינער איז נישט ווערט געווען, און קיינער איז נישט געקומען צו איהר און עס פארלאנגט.

דו, אומפארענדיגטער גייסט, געה אקעגען נאך דעם שאץ, וואס איז פאר דיר און ווערט פארוויאנעט.

און גרויס מוזט דו פריער ווערען, כדי דו זאלסט איהר נישט דער׳הרג׳ענען מיט דער גראבער באהאנדלונג פון א גראבער נשמה. העכער ווי דאס ערדישע האסט דו זיך שוין אויפגעהויבען. נאר אזוי ווי אהן א טאלק ביזט דו אין מיטען, דו דערגרייכסט נישט די הויכקייט.

עס האט גערופען דיין זון אויף דעם שלאכטפעלד דיין נאמען נוסס'דיג, איידער ער איז אויסגעגאנגען אין גערעכטען קריג, און דו אליין האסט איהם מיט שטאלץ און ערען־געפיהל באגלייט אויפ'ן וועג אלס קריגער, און דו האסט איהם געפירט אויף דעם אומאנט־פלעקטען פלאץ, וואס פילט אן מיט שרעק דאס הארץ פון פרע־הענדען. און דו האסט עס נישט געזעהן. שרעק און בלינד זייט איהר געוועז, ווען דאס איז געוועז דער אמת, דער שרעק וואס די אומגעזעהענע קלוגשאפט האט פאראורטיילט די בלינדע, די טרעגער פון די וואפען איהר אונטערצוואכען, דאמאלס ווען זיי האבען אנגעהויבען צו פארשטעהן, דער שרעק פאר זיך אליין איבער דאס געזונקען זיין.

אין דיין אומגליק האט ער אויך געפילט דיין פיין, אבער אין דיין פרייד האט ער איינזאם געקענט זיין. זיין אומגליק האסט דו גראב באהאנדעלט, א סך מאל אויסגעלאכט, און א סך מאל אריינ־געלאכט איהם גלייך אין פנים. און זיין פרייד האסט דו אויך מערסטען טייל נישט פארשטאנען.

און דאך האט ער גערופען דיין נאמען. ער האט איהם גע־רופען אין נויט. ער האט איהם דערמאנט אין אלע צייטען און אין אלע אומשטענדען, אבער קיינמאל נישט אזויפיל ווי אין נויט.

דאס איז געווען דערפאר, ווייל דו פארמאגסט אן אוצר, א טוגענד וואס איז גרויס און קען נישט געמינערט ווערען, אפילו דו ווערסט שוין צוקומען צו דער סאמע הויכקייט אויף די שטאפ־לען פון אינדיווידואום.

גרויסע ליכט שיינען פאר דעם מענשען אין דעם פינסטערען וועג ארויף צו די אינדיווידועלע גרויסקייט, און איינס אזא ליכט פארמאגסט דו. דאס ליכט וואס דו פארמאגסט און לייכט פאר די מענשען קומט ארויס פון איהרע סאמע שרעקענסדיגע ווינקעלאך, און אזוי ווי אן אנפאלער אויף דאס שווארצע, דאס אומפארטרוי־ליכסטע פאר די מענשען, ווייל עס בשום אופן נישט אפטרעטען פון דארט, און היט דאס הייליגסטע פון מענשען, וואס קען דארט אריינגעשלעפט און אויסגעמארדעט ווערען.

דאס איז די מורא, מיט וואס דו באוואכסט דיין קינד, די

מורא וואס היט איהם אפ, וואס באוואכט איהם, וואס אפערט דיך פאר איהם.

דארט וואו דער אנגרייפער איז באפאלען דיין קינד, האט דיך די מורא געמאכט פאר א קעמפער און פאר א שונא, און ווען פיל מיט סודות פאר דיר קלערסט דו וועגען איהם, פילט ער די פליגלען וואס דיין מורא האט אויף איהם פארשפרייט און רוט ווי אונטער דעם שוץ פון אן אפהיטענדען, דאס וואס איז אזוי נויטווענדיג פאר דעם מענשען. און זיין דארענדיגען וועג האט איהם דיין מורא אפגעהיט. דיין געטריישאפט איז געוועז א קינד פון דיין מורא, און ער האט געגאסען דערפון.

נישט די ליבע פלאקערט אין הארצען פון דער מוטער, נאר די מורא. דאס איז איין ווערט וואס זי טראגט, ווייל זי היט אפ איהר קינד, אבער ליבע איז עס נישט. זי היט אפ אזוי אויך דאס קינד וואס איז נישט געראטען, און זי טראגט נישט פאר דעם קינד די געבאטען און די לערען וואס זיינען ווערט פאר א מענשען. זי פארמיידט די ערוואכונג פון א נייעם געוויסען און איינגענעם געוויסען. זי פארמיידט די געבורט פון א פרייד ביי דער ערוואכונג פון א נייעם געדאנק אדער פון א נאר זיך אליין געוואונשענעם באגער. זי פרייט זיך איבער די געהארכזאמקייט פון קינד.

א מענש וואס ליבט א צווייטען האט נישט ליב צו זעהן זיין געהארכזאמקייט. ביי דער זייט פון מיין געליבטען האט מיך די געהארכזאמקייט פארשעמט און ערנידעריגט. ווי אזוי קען די מוטער זאגען, אז זי ליבט איהר קינד, אז ער קען דאס נישט זאגען?

ביי דער זייט פון מיין פריינד האט מיין געהארכזאמקייט איהם דערפרייט און מוט געגעבען. אזוי וואלט דאס קינד געקענט רעדען וועגען זיין מוטער פון דעם ארט ווי אזוי זי ערציט איהם.

און דערפאר זאג איך, ליידען, אז עס איז פאלש די ליבע פון דער מוטער, פאלש נישט פון איהר. פאר איהר איז עס מעהר באגערענדע, ליידעשאפטליכע ווינשונגען ווי אמת'ע ליבשאפט. אבער אין די אויגען פון די מענשען איז עס פאלש. זי, די מוטער, אלס גוטער מלאך, איז נאר דא אין די מוחות פון די אומפארשטעהענדע.

אין די געפילען פון די ערנידערונגען האב איך געבעטען די

זאנפטע היילונג פאר מיין נשמה, פאר דער נשמה וואס איז געברענט געווארען אין דעם פייער פון מיין פארצערונג, פאראורזאכט פון מיינע מיטמענשען, און קיינעם האב איך נישט געפונען וועמען זי צו געטרויען, און די מוטער איז צו מיר געווען פרעמד, פונקט ווי מיינע פריינד.

ווען איך האב געבענקט נאך דעם גרויסען אינדיווידואום בין איך אליין געווען. די מוטער האב איך דאמאלס נישט געזעהן, ווייל ליידיג איז געווען דער רוים פאר מיינע אויגען, אויף וועלכען איך האב געזוכט.

און איינגעקריצט האב איך אין מיין נשמה דעם באגער צו האבען וואס איך וויל, און אויסהאקען וויל איך פאר זיך דאס וואס איך זוך און קען נישט געפינען. איך וויל שאפען דעם מענשען וועמען איך זאל טראגען אלס מיין ווערט.

אין דעם אפער פון מיינע ליבשאפטען, אין יענער צייט ווען מיינע פילע לעבענס־טעג זיינען אין גארנישט אויסגעגאנגען, האב איך זיך אפילו ביי די זייט פון מיין מוטער נישט געפיהלט באַ־פרידיגט, און איהרע ליבשאפטען האבען מיין פארלוסט נישט אומ־געקערט. ווי אהן די זון פאר דאס געוויקס איז זי געווען פאר מיר, ווייל זי איז נישט גרוים געווען, און איך האב זיך נישט געקענט פרייליך מאכען, אדער עפעס גרוים איבערלעבען פון איהרע אייגענ־שאפטען.

יעצט, אין די זומער־טרוימען פון מיין לעבען און מיין יוגענד, ווייל צו דער עלטער לעבט שוין מערסטען טייל נישט די מוטער.

זאג איך:

וויגוט וואלט געווען, ווען די ערשטע גרויסקייט וואלט געווארען די מוטער, ווען ביי איהר וואלט דער אינדיווידואום פריער צייטיג געווארען ווי ביי אנדערע. אבער איך וויים, אז עס איז אוממעגליך און איך באדויער עס. אויף דער ערד ליג איך און טרויער איבער דעם פארלוסט, וואס די מענשען האבען איבער דער מוטער.

זי איז די ערשטע אנטוישונג פאר דעם מענשען, ווייל צו די פארבינדונגען וואס זי האט מיט איהם דארף זי זיין היילינגער ווי

זי איז. א פארלוסט איז געווארען ביי דעם ניי־געבארען קינד, ליגענדיג ביי דער זייט פון אומרייפען גייסט פון זיין מוטער.

איך ווייס, אז פארדריסען וועט דיך די רייד, וואס איך רעד איבער דיין מוטער. אבער דיין פארדרוס דארף נישט זיין די גרענעץ ווי דו זאלסט זיך מיר אקעגענשטעלען, ווייל דאמאלס ווערסט דו דער שיצער פון דעם קראנקען, נישט באשיצען זאלסט דו דעם קראנקען גייסט וואס פארפוילט דעם מענשען אפילו ווען ער דארף געהיילט ווערען ביי די וואס זיינען דיר זעהר ליב, ווייל ווי ווייטאג־דיג דאס שניידען וועט זיין וועט דיר די געזונטקייט באצאלען פאר אלץ וואס דו האסט געליטען. די געזונטקייט וואס דו וועסט זעהן ביי דיין געליבטען און דער געזונטער וועט זעהן זיין פארגאנגענע נידער־ריגקייט און וועט דיך ליב האבען מיט א נייער נשמה און וועט דיר ברענגען דישאפונגען, צו וועלכע דיין לעבען וועט זיין דאס אנקומען צו גרויסע ווערטען.

אויף מיין וועג האט אקעגען געשיינט דער מוטער׳ס מתנה, די מורא.

און פאר דעם האב איך איהר ליב געהאט און איך האב איהר געוואונשען עס מיטצוטראגען אוי פדעם וועג צו איהר דערקענונג.

איך האב איהר געזעהן אייביג טרויערען איבער דעם טויט פון איהר קינד.

די מורא האט פארלארען איהר באדען, אויף וואס עס האט זיך אויפגעהאלטען, איז עס געווען אזוי ווי א גליד וואס מען האט ביי איהר ארויסגעריסען. דערפאר האט זי אויך אייביג געטרויערט, ווייל דער מענש איז אונטערגעגאנגען, פאר וועמען זי האט געטראגען איהר מתנה.

איך האב איהר געזעהן שטארבען פון צרות פאר איהר קינד. דאס איז געווען דערפאר וואס זי האט נישט געקאנט אויסהאלטען וואס איהר מתנה האט נישט געקאנט שיינען איבער וועמען און האט נישט געקאנט דערלאנגען צו איהר קינד מיט דעם גאנצען פלאם.

טראג זי, טראג זי, מוטער, אויף דעם וועג צו דאס גרויסע און

זיי שטאַלץ אויף דיין פאַרמעגנ, וואס דו שענקסט דאס ערשטע דיין קינד.

עטוואס פאַרפאַלקאמטעס איז געבארען געווארען לעבן זיין צווילינג גייסט, דאס אומפאַרפאַלקאמטע, וואס ליגען אין דיין טיפער, אומגעזונטער נשמה און עס שמעקט ארוים אלס דאס צייטי־גע פון דעם מענשען וואס איך האב ליב. זיין דופט וועקט דיך ווייטער. דיין גייסט וועט אין גאַנצען געזונט ווערען. אבער ביז דאמאלס מוזט דו זיך אויסקלייבען וואס ליב צו האבען און וואס צו פאַראַכטען און אויך די אונטערשידען פון די אמת'ן.

---

# די ליעבע

און נאך פון א היילינקייט וויל איך רעדען צו אייך.

העל האט מיך באשיינט איהר געבורט און וועה האט מיר געטאן איהר אונטערגעהן. א גרויסע זאך איז זי, וואס שטאַרבט פונקט אזוי ווי דער מענש און אויך פאַרשידענאַרטיג אונאַנטוויי־קעלט און אומפאַרפאַלקאמט, פונקט אזוי ווי ער.

און צייטיג גאר איך זי צו זעהן ביי דעם מענשען וואס איז צייטיג געווארען.

דאס איז די ליבע.

פאַר פאַרשידענע צוועקען ווערט זי אויסגענוצט, פונקט ווי זיין טרעגער. זי העלפט דער הערשאפט פון טיראַניי קומען פון דעם איינציגען איבער דעם איינציגען. זי העלפט דעם שקר פאַר אן אמת מאַכען, און פילט אן מיט מוט די וואס ווילען זיך דעם אמת אקעגענשטעלען.

אבער אין איהרע צאַרטע אומשטענדען, אין די מאמענטען ווען זי טיילט זיך אפ פון דעם אלעם, שלאָגט זי מיט דעם ווילען פון דאס אמת'ע, שעהנע און באשאפט דעם מענשען גאַרנדיגע פאַר־דרעמלונגען וואס מאַכען איהם העכער, נאר וואס האבען נישט געקענט באשאפען ווערען אהן איהר צויבערליכען באריר.

די פאַרדרעמעלטע אויפוואַכונגען וואס ליגען אין דעם מענשען מיט דער אייבינער בענקשאפט נאך דאס איבערגעווייגליכע, נאך

דאס איבערוואכיגע, נאך דאס אויסנאמליכע, ווערט ארויסגעבראכט נאר אין זיין צוזאמענקומען מיט ליבע.

אבער זיי קומען ניש טארוים פארפאלקאמט, ווייל עס איז דא א שטער אין די הייליגקייט, די אומפאלקאמענהייט, די אומצייטיג־קייט.

זי, די ליבע, דארף ווערען בעהאנדעלט און פאר שטאנען ווי א באזונדער אינדיווידועלער שפראץ און ווי א שאץ וואס וואקסט אויף איין פלאץ מיט אנדערע שאצען. אין דעם אינדיווידואום, אין מענשען גופא, ווייל זי איז דאס איינצעלנע וואס קען לעבען און אונטערגעהן אלס שאץ פאר זיך און איבערלאזען איהר פלאץ אומ־ערפילט און באטרויערט פון נאך א לעבעדיגען מענשען. און נאך מעהר, ווייל ווען א מענש שטארבט, איז דער צווייטער גאנץ, אבער ווען דער שאץ פון א מענשען שטארבט, בלייבט איינער צובראכען.

זי, די ליבע, וואקסט אבער אוים אין דעם מענשען קרום און פאר'מאום'ט אזוי ווי אלע טוגענדען, און דער אייגענטימער, דער מענש, מוז זעהן אויך זי צו פארפאלקאמען, צו פאראכטען, צו פאר־ניכטען, כדי זי זאל אויפוואקסען פאר איהם דער שאץ פון ווערט אין זיין אינדיווידואום, כדי ער זאל קענען געהן אויף דעם וועג צו זיין דערקענונג מיט זיינע ווערטען.

איך האב געזעהן דעם מענשען בענקען נאך דעם הויך פון א נייער וועלט, ווען ער האט זיינע מיטמענשען זייער לעבען פאר־וואכעדיגט, און ער האט ווייטער אזוי געלעבט און געטאן דאס, וואס ער האט אזוי געוואונשען אז עס זאל אנדערש ווערען.

און איך האב געזעהן די ליבע, ווען זי האט געהויכט מיט די־ טרוימען פון א נייער וועלט, ווען אין דער זעלבער צייט האט זי גע־פייניגט און צובראכען דעם מענשענס לעבען, ווייל ביידע זיינען זיי נאך נישט צייטיג געווארען.

איך האב געזעהן דעם האס פון אומגליק פארניכטענדיג דעם מענשען, און אין דער זעלבער צייט האט דורכ'ן אומגליק דורכ־געשטראלט רחמנות אויף דעם קרבן, ווייל אויך די טוגענד איז נאך צייטיג נישט געוועו. די שאצען פון דעם מענשען זיינען נאך אומ־

ערוואקסען און קרום געוואקסען, אז זיי טוען נאך ווי זיינע אייגענע גלידער. אזוי איז אויך די ליבע.

אויך איז ענג געווארען אין דעם קאמער פון דיין אינדיווידואום דאס ארט פאר די פאראכטענדע ליבשאפטען דיינע. ענג איז געווא־רען דיין אינדיווידואום פאר די בייזקייטען, וואס מערען זיך און וואקסען אוים פון דיר, ווייל נישט פאר זיי ביזט דו, נאר געגען זיי.

איינהילען זאלסט דו זיך אין דעם טרוים פון דענקען און א גלוסט זאל דיך אננעמען צו באשאפען די ליבע א פאלקאמענע.

פאר׳מאוס׳ט זאלסט דו רופען דעם טאג, ווען די ליבע האט די שולד פון פארברעכן געטראגען.

פאראומרייניגט זאל ווערען פאר דיר דער מענש, וואס האט די ליבע אז אומצייטיגע געטראגען, און פון איהר זיך באפרידיגט.

ביי איהר באריהרונג האב איך דיך געזעהן אויפוואקסען, אבער נישט דערוואקסען ביזט דו געווארען, נאר א פארזעהעניש אין איהר קלייד וואס זי האט דיר אנגעטאן.

דו טראגסט דעם גוף אום דיין חבר, דיין נאענטען פריינד, צו פאר׳סמ׳ען מיט דעם כח פון ליבע, דער כח וואס זי האט אין דיר אריינגעגאסען.

דו טראגסט דעם לאנגזאמען טויט פאר ווענען א מתנה מיט איהר כח. אזוי ווי א שד ביזט דו אין איהרע באהעלטענישען, און אום כדי דיר צו ווייזען ווי אומקלאר און נישט צייטיג זי איז ביי דיר, ווי פארשידענארטיג אין איהרע בייזקייטען, אזוי איז זי אויך פארשידענארטיג אין איהרע גוטע באשאפונגען. וועל איך דיר אנווייזען ווי זי איז, אויך דער באשיצער פון דעם איינציגען, דער באשיצער, וואס באזיצט זי מן הצד, דער וואס געניסט פון איהר, און זי ברענגט דערפאר דעם איינצעלנעם צו א העכערען ווערט איז די אויגען פון צווייטען און לערענט הייליג צו האלטען דעם אמת׳ען שאץ, דעם אינדיווידואום.

קיינמאל בליט נישט אזוי הויך דיין אינדיווידואום ווי אין דער ליבע, און קיינמאל איז ער נישט אזוי נידעריג געזונקען אין דער זעלבער צייט.

נאך נישט צייטיג ביזט דו מיט דיין ווערט, די ליבע. און דו

מוזט טראגען די ווייען פון איהר אנקומען וואס פארקריפלען דיין גייסט.

און די ליבע וועט דיך לערנען אויף דיין וועג דעם אינדיווידואום גרויס צו האלטען. דיין טרויער נאך איהר אפשטארבען געפעלט מיר. די פארגעסענהייט אין איהר ווייזט מיר דיין פראסטקייט און נישט פילענדען ווערט פון מענשען.

זאל דיר פעלען איהר פארלוסט. אזוי זאל ביי דיר הייסען די אמת'ע ליבע. נאר רופען וועל איך דיך צו מיר, ווען דו וועסט אין זינען האבען דעם ווערט פון מענשען, ווען דו ליבסט. זיין פארלוסט דורך דיר, וואס דו ביזט איהם שולדיג געווען וואס ער האט פארלארען פון זיין ווערט זייענדיג ביי דיין זייט און באליידיגען זיין אינדיווידואום און אויך איהם פארפעלען העכער צו מאכען. און אויב דו קענסט עס נישט, קענסט דו נישט ליבען, איז נאך דיין שאץ זעהר און זעהר פארקריפעלט.

דערעסען איז מיר געווארען צו קוקען אויף דיר, ווען איך האב געטראכט פון דיין ליבע, און איך האב זיך אוועקגעדרעהט. דו וואס ציסט די ווארצלען פון דיינע שאצען, דו צופוילסט זיך אליין, מיט דיין האנט האסט דו דאס הארץ צוקוועטשט, און דו האסט נישט געוואלט פארשטעלען דאס גיסען פון בלוט. אזוי ווי א שומר ביזט דו געווען, פון דאס בייז טוענדע זיך אליין, אז דו זאלסט דורך און דורך פארפוילט ווערען. און דיין שכל איז געווארען ביי דיר געשענדעט.

און אוועקגעהענדיג פון דיר האב איך געזאגט:

א נייער מענש זאל אויפוואקסען פון דיר, וואס זאל טראגען די אומגעשענדעטע געדאנקען אין דעם בלוט פון זיין קערפער, כדי ער זאל דערפרייען מיין הארץ, און ער זאל שוין מעהר נישט פאראומגליקען דעם וואס ער ליבט.

און אנגענומען האב איך די ליבע אין מיינע הענט, און איך האב זי אויפגעהויבען פאר די אויגען פון די מענשען און אויסגעשריען:

ווער קויפט דאס הייליגסטע פון אלע הייליגקייטען?

זיי האבען מיט פארגרעסערונגס־גלעזער געקוקט, און זיי האבען

זי מיט מאסען געמאסטען, אויף דעם קאפ זיך געשטעלט, און פאר־
שידענע קונצען געמאכט. און זיי האבען ארויסגעטראגען זייער
אורטייל, זייער אפשאצונגס־ווערט, וואס האט מיר מיין בלוט פון
כעס זידען געמאכט.

ווער דערקענט זי? האט איך געשריען. ווער זעהט איהר
געשטאלט?

און ווער וועט זיין דער ערשטער וואס וועט איהר אפריינינגען
און איהר הייליג מאכען? האב איך ווידער געפרעגט די מענשען.
און ז ייהאבען זיך אויסגעלאכט.

א פרייז האבען זיי געבאטען דערפאר, א פרייז צו מאכען די
ליבע שעהן פאר זייערע אויגען און הערצער. דער פרייז וואס זיי
האבען געוואלט און געבאטען פאר איהר איז געווען די הייראט
אדער די פריינדשאפט, איבער וועלכע איך האב שוין גערעדט.

און איך האב זיי געפרעגט:

האט איהר דען די ערליכקייט אין אייער פריינדשאפט וואס זאל
ווערט זיין די ליבע? איז דען דאס נישט דער ארט, וואו זי וועט
פארגעהן און ערמארדעט ווערען צוזאמען מיט איהר טרעגער?
נישט געטרויען וועל איך זי אייך פאר דעם אנבאט.

און די הייראט, איז דען די שלעכטע און גייסטיג פארצערטע
געשטאלט פון דער הייראט ווערט צו צאלען דערפאר מיט דעם
אפער פון ליבע?

נישט געטרויען וועל איך אייך דעם דאזיגען שאץ. נישט פאר
אייערע אנבאטען טראג איך די אויסקלייבונגען פון מיין נשמה.
נישט פאר אייער פארצארענטען ווילען ברענג איך קרבנות.

בעסער וועל איך זי אין מיין קבר טראגען אומבארירט פון אייך,
און ריין אזוי ווי זי איז געבארען געווארען ביי מיר. דאמאלס וועל
איך נישט זיין דער אנטייל־נעמער אין דער פארשווערונג פון דער
ליבע, און דער כהן אויף איהר מזבח פון אומריינליכקייט.

אזוי זאל רעדען דער וואס האט פארמאגט די ליבע.

און ווידער איז ער ארויסגעגאנגען צו די מענשען אויסשרייען:

ווער באצאלט דעם ווערט פון איהר? און אויפגעהויבען האט
ער איהר געשטאלט און זיי געוויזען.

זעהט, מיט וואס קענט איהר זיך חבר'ען אין איהר?

נאר זייערע אויגען זיינען קאליע געווארען. זיי האבען זיך ארויפגעריסען אויף איהר צו קוקען, און זיי האבען נישט געקענט זעהן. ביי א סך האבען די אויגען געטרערט, אנשטרענגענדיג זיך צו קוקען, און מאנכע האבען גאר געקיים געבראכענע קאשטאנעם און אידיאטיש געגלאצט מיט די אויגען.

און וואס דארף זי זיין? האב איך נאך אמאל געפרעגט. וואס דארף זיין די ליבע?

אויף די אומפארגליווערטע פנים'ער און פארטרערטע אויגען האט זיך גענומען באווייזען פארשידענע שמייכלען און צוקרימעני־שען, אזוי ווי זיי וואלטען געזאגט: איך וויים שוין וואס זי דארף זיין. נאר איינצעלנע, א פאר זיינען געווען, וואס זיינען אקענענ־געגאנגען דער ליבע און זי אנגעטאן א קראנץ אויפ'ן קאפ און זיך מיט איהר באהעפט.

און ווידער זיינען זיי געבליבען פון דער ווייטענס פון דער ליבע'ס פאלקאמענהייט און פון איהר גרויסען ווערט. און אראפ־געריסען האבען זיי איהר אזוי ווי זי האט געשפארצט אין איהר סאמע צארטקייט ביי דעם יונגען קינד איהרע פארשלאסענע טרוי־מען, וואס האבען דאס יוגענד קינד פאר א גרויסען גייסט געדארפט מאכען.

נע'שכור'ט האסט דו, ווען דיין ליבע איז געשטארבען. מיט דעם האסט דו איהר באטרויערט און אין זומפ געקראכען. מיט דעם שפור פון דיין פארלוסט דארט זיך צו געפינען און פארטויבען.

אבער נאר דעם האב איך געאכטעט, וואס האט זיין לעבען גענומען, וואס האט קיין לוסט און קיין וואונש נישט געוואלט פאר אן אויסטויש, ווייל ער האט נישט פארשמוצט דעם גוף וואס האט געטראגען זיין ליבע און זיין נשמה, וואס האט זיך געזעגענט פון איהרע קוואלען.

זיין גייסט האט איהר פארשטאנען, און ער האט נישט ארויפ־געשאטען קיין מיסט אויף איהר קבר.

און געוואלט האב איך דו זאלסט אזוי רעדען: אויב דאס אוועקגעהן פון דער ליבע האט געטויטעט אין מיר אלע ווערטען און

איך געפין נישט אין מיין איך אַ נייעם קוואַל מיך צום אָפּגרונד נישט צו שטופּען און איינהאַלטען מיך פון אָרט; זאָל איך צום טויט מיין גוף איבערגעבען, כדי איך די עראינערונג פון דער ליבע זאָל נישט זיין די אָראָפּנידערונג פון מיין איך ביז צו דעם ווערט פון אַ שמאַטע, וואו דער מענש זאָל זיינע פיס ווישען.

און ענדליך דאָס אַם וויכטיגסטען: איך, מיין אייגענע באַליידיגונג זאָל אויסנוצען אַ גייסט, מיין גייסט, און אַראָפּברענגען איהם צו דער שטופּע פון ווערטלאָזיגקייט, טויטען אין איהם דעם שוואונג פון פאַרלאַנגען און אַרומנעמען איהם אין די קיינמאָל נישט דופּטענדע נייקייט, פאַרהילען איהם מיט די אומבאַשטימטקייט פון שלאָף פון גייסט.

און נאָך ליידענ׳ס רעדען האָט זיך געהערט דער צוריקרוף נאָך די ליבע אַזוי:

און גערעדט האָט דאָס מויל פון אַ פאַלקס־מענש, און ליידען האָט זיך איינגעהערט אין דעם:

קום, קום, ליבע! ווער געבאָרען פאַר מיר. די אַנטגייאונג פון מיין גייסט קען זיך אויפהאַלטען און בליען אויף דיינע פליגלען. היל מיך איין אום מיך גרעסער צו מאַכען, איך זאָל זיך פאַרברייטערען און פאַרטיפען אַרום און אין מיר, כדי עס זאָל רוען אויף מיר די גרויסקייט פון אַן אינדיווידואום פול מיט ווערטען.

לעבן דיר וועל איך טיפער זעהן, מיט דיר וועל איך פון אָפּגרונד פאַר אַ פאַרגעסענע שוואַכקייט מאַכען, אַנשטאָט וואָס ער מאַכט יעצט פון מענשען אַ לאַנג פאַרגעסענע שטאַרקייט. ביי מיין זייט וועסט דו זיין מיין ווייב, מיין ברודער און מיין מוטער, ווייל דאָס אין וואָס זיי זיינען אַרים און קענען מיר נישט געבען, וועל איך פון דיר האָבען. און אויף דעם וועג וואו זיי קענען מיך נישט פירען, וועסט דו מיך פירען. זיי קענען מיר נישט ווייזען דאָס וואָס דו וועסט מיר ווייזען, ווייל דו ביסט וייט־זעהענד און קלוג. דיין קינד איז די גוטסקייט, וואָס איך ברענג אָקעגען מיין ברודער. ד ייִנע באַגריפען זיינען רעכט, און דיינע באַפעלען זיינען די סאַמע שמעקענדיגסטע אָדערען פון דיין וואָרצעל, ווייל די באַפעלען פון דער ליבע וואָס איך טראָג דורך זיינען די באַשיצונג פון מענשען.

יעדע נאכט האט גערוט מיין זעל אום צו ווארטען אויף דיין אנקומען, ווייל ליעב געהאט האב איך צו ערווארטען מיט דעם טאג דיין אנקומען. געטרוימט האב איך פון דיר אין דעם געשטאלט פון א מענשען. איך האב אויסגעמאלען אין מיין פאנטאזיע דיין גע־שטאלט אין דעם געבורט פון מענשען. דורך די בלוט באפלעקטע ערד האב איך געוויינט נאך דיר, און אויף איהר האב איך זיך גע־שטעלט און צוגעזאגט מיט פארניכטונג און פייער דיך צו ברענגען צו די מענשען. איך האב איינגעטונקט אין איהר מיינע הענט אלס צייכען, אז איך וועל געדענקען דאס בלוט וואס האט דיך פאר־לאנגט, און דאס בלוט וואס איז פארגאסען געווארען ווען זיי האבען פארשוועכט די ליבע.

זאל זיך דער אטעם פון דער וועלט אפשטעלען. זאלען די מענשען אנטגעהן ביי דעם אנקומען פון דער ליבע. אויב זייער אינדיווידואום קען זי פאר זיך אלס אוצר נישט נעמען און זיי קענען זיך נישט צופאסען צו איהר לערע וואס לערענט זיי אנדערש צו ווערען און די אפנעטער פון זייער פאלשען גייסט אין אויוועז צו פארברענען.

אבער איך וועל קריכען איבער די בערג פון די געפאלענע, און איך וועל מיטברענגען די ליבע פאר אייך.

זאל אפילו די געשטאלט פון דער ליבע פארקריפלען זייערע נשמות און אויפוועקען און פארברייטערען זייערע בייזע באגערען אויף אונטערצוברענגען די שפראצונג וואס די ליבע ברענגט צו די וואס נעמען איהר אן מיט א ברכה און מיט א צייכען פון זייער בלוט, ווייל בעסער וויל איך זעהן דעם גייסט פון די בייזוויליגע אונ־טערגעהן. אזוי וועט דאס זיין אין אפענעם האס מיט די ליבע, און זיסער וועט זיין מיין פאראכטונג צו זיי אויף דער שוועל פון אונ־טערגאנג.

אה, קום, קום, ליבע! אנשטארקען וויל איך מיך מיט דיינע כחות. אנטרינקען וויל איך זיך פון דיין קוואל. כח דארף איך האבען, ווייל איך געה דיך דורכטראגען דורך בערג מיט שוין פאר־פוילטע גייסטער, און מיט פייער און פארניכטונג זיי צו צווינגען דיך אנצונעמען.

דיינע קוואלען און דיין כח וועט זיי אויפשטעלען און אריינפירען אזוי ווי נײ געבארענע קינדער צו דעם אנפאנג פון א נייער וועלט.

אה, קום דו ליבע, ווייל דער מענש טרינקט זיך. ער האט שוין מיט יאוש א מאך געטאן מיט'ן האנט. עס ציטערט זיין קערפער, ראנגלענדיג זיך אונטער די פייניגונגען פון זיין ברודער, און ער לאזט איהם נישט אפווישען דאס בלוט וואס רינט פון איהם.

א כח דארף מען האבען, א כח פאר די אויפלעבונג פון דעם צוקוועטשטען פון מערדערס האנט, אז נישט גערען זיי אלע אונטער.

און דו, ליבע, קענסט זיי ראטעווען, און אריבערפירען זיי דעם צייכען, וואו זיי האבען זיך אנגעשטרייכט צום אונטערגעהן.

אה, קום דו ליבע, און ראטעווע די לעצטע כחות, וואס געהען אוים און ראנגלען זיך ווידער אויפצושטעהן. קום, דו ליבע, באגעגע די מענשען מיט דיין טוי, אזוי ווי דער קילער, זומערדיגער פרימאר־גען דארף דיך האבען. קום און באריר מיט דיין צויבער די גע־שטאלט פון יעדען מענשען אלס צייכען, אז זייערע נשמות זיינען אנדערש געווארען.

און איך וועל אין יעדען ווינקעל געהן און דיך מיטברייינגען. יעדע פינסטערניש וועל איך מיט דיר באשיינען און די פאראליזירטע געשטאלטען וועל איך צוריק רירעוודיג מאכען. אויף דעם מיסט־וועג וועלען בלומען אויפוואקסען און אויף דעם דערנער־וועג וועט גלאטיג און זיכער ווערען. דו וועסט נישט צולאזען די גרויקייט פון טויט נאר אין מיטען וועג און אין דער יוגענד פון זיין לעבען, ווייל אונטער דיין שוץ וועט ער וואקסען אין דעם העלען ליכט פון זיין לעבען. אונטער דיין שוץ וועט זיין פארשטאנד זיין באשיצט פון דאס קראנקהאפטע צוזאמענקארטשען זיך, אין א סך צייטען ווען די אויפלעבונג דארף קומען. און ער וועט נישט איינדארען אין דער צייט ווען ער דארף אויפבליען.

אה, קום, דו ליבע, און פאך מיט דיינע פליגלען אויף די ערד. ביטער וויינען זיי, די מענשען, שוין נישט פאר קיינעם, נאר פאר זיך אליין, ווייל זיי האבען פארלארען דעם צוטרויען פון איינעם

צום צווייטען, און וועלענדיג די רעטונג, געהען זיי אונטער, פארני־
סענדיג בלוט איידער זיי הויכען זייער נשמה אויס.

---

## דאס טרייסטען און די וואונדען

און ווידער האט מען געהערט ליידענ'ס קול אזוי:

פארוואס האסט דו געטרייסט דעם ליידענדען? אויסרעדען
האב איך דיך איהם געטראפען און פארהיילען האסט דו איהם
געוואלט די וואונדען, וואס האבען איהם וויי געטאן.

און געזאגט האב איך צו דיר אזוי:

מיט דיין טרייסטען פארשלעפערסט דו דאס געפיל וואס ווערט
געבארען פון א וואונד, דאס געפיל וואס ברענגט דעם קרבן צום
געבורט פון האס און פאראכטונג פאר די פאראורזאכער פון זיינע
וואונדען. און דו האסט שלעכט געטאן מיט דיין טרייסטען, ווייל
דו האסט פארמידען די געבורט.

דו האסט מיטגעהאלפען די איינהאלטונג פון די ריכטונגען,
וואס דארפען זיך ביי מענשען ארויסרייסען און קריגען א וועג צו
דאס פריי זיין.

טרייסטען צו פארגלעטען אן אומגליק, הייסט זיך נישט מאכען
וויסענדיג וואס עס איז געשעהן: אויף די חורבות פון דיינע טייערע
און דיין אומגליק ביזט דו אנשלאפען געווארען, און נאכער האסט דו
ווידער דיין לעבען געפירט, ווייל דו ביזט געטרייסט געווארען פון
די וואס האבען דיך גערארפט פון טרויעריגער רואיגקייט און צוריק־
געצויגענהייט אין פייער פארוואנדען, צו פארצערען און אין קאמף
צו שטעהן אקעגען די אורזאכען פון די וואונד.

מאנכמאל זאלסט דו נעמען נקמה פאר די וואונד, אבער פאר־
געבען זאלסט דו קיינמאל נישט, ווייל די נישט־פארגעבונג וועט
אויסלערנען דעם מענשען זיינע בייזע טוגענטען מיט איבערלייגונג
צו צוברעכען.

די נישט־פאַרגעבונג הייסט די נישט אויסהיילונג פון די וואונ־דען. ווייל האָסט דו איינמאָל פאַרוואונדעט די נשמה, זאָל עס דיך פירען אוי ףדעם וועג פון דראַאונג, דו זאָלסט עס נאָך אַמאָל נישט באַגעהן, און דערפאַר זאָל די וואונד אין דער נשמה קיינמאָל נישט געטרייסט ווערען.

די נישט־פאַרגעבונג זאָל דיך ווי אַ שאָטען דערמאָנען אין דיין עולה.

קיינמאָל זאָלסט דו נישט מוחל זיין דעם וואָס האָט אבזי'כטליך צוברעכען דעם תענוג פון דיין נשמה. דאָרט וואו זי איז זיך גע־גאַנגען אַנטרינקען אין קוואַל פון אויפלעבונג. מעג עס זיין אין דעם דאָזיגען גופא וואָס האָט דיר געשטערט, צוליב זיין קראַנ־קען ווילען דיך צו צורייצען, און צו האָבען פאַרגעניגען צו זעהן די פאַרקלעמונג פון דיין נשמה, דאַמאָלס ווען איהר דורשט ווערט איהר פאַרהאַלטען.

ווייל אַזוי האָב איך זיי געזעהן. איך האָב זיי געזען באַגעהן דעם פאַרברעכען.

פון די פרעמדע, אָדער פון די וואָס שטעהען דיר נישט אַזוי נאָענט, שטעל איך צו זייערע טאָטען פאַר דעם משפט פון מיין פאַראַכטונג, וואָס דו זאָלסט זיך אויסלערנען. נאָר מערסטען טייל זיינען די, וואָס לאָזען דיין דורשט נישט שטילען, דיינע נאָענטססטע און טייערע. אָס בעסטען ווייסען זיי אין וועלכע ווינקלען דאָס ערקוויקענדע וואָס עס דאַרף אַריינרינען און נאָך וואָס דו גאַרסט, און דערפאַר זיינען זיי נאָך ערגער און גרויזאַמער ווי די פרעמדע, ווייל זיי האָבען זיך טיפער אַריינגעשניטען אין דיר. אין זייערע פאַרשטעלטע, פאַר זיך אַליין אומבאַגרייפליכע, שמייכלען זיינען נאָך מעהר באַווייטאָגט פאַר דיר.

האָסט דו שוין אַמאָל צוגעטראָגען דאָס מויל צו דעם קוואַל פון מוטער־ליבע אָדער צערטליכקייטען גלויבען און ריינעם, וואַרען אָמת וואָס האָט געדאַרפט און געמוזט קומען, צו די פריינדשאַפט, צו די ליבע און צו דעם אומגליקליכען, און נישט אָפגעשפרונגען פון זיי מיט אַ געשריי, ווייל זיי האָבען דיך איינגעביסען אין דיין נשמה און פול געמאַכט מיט אַנטוישונג?

און דיין מויל האסטו צוגעטראגען צו דעם קוואל פון ערווארטונג, וואס איז געלעגען אין דעם רשות פון דיין געליבטען אדער פארטרויטען. און ער אליין, מיט זיינע הענט, האט דיר פארמאכט דאס מויל, אז דו זאלסט נישט קענען טרינקען. און ער האט דערביי קיין ערליכען נוצען נישט געהאט, אויסער דאס צוזעהן און דעם נחת פון דיין דורשט.

און דאס איז געווען דיין נאענטער, דיין פארטרויטער.

צו וועמען האסט דו זיך איבערגעגעבען? צו וועמען האסט דו זיך פארטרויט? בעסער וואלסט דו געשטארבען מיט דיינע גוטע טוגענדען, איידער איבערגעבען זיי די, וועלכע האלטען זיי אום דיך טיפער ווי צו טאן און פארגעניגען צו האבען פון דיין וועלקונג.

האט טדו שוין צוגעשטעקטד יין מויל צו דעם קוואל פון רו, און עס האט זיך געווענדעט אין וועמען וואס זאל עס דיר קענען שטערען און ער האט עס דיר נישט געשטערט?

אה, וויין מיר, ווייז מיר אזא איינעם, וואס זאל זאגען: איך האב געלאזט טרינקען די דורשטענדע נשמה. איך האב ליב געהאט צו זעהן איהר ערקוויקען זיך און איהר אויפלעבונג.

און דערפאר זאג איך צו דיר: לערען זיך נישט צו טרייסטען. איבעראל איז דא די פאראכטונג צו דער שולד וואס שטעקט אין יענעמס וואונד, צו דער שולד וואס דער פארשטאנד דארף קיינמאל נישט מוחל זיין, און די פארגעבונג דארף קיינמאל נישט פארגעבען ווערען.

דורך זיינע טעות'ן און שלעכטע כונות זאל מען איהם אקעגענטראגען די שולד און דאס רעכט, און זיי זאלען הענגען פאר איהם אלס שומר, כדי ער זאל א צווייטען מאל די וואונד נישט מאכען

עס זאלען נישט ווערען פארטיידיגט די שוואכקייטען פון מענשען, ווייל עס מאכט איהם פריוויליגירט צו טראגען זיי ווי א באשיצער פאר דאס נידעריגע און אפשייליכע וואס ער טוט. נאר דאמאלס האב איך איהם געזעהן באגעהן דעם פארברעכען, ווען ער האט נישט געהאט די איבערצייגונג פון געזונטען באגריף אויף וואס

אַנצוציייגען מיט זיין פאַרשטאַנד, אַז דאָס איז גוט און דאָס איז שלעכט.

און גרויס און מענשליך האָב איך איהם דאַמאָלס געזעהן, ווען ער האָט נישט געהאַט די פאַרטיידיגונג פון זיינע שוואַכקייטען. קען ער שטעהן פריי, אַרויס פון זיינע שוואַכקייטען, אַפען, אונטער די שטיינער פון זיינע האַסער, און אויך אַזוי אַננעמען די וואַרימע שטראַלען פון דער זון, אַזוי וועט ער גוט זיין. נאָר אַזוינער זאָל ער געבאָרען ווערען ביי אייך. נאָר אַזוינער וועט די וואונד נישט מאַכען, פאַר וועלכע דו זאָלסט טרייסטען דיין חבר און איהם שוואַך מאַכען, אַפּטויטענדיג אין איהם מיט די טרייסט־ווערטער דאָס וואָרט פון פאַראַכטונג און האַס, וואָס דאַרף לערנען דאָס אויפקומען פון נייעם מענשען.

ווען איך זעה ווי קליין דו האָסט זיך געמאַכט דאָרט, וואו דו האָסט שוין געדאַרפט שטעהן ביי דעם אָרט פון פאַראַכטונג, וואו דער פאַרשטאַנד און די געפיהלען רייסען און רופען דיך אויפצושטעהן אַקעגען דעם, אונטער וועלכען דו קריכסט זוכענדיג נאָך עפּעס און דו קריגסט א וואונד נאָך א וואונד. — אַ, ווי איך וויל דו זאָלסט פאַלען. פאַלען, מען זאָל דיך דאַרפען אויפהויבען און אַוועקטראָגען. דיין קערפּער זאָל דיך שוין מעהר נישט וועלען שלעפּען פאַר די זינד וואָס דו האָסט אַזוי אַראָפּגעניידערינט דיין איך. פאַר דעם קליינמאַכען און דערשטיקען די ווערטען אין דיר. וואָס האָבען גערופען אויפצושטעהן, און די אַוועקערונג, איך מיין אויף דעם אָרט וואו דו האָסט געזוכט די פאַרניטיגונג פאַר דיין האַרץ פון דיין בעולה׳ער. און דאַמאָלס וועל איך דיך ליב קריגען. ווען דו וועסט מאַכען דיין פאַראַכטונג אַזוי גליענד, אַז דער פאַראַכטעטער זאָל פאַרלירען זיין מוט און מיט שרעק זאָל ער קוקען אויף זיין נידעריגקייט וואָס דו האָסט איהם אַנגעוויזען.

די שוועל פון טויט ביזט דו איבערגעגאַנגען, און וואָס האָסט דו זיך אַנגענומען פאַר אַלע דיינע עוולות. ווען שטעהענדיג ביי די שוועל פון די טיר האָסט דו נישט געקענט צו זיך זאָגען:

וואו איז געווען מיין וואָפע פאַר דעם פאַרלוסט פון ווערטען? דער טרייסט האָט מיך אָפּגעהאַלטען צו ברעננען זיי מיט גע־

וואלט פאר דעם שיין פון אפשאצונג און פאר די פארניטיגונג און אומבאהאלפענער האט ער מיך געמאכט. אונטער זיין מאנטעל האב איך מיין כוח פארלארען.

וואס קענסט דו זיך ענטפערען? פאר לאזען זיך, אויסנוצען און חוזק מאכען פון דיינס וואס האט דיך צוזאמען געשטעלט, וואס אהן די ווערטען נאך דעם ווי זיי זיינען ארויסגעשלעפט געווארען פון דיר, ביזט דו געווארען לידיג פאר דיינע געליבטע און פאר־טרויטע, און זיי האבען זיך צוליב די אורזאך נישט געוואלט נאכ־הער אומקוקען אויף דיר.

נידעריג האט מען דיך אראפגעשטופט נאך איידער דו האסט זיך אפגעזעגענט מיט די וועלט. איז דיין טויט נישט פיל שעה־נער וואס פארוויקעלט דיך מיט זיין געלעמטען שלייער, נאך דעם ווי זיי זיינען אפגעשטארבען, ווייל דו ביסט סיי ווי סיי דער טויר־טער צייכען נאך זיי, דיינע ווערטען.

צו דיין טרייסט־ווארט שיק איך מיין ערשטע פאראכטונג. אזוי זאג איך, ליידען.

---

# דאס פארבייגעהן

מיר איז שווין ליידענ'ס גייסט און ער וויל זיך צורוען אונטער דעם שאטען פון א בוים, אבער איידער ער גיט זיין געמיט איבער צו דעם שפיל פון פריהלינגס־ווינט וואס וועט איהם באלד דערפרישען, וועט ער נאך ליב האבען צו זעהן דעם וואס וועט פארפלאנצען ביי דעם איינציגען די אומרואיגקייט נאך דאס גרוי־סע. קום אהער, נא דיר די בלומען פון מיין געמיט און טראג עס אלס מתנה אדער געבאט פאר דעם איינציגען און פארזיי זיי אין זיין נשמה זיין אומרואיגקייט נאך דאס גרויסע.

געה ארויס צווישען זיי און דערקען דעם קלארען טרער, דער אויסגעריסענער צוטרוי צו איהם, צום מענשען. די ליבע וואס איז געקאפעט געווארען אין איהר הארץ אריין און דאס געבענשטע פון איהם, דעם מענשען וואס איז באשפיגען און אויסגעריסען געווא־

רען. די פלאנץ וואס צאפעלט זיך נאך און האלט ביים אפשטאר־בען און דארף די ערפרישונג פון מיין געמיט.

איבער דעם וועג געה ארויס, וואו דו קענסט זיי אנטרעפען און דערקען זיי. קום צו זיי און רוף זיי, באריר זיי און וועק זיי אויף.

אבער דערקענען צווישען זיי זאלסט דו נאר די קלארקייט פון זייער פארלוסט. נאר די וואס דארפען אויפגעהויבען ווערען. ווייל אויך אזעלכע וועלען זיין צווישען זיי וואס דו וועסט דארפען לאזען אפשטארבען.

עס ווערט געקוועלט אויך דער וואס קען זיין קאפריז מיט גע־וואלד נישט ארויפצווינגען אויף א צווייטען. זיין טרער איז נישט קיין קלארער צווישען די אונטערגעהענדע, — זאלסט דו איהם לאזען. מיין בלום זאלסט דו אין איהם נישט פארזייען.

דארט וואו די נשמה איז געווען אומבויגזאם פאר דעם וואס האט מיט לאסטשען און חניפה זי געוואלט אראפנידערינגען און גלייך מאכען זי אזוי ווי איהם האט געשמעקט. אויך דער איז גע־קוועלט געווארען. איהם זאלסט דו איבערהיפען, פאר די אפשטאר־בענדע זאלסט דו איהם לאזען.

אויף דעם וועג האסט דו באגעגענט די טרער פון די כלה אי־בער דעם פארלוסט פון איהר חתן, ווייל ער האט נישט געוואלט זיין דער טרעגער פון איהרע קאפריזען. אויך דא זאלסט דו פארביי־געהן.

דאס געקוועלטע הארץ איבער דעם שטאלץ פון דעם עלטערען, פון דעם געלעהרטערען זאל פון דיר אויסגעלאכט ווערען, און דו זאלסט זיך פאר זיי נישט אפשטעלען.

געהן זאלסט דו דארט, וואו דער געקוועלטער גייסט גוסס'ט אונטער דעם בראך פון זיינע ווערטען. זיי זאלסט דו דערצעהלען דאס לעבען פון וואס דו טרוימסט, און זאלסט זיי אויפוועקען צו די אומרואיגקייט פון דאס גרויסע.

ארומנעמען זאלסט דו דעם גרויען קאפ, כדי זיין לעבען זאל זיך פון דאס ניי אויפוויקלען מיט יענער פרילינגס פרישקייט. וואו

אלעם דארף שפראצען און באנאסען ווערען מיט טוי, און עס דארף אויפוואקסען דאס פראכט געוויקס — דער מענש.

איך וויל נעמען דעם אלטען גייסט און צוריק מאכען יונג, יונג מיט יענע פרישקייט, וואו עס איז נאך קיין סם גישט געווען. אבער צו דעם האב איך באשלאסען אפצוהאקען דאס געוויקס אויף וועלכען די אלטקייט וואקסט, און דערפאר זאג איך צו דיר: דו זאלסט זיי ווייזען דעם וועג פון די אומרואיגקייט צו דאס גרויסע.

רואיג וויל איך פארוויגען דעם גייסט מיט די לאנדשאפט פון מיין וועג צו דאס גרויסע, כדי ער זאל וויסען נאך וואס זיין אומרו זאל ציען.

און איך וועל זיצען אויף דעם וועג און זייזאגען דעם ציל פון זייער זוכען און איך וועל זיי אנווייזען דעם וועג פון געווינס.

---

## דער וועג לעבען וואלקען

א מידקייט האט איהם ארומגענומען ווען ער האט גערעדט די ווערטער, און ער האט צו זיך אזוי געזאגט:

מיד בין איך, איך וויל שלאפען אין די פרישע גארטען־לופט, און אזוי איז געווען. ער האט זיך אוועקגעזעצט און איז אנטשלאפען געווארען און אויף זיין פנים האבען געשוועבט די סודות פון דעם טרוים, אין וועלכען ער האט יעצט אויפגעוואכט.

קלארע, בלויע הימלען האט ער געזעהן, און ער איז אין זיי געגאנגען. בלוי און ליכטיג איז געווען אלעס, אבער אויפ'ן וועג האט ער געזעהן א וואלקען. מיט נייגעריגקייט איז ער נאכגעגאנגען דעם סליאד פון וואלקען צו זעהן וואו ער פירט איהם. לעבען דעם ראנד פון וואלקען איז ער געגאנגען און געגאנגען, ביז ער איז ענדליך צוגעקומען צום עק וואו דער וואלקען האט זיך אויסגעלאזט.

דא האט ער דערזעהן צוויי ריזיגע פיגורען. זיי זיינען גע־שטאנען און געצויגען זיך ארויף. ליידען איז צוגעגאנגען און האט זיי באקוקט. זייערע פים זיינען געווען ווייך, מיט פלייש אויסגע־פילט.

דאן האט ער ארויפגעקוקט צו זיי. ער האט דערזעהן צוויי פנים'ער פון א מאן און א פרוי. אין די ליפען האבען זיי געהאל־טען בלומען, און די הענט האבען זיי געהאט ארומגעוויקעלט מיט שלאנגען. און ווען ליידען האט אזוי געקוקט אויף זיי, איז ביי די פרוי ארויסגעפאלען די בלום און זי האט אראפגעלאזט דעם קאפ. דער שלאנג ביי איהר אין דער האנט האט גענומען קריכען.

דער מאן האט זיין שלאנג אין דער הויך אויפגעהויבען, פול מיט מאכט אויף די פרוי זי אראפצואווארפען. אבער ווען דער מאן האט א ווארף געטאן די שלאנג, האט זי זיך אומגעלומפערט א דריי געטאן און זיך פארטשעפעט אן די בלום וואס האט געשטעקט ביי איהם אין מויל. ליידען האט עס באקוקט און ער האט זיך אראפגע־בויגען אויפצוהייבען די בלום, וואס איז ארויסגעפאלען פון די לי־פען ביי די פרוי. און ער האט געהערט אזוי רעדען:

מיין בלום האב איך אין דיר אריינגעגאסען, כדי עס זאל אויס־קומען די פארם פון מיין גייסט אין דעם שפיגעל פון דיר, ווייל איך האב עס געוואלט מעסטען מיט דעם בליק פון דעם צווייטען. איך האב געוואלט זעהן די אנטפלעקונג פון מיין גייסט אונטער דעם הארץ פון צווייטען. דער צוזאמענבונד פון דאס גייסטיגע האט געדארפט קומען. עס האט נישט געהאט דעם אויסגוס און די באַ־העפטונג, און שטארבען אליין האט ער נישט געוואלט אפלאזען די נידעריגע.

מיט דיין פנים האסט דו מיר דיין גייסט געוויזען. אזוי האט געערדט דיין הארץ און דיין שכל. און נאכהער האסט דו ארויס־גענומען א שלאנג ארום די האנט אין די צייט פון באהעפטונג פון אונזער גייסט. מיט דיין מויל האסט דו אין מיר דיין ווייז אריינ־גענאסען, כדי די נשמה זאל רייף ווערען און צו שטינקען האט זי אנגעהויבען, ווען איך בין גענאנגען צו איהר זיך אנטפלעקען און אפען צו זיין.

אויף מיין טויט ווארטסט דו. מיט מיין אומגליק האלטסט דו זיך העכער. אין מיין צומישונג זעהסט דו דיין אויסלייזונג און דיין קראפט.

איך קוק אויף די שלאנג וואס איז געבארען געווארען אין די

האנט וואס האט דעם קאפ פון קלוגשאפט געדארפט ארומנעמען.

ער האט ארויפגעקוקט. די בלויקייט פון הימעל האט ארומ־גענומען די צוויי מענשען, און איבער זיי איז די אומגעענטפערטע פראגע געשטאנען.

ווען איז דיין נייסט די באהעפטונג קיינמאל נישט קומען?

ארום און ארום האט די שטילקייט גערוט, ווי דער אנפאנג פון א נייער געבורט. ווי די הייליגקייט און די ערוואַרטונג וואלט זיך פארמירט דאס אנצואווארטען. אין די טיפע, ווייטע טיפעניש האט ער געזעהן, דאס אנקומען פון א נייעם הויך, אונטער וועלכען דער מענש זאל אויפשטעהן. און די קלארע בלויקייט פון הימעל איז געלעגען דורכגעשפּונען. דאס גארען און די בענקשאפט פון די שטארבענדע וואס האבען די טיר פון זייער איך נישט געקענט עפענען אקעגען דעם פרישען שיין צו זייער אויפלעבונג און באַ־נייאונג. איבער די גרענעצען וואס האבען זיי געהאלטען מיט ענגע צוואנגען, און האט זיי בלינד געמאכט מיט דעם שיין אין זייערע אויגען, און האט זיי קראנק געמאכט אין דעם אנפאנג פון זייער געבורט.

און ווייטער איז ער געגאנגען אקעגען דעם וואס ער האט גע־זעהן אנקומען — צו קושען אין די ליפען דעם נייעם אטעם וואס איילט זיך צו דעם מענשען אנצוקומען.

אבער אין מיטען וועג, ווען ער איז אזוי אפּגעגאנגען א לאנגע צייט, האט ער געזעהן א קבר. א קליין קבר׳ל איז געלעגען אין מיטען די בלויקייט פון הימעל. ער האט זיך אראפּגעבויגען צו זעהן, ווער עס ליגט דארט, און ער האט אויפגעגראבען די ערד פון קבר. עס איז געלעגען א קינד פון א יאר עלף, און ער האט עס ארויסגענומען אין זיין פנים׳ל ארייננצוקוקען. אבער דאס קינד האט זיך אנגעהויבען וועהרען פון ליידענען. עס האט געמאכט מיט די הענטלאך. די טויטע הענט האבען זיך נישט געלאזט אויפהויבען. דאמאלס האט ער עס צוריק אין קבר אריינגעלעגט און זיך אראפּ־געלאזט אויף די קני לעבען קבר, און אין די בלויקייט פון וואו ער האט אזוי אריינגעקוקט, האט ער דערהערט די שטים וואס האט איהם גערופען און ער האט זיך איינגעהערט:

וואס טראגסט דו פאר זיין ערציאונג, דו וואס איך האב דיך אויסגעלאכט און פאראכטעט דיינע טוגענדען? פאר די ריינקייט פון די נשמה האסט דו נעדארפט גארען, און וואס האסט דו אקעגען געטראגען דיין קינד אנצופילען דעם ארט פון די נשמה.

אין פארצווייפלונג האסט דו געדארפט וועלען פארגעבונג פאר דיינע זינד, און לערנען זיך אנדערש צו ווערען. מיט געבעט און געוויין האסט דו געדארפט די היילינקייט רופען, עס זאל דיך דערווארימען און אויפהויבען דיך פון גרוב פון זינד. און אנשטאט דעם ביזט דו נאר נעגאנגען דיין קינד אויפהאדעווען. זיין געשטאלט האט געזעהן דיין זינד, און זיין טויט איז דיין שולד.

וואס האסט דו געבראכט צו דיין קינד, אז דו זאלסט קענען זאגען: אט אזוי איז מיין געוויסען רואיג פאר זיין נשמה און זיין גאנצקייט, די גייסטיגע גאנצקייט.

אויף דיין באק האב איך אויסגעקריצט די שולד פאר די זינד.

איך גיב דיר מיט דאס געשטאלט פון טויטען און עס זאל דיך באאומרוהיגען אויף די וועגען וואו דו זאלסט געהן. דיין שולד וועל איך פון דיר נישט צונעמען, ווייל דאס פארברעכען קען נישט פארגיטיגט ווערען. אויף דעם ארט פון דעם טויטען איז דאס פלאץ ליידיג געווארען פאר די אויבינקייט פון מיין גערדאנק.

דו האסט דאס קינד געפירט פאר דעם ארט וואס דו האסט אנגענרייט פאר אים. דאמאלס ביזט דו דעם מארד באגאנגען, ווייל דו האסט אויסגעבויגען זיין פלאנץ, זיין אינדיווידואום אין דיינע אויסרעכענונגען און נאכגעבונגען. דו האסט איהם ענג געמאכט צושטופענדיג זיך צו איהם מיט דיין שווערען קערפער פון וועלכען עס האט געהויכט די דערשטיקונג. די אינדיווידועלע זעלבסטציאונג פון קראפט און גייסט פון טוי צו זיין יונגע נשמה וואס דער קליינער דארף ארויסציען פון זיך, אזוי ווי א בלום וואס ציט ארויס איהר קאליר, וואס עס דארף ארויסציען פון זיך אום צו אנטוויקלען זיך אלס דער מענש וואס שטעהט אויף דעם וועג פון זיין דערקענונג. איבער דעם ביזט דו דער שומר, וואס דו דערלאזט נישט איהר אנטוויקלונג. דא ליגט דאס קערפערעל, דער סימן פון די טויטע וואס דו האסט באגלייט צום טויט דורך דיין

באנעמונג. אפען און באהאלטענערהייט האסט דו זיי אומגע־בראכט. אבער איך האב געזעהן דיין שולד אלעמאל.

דו האסט זי נישט געזעהן, ווייל עס איז נישט געווען די שטארקע האנט וואס זאל דיך צווינגען צו קוקען אויף דעם. פאר וועמען האסט דו אפגעגעבען רעכענונג איבער די נשמה פון א קינד? פאר דיין געוויסען האסט דו ביליג געמאכט זיין ווערט אין דיין נידעריגקייט.

ער האט זיך איינגעהערט צום רעדען. און די שטים וואס האט דאס געזאגט האט ער דערקענט: דאס איז געווען דער רוף, דער געשריי צום מענשען פון דעם מויל פון אפרעכענונג, און דאס אויס־רופען צו זיי אין דעם מאמענט, — דער סימן פון זייער נידערזינ־קען אין זייער פיין, צו וועלכען זיי זוכען די שולד פון זינד און די פארגיטיגונג פאר דאס רעכט. יעצט, אין דעם מאמענט איז עס געווען דאס אויפרופען צו זיי, זיי זאלען געבען די אפצאלונג פאר די פירונג, זיי פון זינד און פיין ארויפצוהויבען. אבער דאס איז געווען נאר דער באדינג אז זיי זאלען זיך און ב'רחמנות'דיג אנדערש מאַ־כען און פארגיטיגען זייער שולד. מיט ליבע קריגען און נישט שטערען די וואס ווילען ארויפגעהן אויף דעם וועג פון דאס גרויסע. מיט מודה זיין, און זעהן פאר זיך אלעם און דורך בלוט און אנגסט ארויסקריכען צו דעם אויבערפלאך פון די דערקענונג צום מענש.

און ביז דאמאלס וועט דער קליינער טויטער בלייבען די שולד פאר זייערע אויגען. שטיל איז געלעגען דער הימעל אויסגעשפרייט און ער האט געלאסטשעט מיט זיין רואיגקייט, און דער קבר לעבן זיינע פיס האט געוועקט די געפילען פון צארטקייט פון א נייער געבורט, און פון דער ווייטענס האבען זיך נאך געזען דיריזען־פיגורען פון דעם מאן און דער פרוי. אויסער דעם איז דער הימעל מיט עפעס גאלדענעס באשטראלט, דאס גייט פון די זון.

אבער אונטער די גאלדענע פונקען זעט ער שוין ווידער וואס: א מענש רייסט זיך פון הינטען ארויף, און א צווייטער מענש ראנ־געלט זיך מיט אים און לאזט נישט. זיי ווערען ביידע מיד ראנגלענ־דיג זיך און בלייבען ליגען, אנהאלטענדיג זיך איינער אן צווייטען, אזוי ווי זיי וואלטען גוטע פריינד געווען.

און ער קוקט אזוי אויף די מענשען ביז וואנען די זון־שטראלען הערען אויף. עס הויבט אן צו טונקלען און מען זעהט שוין גארנים.

פלוצלונג פילט ער א מידקייט. א מידקייט נעמט ארום אלע ביינער. ער זינקט ארונטער צום שלאפען. און ווען ער לייגט זיך אנידער, הערט ער א טומעל לעבן זיינע אויערען. דאס זיינען געווען די געשרייען פון די ערד.

און ער האט זיי באגעגענט די מענשען, אזוי ווי נעכטען, אזוי ווי אלע טאג, מיט דעם רוף אקעגען זיי, מיט זיין געשריי אויפצור הויבען זיך פון די נידעריגקייט און קומען צו דער דערקענונג פון דעם מענשען, וואס זאל ווערט זיין די ליבע, און וואס זאל זיך קענען איינשטעלען פאר די פאראכטונג.

---

# די קריעג

דא האט ער זיך אומגעקוקט, ווייל ער האט געהערט דעם גערויש פון פום־געהער, און ער האט געזעהן סאלדאטען מארשירען איהם אקעגען: די וואס האבען נישט געקענט ווערט זיין די ליבע און איינשטעלען זיך פאר די פאראכטונג; די וואס האבען זיך ווי א סמאלינע מאסע אראפגעלאזט אויף רעכט און איינגעקלאמערט מיט פארהארטעוועטע מאכט. אויף זייער פאן איז געווען אויפגעשריבען טויט צו דעם איינציגען. די מאסע, וואס האט געקענט אפגעווישט ווערען נאר דורך איינציגווייז, האט זיך אליין פארלייקענט, אנגע־מענדיג די פאן פון א צוזאמענשמאלצטען שטיק, איינרעדענדיג זיך, אז דער איינציגער עקזיסטירט נישט. ווען יעדער איינציגער פון זיי האט געאטעמט און געהאלפען נאר דורך זיין איינציגען כח אויפצוהאלטען דעם בנין, וואו ער איז פארלייקענט געווארען, און וועמעס ווילען האט זיי געטראגען אין קריג, נישט דער ווילען פון דעם איינציגען, פון דעם מעכטיגען אינדיווידואום, וואס צווינגט זיי סיסטעמאטיש צו זייער פארלייקענונג פאר די נוצען פון אינדיווי־דועלע געדאנקען און אויסרעכענונגען.

דער שפאס פון דעם טויט און דעם שפיל מיט די לעבעדיגע,

אזוי איז אויסגעקומען זייער רוף פאר די פארניכטונג פון דעם איינציגען.

און ווען זיינען זיי געגאנגען אונטעריאכען? נישט דעם איינציגען וואס האט זיך געראנגעלט אין דעם געבאט פון זייער באוואוסטזיין, אז דער איינצעלנער האט קיין באדייטונג נישט. צו איהם זאל מען קיין אכט נישט טראגען, פאר דער געבורט פון די מאסע, פאר דעם אונטערגאנג פון דעם איינציגען וואס זיי האבען אזוי בלינד געזעהן און פארשטאנען.

נאך דעם קערפער פון דעם איינציגען האב איך געזעהן זיך צאפלען אונטער די שווערע טריט פון זייערע פיס. א סך, מאסען איינציגע, אבער זיי זיינען באמת קיין מאסען נישט געווען, ווייל יעדער האט געהאט אין זיין דאזיין זיין חלק, פון וועלכען מען האט ער נישט געטארט צונעמען. אין דעם באגריף, אז זיי זיינען א שטער פאר די אנטוויקלונג צו דעם וואס זיי, די ארמע, טראגען מיט זיך און ברענגען אלס דעם געבאט וואס איז אויסגעוואקסען אין זייער פארלייקענונג איז א קראנקער גלויבען וואס איז אויסגעוואקסען אין אונטעריאכונג פונ'ם שטארקען אינדיווידואום, וואס פירט זיי. די מאסען זיינען אינדיווידואומס, אין וועלכע עס איז שוין געבארען דער שורש, וואס פירט צו יעדען איינעמס באזונדערע אנטוויקלונג, צו יעדענס אויפלעבונג אלס א באזונדערער און איינענארטיגער פון דעם צווייטען, פון אזא איינעם, וואס איז ווערט זיין ליבע צו האבען. און א סך, א סך פון זיי, אין ווען בליקען זיי דארפען זיך הויפענווייז צוליב זייער גארנישט ווערט מקריב זיין, פאר זיינע אינדיווידועלע אויסרעכענונגען, שטעהען שוין פיל העכער און בײַנטער אויף דעם וועג צו דאס גרויסע ווי דער וואס האט זיי געקענט פארפירען זיך מקריב צו זיין פאר אים.

און איך זעה זיי יעצט פארלייקענט פון זיך אליין אלס דער ברען מאטעריאל פון אן אוממעכטיגען, אבער פאר'כשופ'טען אינדיווידואום, וואס שיקט זיי צו פארברענען. די וואס הארכען מיט זייערע אטעמס צוגעהען אקעגען א וועלט וואו זייער פאר'כשופ'טער אנטרייבער וויל זיין דער צושטערער אקעגען די אינדיווידועלע וועלט.

און מיט מיין כח שריי איך אויס צו אייך:

פאראכטעטע זיינען די, וואס האבען נישט געלאזט די נשמה אויפוואקסען אין דעם איינציגען, און דריפאך פאראכטעט זיינען די וואס געהען צוטרעטען דאס וואס האט שוין אויפגעבליט.

נישט באדויערען וועל איך דעם קרבן פון אייערע רייען גופא, איהר וואס געה טאומברייינגען דעם ארימען גייסט, וואס אנטוויקעלט זיך יעצט און באלייכטעט שוואך דעם מענשענ'ס וועג.

פאר אייערע קברים וועל איך קיין נקמה נישט בעטען.

אי דהער אייערע טריט. בראוו געהען זיי אין קריג. זיי זיינען נאך נישט באקאנט מיט יענער אנטווישונג פון מארד, וואס רירט אן דאס געוויסען און קומט פנים אל פנים מיט דאס אינדיווידועלע וואס לעבט ערגעץ אין דיר. דאמאלס ווען דיין פארלייקענונג הויבט אן צו צוגעהן אזוי ווי א רויך איבער דיינע אויגען און דו זעהסט פאר וועלכען צוועק דו האסט א שולד — פאר דאמאלס וועל איך דיר קיינמאל נישט מוחל זיין.

איך האב געהערט דיין קריגס־געשריי, נעהענדיג פארגיסען מענשען־בלוט, געהענדיג מיט דיין וואפע צו צופרעסען צארטע מענשליכע קערפערס. איך האב דאן געזאגט, אז דיין אויסזעהן פון יעצט אין דיינער, פון קיינעם נישט באקליימט, ווייל איך האב צוריקגעקוקט אין דיין פארגאנגענהייט, ווען דו האסט געפירט דאס ציווילע לעבען, דאס זאגענאנטע פרידליכע לעבען, פול מיט מאראל און ארדנונג, און נאך פון דארט האב איך געזעהן די אומרואינקייט און דעם בלוטיגען צייכען אויף דיין הייגטיגען פנים.

דארט האב איך געזאגט צו זיך: דיין וועג וועט דיך פירען צו מארד, ווייל דיין אינסטינקט וויל אן אויסוועג.

צו פרידליך איז געווען אין ציווילען לעבען צו זעהן דאס אומ־נעזעהענע, פארלאפענע בלוט. עס האט זיך געבענקט אנצוטאפען עס מיט די הענט, אנקוקען עס מיט ברייט פארלאפענע אויגען, און ווערען משוגע צוליב דעם געפיל פון מארד. זעהן ווי דער טייך געהט אריבער פון די ברעגען מיט רויט בלוט.

דארט אין ציווילען לעבען האט מען געפילט די אומזעבארע ליידען, וואס מען טוט אן דעם צווייטען. אבער עס איז געווען צו

צארט. דא, אין קריג, דערשטיקט זיי יענער נישט, דער וואס לײדעט, ווײל ער איז שטאלץ אזוי ווי אין פרידליכען לעבען. דא, אין קריג, גיט קײנער קײנמאל נישט קײן שימער מיט זײן נשמה אמאל, אזוי ווי עס פאסירט אין פרידליכען לעבען. דא איז אלעס אנטפלעקט ארויסגערופען.

טוט דיר וויי, שריי. איך האב נחת דיך צו זעהן שרייען פון ווייטאג. איך האב לאנג נאך דעם געגארט.

דיין שטאלץ וועט דא נישט באשיצען דיין ווערט, די ערע. איך, שונא, האב דיר אויפגעריסען די וואונד. שריי צו מיר גלייך אין פנים אריין. איך האב דאס ליב און נאך מער האב האב איך ליב דיין צובראכענעם שטאלץ.

איך האב אויף דיין קערפער ארויפגעשטעלט א פוס און צו־קוועטשט דיך ווי א ווארים, ווייל איך האב געוואלט זעהן ווי א מענש ווערט אלס גארנישט אונטער מיין האנט, א מענש וואס איך בין זיין האר געווען. די גארנישטקייט פון מענשען, פון וואס איך האב געהאלטען, האב איך געוואלט אנטאפען מיט מיינע הענט.

און געזאגט האב איך צו דיר, קלוגער:

נאך פון דארט האסט דו געטראגען דעם יעצטיגען בלוטיגען ים. נאך דארט האסט דו איהם געטראגען פארוועבט אין דיינע גלידער, אין דיין פארשידענארטיגער פאנטאזיע. און יעצט איז ער ארויסגעשוואומען פון די גלידער אויף די אויבערפלאך, און ער צוגיסט זיך, און דו פרייסט זיך און שטארק הילכט דיין אויס־געשריי צום קריג.

אומגעוועהנליך ברוטאל ביסט דו. דאס האט דיר דאס געוויסען געגעבען די ערלויבעניש, די ערלויבעניש צו דעם וואס דו ווילסט האבען, דאס געוויסען וואס פייפט אויפ׳ן פייפעל אזוי ווי דו ווילסט.

און איך זאג אזוי:

פאר דיין קבר וועל איך קיין נקמה נישט נעמען.

איך בין צוגעגאנגען צו דיר, טויט־ליגענדער, פאלענדער אין שלאכט, טרעגער פון די פיינדשאפט, און איך האב געזעהן די מיליא־נען וואנזיניגע, מיט וואס דו האסט זיך ארומגערינגעלט, אויף מיינע וועגען. וואו איך געה און וואו איך שטעה, האב איך זיי באגעגענט.

די שוואכזיניגע, די וואס האבען פארלארען דעם גראדען וועג פון מאראל וואס האט זיי געפירט. משוגעת האסט דו געבראכט פאר די נארמאליטעט, פארניכטונג צו די איינציגע.

איך שטעה לעבען דיר, מענש, פיינדשאפט, פארקערפערונג פון טויזענד אינסטינקטען. אויף דיינע אקסלען האסט דו זיי אפילו געטראגען אלס דיין לאסט. אבער דאך ביזט דו געווען זייער באשיצער. און לעבען מיר האב איך געזעהן די משוגעים און זיי האבען זיך ארומגעדרעהט אין דעם ארט פון מיין געצעלט און איבער זיי האב איך געזעהן דעם וויירויך פון דיין פיינדשאפט.

און איך האב אזוי געזאגט צו זיי:

איך נעם אייך ארום און איך זוך די נקמה פאר אייך. אויף אייערע געמיטער זאל די ראכע רוען.

קומט אקעגען די טרעגער פון די פיינדשאפט, און קומט אקעגען די שיקער פון די טרעגער, און מיר וועלען נעמען נקמה פון זיי.

אויסגעגאנגען איז דער וואס האט געטראגען זיין אייגענס, אזוי ווי א קארב מיט בלומען פאר דאס לעבען. און פאר איהם וועל איך נקמה נעמען.

איהר האט אומגעבראכט דעם, וואס האט נישט געוואלט טראגען אייערע חשבונות. פאר איהם וועל איך נקמה נעמען.

איהר האט צוגענומען דעם מאן פון זיין ווירטשאפט און דעם פאטער פון קינד, פרעדיגענדיג פאמיליע־מאראל. פאר די זנות וועל איך נקמה נעמען.

דיך מיין איך, דו, איינציגער, וואס טראגסט די פיינדשאפט צום מענשען. צי דאס וואס שפראצט נאר וואס ארוים אין די דורות־לאנגע מענשליכע בענקשאפט און קאמף. פאר דעם וועל איך נקמה נעמען אן דיר.

דער קריגער פון די פיינדשאפט איז א פארשאלטענער, ווען איך וויל צום קבר טראגען, און מיט מיין האנט וועל איך אנווייזען: דא ליגט די פרוכט פון מיין פאראכטונג. נישט פארלאזען וועל איך דיך ביז וואנען איך וועל קענען מיין צוזאג מיר צוליב טאן.

איבער די מלחמה שטעל איך די ראכע, נישט דעם פרידען. זאל דער פרידען דאמאלס קומען, ווען די ראכע וועט זיין אפגענומען.

באצאלט פון די בעלי חובות צו די מאנער, וועמען איך וועל ברענגען. דאמאלס וועל איך שטיל שווייגען איבער דעם וואס דו האסט אפ־געטאן.

פריער זאל מיין בלוט נישט רוען, און מיין מויל וועט נישט מיד ווערען צו רופען נאך ראכע.

און איך דריי אוועק מיין פנים, ווייל ביז דעם טאג וואס וועט קומען, הער איך דערווייל דאס רוישען פון בלוט וואס דארף באַ־שאפען די ראכע, פון דעם בלוט וואס דארף געבארען ווערען, דאס קינד וואס זאל אויף זיינע אקסלען טראגען די געבורט פון אפצאלונג אלס דאס ערשטע געבאט, אויף דעם וועג פון דאס גרויסע, פאר די פארשפרייטונג פון די פיינדשאפט צום קריג.

איבער די ערד רוישט דער מענשען־געשריי און מאנט זיין ראכע קעגען די וואס זיינען אויפגעשטאנען אין זיינע רייען און טראגען דעם מארד־צייכען אלס זייער בארוף.

דער טויט באגעגענט זיין קרבן מיט דעם לעצטען וואונש פון נקמה.

ווער וועט קומען העלפען? נאר אויף דיר ליגט דער חוב פאר דיין נשמה.

פון דיין גוף האב איך דיך געזעהן ארויסגעהן און דאס געזאגט:

פון ערשט אז זאל קומען דער טאג וואו איך וועל זוכען די בארעכטיגונג פון לעבען און די באציאונג פון אנגרייפער אויף מיין גייסט. שטעהן וועל איך אזוי ווי א שומר ביי דער טיר פון מיין גייסט, און איך וועל נישט צולאזען די כהנים ברענגען די קרבנות אין מיין גייסט, ווייל הייליג וועל איך מאכען דעם פלאץ פאר זיי און ריין, און לעבן דעם שוועל פון מיין גייסט וועט דער פאלען, וואס וועט עס וועלען פאראומרייניגען.

און ווען דו וועסט אזוי רעדען, וועל איך זאגען צו דיר אזוי:

היט אפ די ריינקייט פאר די פאראומרייניגונג פון קריג.

און ווען איך האב צו דיר אלעם אזוי אפגערעדט, האב איך ווידער געהערט דאס שאלען פון טראמפייט, און איך האב געזעהן אויף דיין פנים דעם ציטער און דעם צווייפעל, די באדויערונג גע־מישט מיט דעם געפיל פון פרייד פון דעם זיגער, די פאראכטונג,

דעם שוידער, מיט די זעלבסט־באַרואיגונג, און אויף דיין פּנים האָב איך געלייענט:

דו, אונטער דעם מאַנטעל פון זיגער, דו, איז די מחנה פון די נישט געפאַלענע. האָסט זיך געשראָקן פאַר דעם שונא, פאַר דאָס אַריינדרינגען צו דיר, די אומרואיגקייט, פאַר זיין שאָטען וואָס האָט זיך געהערט פון דעם שאָלען פון דיין לאַגער. האָסט תפילה געטאָן ביי זיך אין האַרצען, אַז עס וועט גלייכער זיין, אַז דו וועסט זיין דער זיגער. דאָס איז געווען דיין צווייפעל, דיין שוידער געמישט מיט אַ געפיל פון פרייד, וואָס איך האָב דערקענט אין דיין פּנים.

האָסט זיך אויף דיר מעהר פאַרלאָזט ווי אויף דיין שונא, כאָטש דו ביזט געווען נעגען די געבאָטען פון קריג, נעגען די געווינסען פון דערשלאָגענעם.

אָבער קיין חשבון האָסט דו זיך נישט אָפּגעגעבען: מיט וואָס קען זיין דיין געפאַלענער שונא זיכערער ביי דיר ווי דו ביי איהם? האָט ער ביי דיר אַ זיכער אָרט פאַר זיינע ליבשאַפטען און לאַסטען? האָסט דו אַנגעגרייט פאַר איהם דעם אָרט פאַר זיין אומבאַרירליכ־קייט? דו רו פאַר זיין זעל, וואו ער זאָל זיך קענען אויסגעפינען? נישט דאָס האָסט דו געהאַט אין קאָפּ.

דיין פאַרלאַנג, אַז דו זאָלסט דער געפאַלענער נישט זיין, איז געווען ליבער אָנצונעמען די עולות פון דיינע אייגענע ווי די עולות פון די פרעמדע. דו האָסט פאַרגיטיגט די שולד פון דיינע אייגענע, און פאַר די שולד פון די פרעמדע האָסט דו מורא געהאַט. פאַך די שולד פון די אייגענע האָסט דו זיך געקענט אַרויסדרעהען, ווייל אַנדערע זיינען געפאַלען, און פאַר די שולד פון די פרעמדע האָסט דו נישט געקענט מוחל זיין, ווייל דו האָסט געקענט זיין דער גע־פאַלענער.

און דערפאַר האָסט דו ביי זיך אין האַרצען געבעטען, אַז אויב עס איז שוין דער קריג, טו זאָל דיין פירער געווינען, און אַזוי נאָך האָסט דו פאַרלייקענט מיין געדאַנק.

שטום ביזט דו געווען, דו האָסט נישט גערעדט. נאָר אין דער לופט האָב איך געזעהן שוועבען די ווערטער, די ווערטער וואָס דו

האסט געדאַרפט טראָגן מיט דיין פּאַרטיידיגונג, וואָס דו האָסט געדאַרפט אַרויסברענגען ווי פייערדיגע זיילן אַקעגן די וועלט מיט אַן אויפגערעגט פּנים.

פאַר דיין פריינד און דיין שונא זאָלסטו דו אויסשרייען :

נישט פאַר דיר בין איך געפאַלן אין אָפּגרונט מיט דעם רעכט פון אַן אַנגרייפער, אַפילו ווען דו ביזט מיין באַשיצער, נעמענדיג מיך אין קריג, און נישט פאַר דעם אַנגרייפער בין איך זיין רעכט.

איך האָב געזוכט אויף די וועגן, וואו איך קום אַריין אין אייער שטרייט, וואו איך נעם אַנטייל מיט דער געפאַר פאַר מיין לעבן און מיט דער אויסטייטשונג פאַר מיין גייסט, און איך האָב געפונען די ערנידערונג פאַר מיר, ווייל איך האָב געזעהן, אַז עס איז נישט דער קריג אום פאַר מיר צו מאַכען אומברעכבאַר מיין אינדיווידואום, צו פאַרצוימען פאַר׳ן שונא מיט די אוממעגליכקייט צוצוקומען צו מיינע ליבשאַפטען, דאָרט וואו ער זעצט זיך אוים מיט זיינע חזיר׳שע פיס אין דעם בין השמשות פון מיינע ליידען.

פאַר וועמען דען איז עס געווען דער קריג? דאָס איז געווען דער קריג פאַר די אַרומצאַמונג פון מיין גייסט. מיין פירער האָט זיך געשלאָגען מיט מיין שונא פאַר מיין אומשטירצונג, ווייל ווען מיין פירער באַזיגט דעם שונא, דיקטירט ער מיר אויך רעכט און פאַר־באָטען. ער נעמט זיך אונטער צו לייגען דעם שאָסיי פאַר מיינע געדאַנקען, און וויל מיך דאָרט אַרויפשטופּען. נאָר דאָרט זאָל איך געהן, און ווען איך בין דער באַזיגטער ביי מיין שונא, האָט ער שוין אויך אַנגעגרייט פאַר מיין גייסט זיינע אויסרעכענונגען.

דער קריג איז נישט פאַר מיר, אַפילו איך זיג, צי איך בין באַזיגט. און דערפאַר ווען עס וועט קומען דער טאָג פון קריג, וועל איך צוזאַמענגעמען מיינע פריינד און איך וועל צו איהם אַריבערשרייען, ער זאָל מיך דערהערען, און מיר וועלען נקמה נעמען פון די וואָס האָבען דעם קריג געמאַכט.

נקמה אַקעגען קריג! און נאָך דעם זאָל קומען דער פרידען. דאָס זאָל זיין דאָס וואָרט, וואָס זאָל דיך פירען אַקעגען די אַנגריי־פער אויף דעם אינדיווידועלען גייסט, אַקעגען די וואָס האָבען צוזאַ־מענגערעכענט מיליאָנען אויף איין צעטעל, פאַר די אַנטשטעאונג,

פאר די געבורט פון זייערע אינסטינקטען, וואס האבען גערארפט גע־טויטעט ווערען אנשטאט זיי צו דער געבורט צו ברענגען. און ווען דו וועסט אזוי רעדען וועל איך וויסען, אז דו ביזט ווידער אויפגע־שטאנען צו דיין לעבען, און דו ווילסט אריבערגעהן פאר די באנייר־אונג, וועלכע דו האסט געזעהן צו דער צווייטער געבורט פון דיין לעבען.

און אויף די פליגלען פון דיין גייסט וועסט דו מיטברייננגען די אלע ליבשאפטען, דיינע ריינע לידען און דיינע לערען. און דו וועסט אנהויבען דאס צווייטע לעבען און די סביבה וועט נאר זיין דיין צייט־פארטרייב, און נישט די באוועגונג־קראפט אויף דיר. די אויסערליכע וועלט וועט נאר זיין אזוי פיל ווערט ווי דו, ווייל דו וועסט זיין דער ענד־ציל און דער שורש, וואו אלעם דארף זיך צוזאמענגיסען אין א פארם און נאך דיין ווערט וועסט דו מעסטען מיט דעם ווערט פון אנדערע, ווייל גרויס וועסט דו דאמאלס זיין און אונטער דיין שאטען וועט נישט זיין קיין מורא צו רוען. דיין מויל וועט נישט פאראכטען, אז נישט וועסט דו באלד צו דער צווייטער געבורט נישט אויפשטעהן.

און דיין חשבון וועט נישט וועניג שעצען דעם אמת'ן ווערט, ווייל דו וועסט זיין באהאפטעט מיט דעם אמת, און זיין אטעם־צוג וועסט דו זיין, און דו וועסט זיין זיין קאמף.

אזוי רעד איך צו דיר, ווען איך טראכט פון דער צייט, ווען עס וועט ווערט זיין דיך ליב צו האבען.

---

## ליידענס אפרוה

ווען ע רהאט דאס אפגערעדט, האט זיך ליידען דערפילט מיד. ווען ער איז אוועקגעגאנגען פון די מענשען האט ער געטראכט פון אוועקפארען אהיים, באזוכען די שטאט וואו ער איז געבארען גע־ווארען, כדי ער זאל זיך א ביסעל אויפהייטערען אין די עראינערונ־גען, וואס וועלען לעבעדיג אויפשוועבען ווען ער וועט פארבייגעהן די פלעצער פון זייער געבורט, וואו ער האט זיך מיט אזוי פיל מי־

און זארג ערצויגנען, און וועט זיך אנרעגען אין זייער געדעכעניש, כדי איבערצופילען יענע טיפע צייטען, וואס טראָגן דעם וואס זיי זיינען געווען זעלטען שמעקען זיי דאך נאך מיט דופט. און דאס אנקומען פון די עראינערונג, אונטער דעם שאטען פון די אלטע בוימער, וואו די קינדהייט און יוגענד איז אויפגעקומען. לעבן זיי האט ער געדענקט זיך אפצורוען. וואס איז נאך דא א בעסערער פלאץ ווען מען דארף רוען ווי אויף דער שוועל פון דער פארגאנגענהייט?

פאר איהם האט נישט געגאלטען די עראינערונג פון געשעפט אדער ארבייט, וואס ער האט איבערגעלעבט. אזוי ווי טויטע, קיינמאל נישט געוועזענע צייטען, זיינען דאס געווען. אבער דאך האבען זיך פון די צייטען, אזוי ווי טורעם־שפיצען פון נעבעל, אויפגעהויבען געשטאלטען מיט שמייכלען און בליקען, באקאנטע פנים'ער, געשטאלטען וואס זיינען געבארען געווארען צוריק אין הארצען מיט געפילען און ווייטאגען. א, ווי עס טוט וויי דאס ווידער־געבארען ווערען פון געפילען, וואס ליגען אין די צארטע וויקעל־שנורען פון עראינערונגען! און ווי גרויס אזא וויי איז! מען וויל נאך זעהן וואס איז געווארען ביי יעדען איינעם, וואס האט זיך אמאל אנגעטשעפעט מיט ליבע אין הארצען, און גערופען פון זיין אבוועזענהיים, מיט א ציענדער בענקשאפט צו איהם, צו הערען זיין ווארט, צו פילען זיין פנים און די פלייצעס וואס האבען היימליכער געמאכט און פרייליך פארטרוימט דאס געמיט.

וואס איז געווארען פון זיי? פון יעדען און פון יעדער?

ער האט זיך באזארגט מיט דאס נויטיגסטע און זיך ארויפגעזעצט אויף די באן. רוישיג און פארטראכט האט די באן געקלאפט דורך די פעלדער, ברענגענדיג ליידענ'ען נענטער צו זיין געבורט־שטאט. אין דער לופט איז דער סוד געווען באהאלטען, וואס האט איהם באגלייט אין די שטאדט. דארט וועט ער דעם סוד דערגעהן. ער זעהט ווי די פעלדער האבען זיך צובליהט און דער קארן וואקסט, און ווי גרין און פול מיט קראפט איז די נאטור. אבער געפילט האט ער, אז אלעס האט זיך געענדערט, אז עס איז נישט דאס וואס עס איז געווען. דאס האט ער געוואוסט, אבער

ווי אזוי וועט ער טרעפען דאס וואס איז געבליבען? דער געדאנק איז געווען טיף באהאלטען. ער דערקענט די פעלדער, אזוי ווי דארט ערוואכען זיי פון די קינדהייטס־עראינערונג צוריק בליענד, שארף, אמת, אזוי ווי זיי זיינען געווען.

איך באגעגען דיך, הנים, אנדערש ווי דער פרייליכער, וואס האט דיך געקענט, אנדערש ווי דער פיל ערוואַרטענדער וואס איך בין אמאל געווען, און דו האסט אין מיר געוועקט פיל שטורעם נאך וויסען, וואס האט דיך פאר מיר געמאכט אזוי אינטערעסאנט. היינט מפאר איך צו גאסט צו דיר, זיך א שפיל טאן. אפגעלאזט אלעס און אפרוען זיך וויל איך. אבער איך גלויב נישט אז איך וועל זיך קענען שפילען און רוען. מענשען וואס זיינען אריבער פיר און צוואנציג יאר קענען זיך שוין נישט אפרוען.

האסטיג האט זיך די באן געיאגט. אט איז זי שוין צוגעקומען נאנט צו דער שטאדט, נאך אין גאנצען איין סטאנציע. עס זעהט זיך שוין די פארשטעדט, און אויפ'ן הימעל ווערט טונקעלער. די באן וועט אריינקומען אויף דער נאכט אין שטאדט. ער שטעהט און קוקט ארויס דורכ'ן פענסטער אין זיך אליין פארטראכט. טונקעלער, טונקעלער ווערט דער טאג, און די לופט שוועבט פארטרויעט און מיט בענקשאפט. און די באן לאזט שוין וויסען פון זיך, אז זי קומט דארט צום באן־הויף, וואו מענשען ווארטען. זי לאזט ארויס א פייף הייזעריג און נאכער קוויטשענדיג, און עס קוקט אויס אזוי ווי עמיצער יאגט זיך איבער די פעלדער מיט א גרויסער פרייד אין אנזאג אהיים צו זיך, אהיים מיט א ליבליכען קוויטש, וואס וועקט יעדענס הארץ און צולאזט זיך אין ווידער־שטימען ווייטער און ווייטער פאראויס אנצוזאגען די שליחות, ביז וואנען זי קומט שוין נענטער און נענטער און בלייבט שטעהן אין באן־הויף.

ליידען איז ארונטער אין שטאדט. עס איז שוין געווען נאכט א לופטיגע, א קילע. פון אויבען האט געשוואומען די לבנה. ער האט געפילט אזוי ווי א שטראם פון א שטארקער קראפט וואלט איהם פארכאפט. און נאכער, ווען ער איז שפאצירענדיג מיד געווארען, האט ער זיך געלייגט שלאפען. אבער אין בעט איז

איהם דער מאָרגען געשטאַנען פאַר די אויגען, דער מאָרגען פון וועמען ער האָט ערוואַרט, אַז דאָס אומאַנטפּלעקטע זאָל קלאָרער קומען; דער מאָרגען נישט דוקא אויף דעם צווייטען טאָג, נאָר די אייביגע ערוואַרטונג וואָס וועט זיך אויפוויקלען. אַזוי ווי אויף אַ מיילען־לאַנגען לייטער פון געדאַנקען האָט ער זיך געדראַפּעט צו דערגרונטעווען עפּעס. אָבער עס האָט זיך נישט אויפגעוויקעלט דאָס ענד, מיד איז ער שטעהן געבליבען אין מיטען וועג, און געגרי־בעלט האָט ער זיך אין אייניגע ערטער, אָבער ווייטער איז ער אַלץ געקראָכען.

עס איז פאַרגעסען געוואָרען דער אַפּשטעל, אָדער עס איי נישט ווערט דער אַפּשטעל, האָט זיך אַן אומרואיגקייט אויסגע־שפּרייט אַזוי ווי אַ חולאת אין די געסט פון זיין נשמה, און לאָזט זיך קיינמאָל נישט דערגרונטעווען. ער האָט זיך געדראַפּעט אויף דעם לייטער פון אַפּגעגאַרטען צוזאַג און פיל וויסען.

און ווען דער פרימאָרגען האָט אריינגעשיינט מיט זיין ערשטען בלאַסען ליכ טאַין זיין צימער, איז ער אַנשלאָפען געוואָרען קריכענ־דיג אויף דעם לייטער.

שפּעט נאָך מיטאָג ווען ער איז אויפגעשטאַנען איז ער געגאַנגען זוכען זיינע פריינד. ער האָט אַ סך פון זיי געטראָפען און געוואָר געוואָרען אַ סך. איין פריינד איז זעלבסטמאָרד באַגאַנגען אַ צייט נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזען די היים. דער איז קראַנק געווען, יענער האָט חתונה געהאַט, און אַנדערע דרייען זיך אַרום אין אַ טאָלק אין וועג פון לעבען. אַזאַ מין גייסטיגע צוריסענקייט. אַזאַ מין אַפּאַטיע און מיזעראַבעלע ליידען וואָס האָבען אַראָפּגע־שטופּט דעם גייסט און געקוועטשט נידעריג. זעלבסטמאָרדען האָבען זיך פאַרשפּרייט אַזוי פיל. ווען ער האָט געלייענט די צייטונ־גען האָט ער געזעהן, ווי צוואַנציג יעריגע, מיטעל־יעריגע, אַלטע, און אַפילו קינדער, האָבען זיך גענומען דאָס לעבען.

איבעראַל האָט ער דאָס געזעהן, און איבעראַל האָט ער דאָס געוואוסט, אָבער דאַ יעצט האָט עס איהם מער וויי געטאָן ווי אַלע מאָל. ער האָט געטראַכט פאַר זיך:

די וועלט איז געוואָרען אַ שנור, וואו יעדער איינער גליטשט

זיך פאר דער צייט ארונטער אין אפגרונד. די שטריק פון טויט איז ענדליך געווארען דער רעטונגס־גארטעל ווען מען טרינקט זיך
זיין געבורט־שטאדט האט איהם דערשלאגען. ער האט גע־פונען דעם פוסטען ארט גראדע דארט, וואו ער האט ערווארט צו געפינען זיינע הייליגקייטען. און ער האט צו זיך אזוי געזאגט:
אין מיין היי מהאב איך די קברים־בלומען געזעהן, דעם גערוך האב איך געפילט, מיינס איז ער געווען. און יעצט וועל איך אוועקגעהן פון דאנען. אזוי ווי אין די פרעמד געווען. אויסגעטרי־קענט זיינען געווארען די גוטע פלאנצען, און דארשטיג קוקען ביי די מענשען די אויגען ארויס, און ביי קיינעם האט זיך דער נשמה־פלאם נישט געצאפעלט אין זיין אויג.
ער איז אוועקגעגאנגען אין גארטען אריין אפגעבען זיין לעצ־טען באזוך. דארט האט ער געוואלט זיין, זעהן זיך צוריק מיט די ערטער וואו ער האט א סך פארבראכט ווען ער איז קליין געווען און וואו ער האט אנגעהויבען א טרוימער צו ווערען. פון ווייטען האט ער שוין דערקענט דעם גארטען. א טויטער שוואלב איז געהאנגען אויף זיין צוים אין א פליענדער פאזע, מיט פאנאנדערגעשפרייטע פליגלען.
א שלעכטער סמן פאר דעם גארטען—האט ער זיך געטראכט—אויך דא מוז זיין אן אנדער גייסט.
יא, אויך דא האט ער די קברים־בלומען געזעהן, דעם גערוך געפיהלט, ווייל זיינער איז ער געווען.
דאס ערשטע האט ער געקוקט אויף די וועגען, וואס האבען זיך געצווייגען פון גארטען. ווי אלעס האט זיך געענדערט — האט ער געטראכט. די וועגען, וואו עס פלעגען אמאל שפאצירען מענ־שען,— זיינען מיט בלעטער באשאטען. און אפגעלאזט און פאר־שטויבט זיינען געווען די בענק, אזוי ווי עס וואלטען דא א סך יארען קיין מענשען נישט געווען. ער פארלאזט ענדליך דעם פארק מיט א טיפען ווייי, און אין געדאנק האט ער באשלאסען אוועקצופארען. ער האט שוין גענוג געזען און דאס ווייטאגט אזוי פיל. עס איז שוין גלייכער צו זיין אין דער פרעמד, וואו די עראינערונג ווערט פאר־הארטעוועט, ווייל דאס וואס ער זעט דא,הינדערט צום לעבען און

צום קאמף, ווייל דא דערזעט ער זיך ווי ער וואקסט אויס אלס מצבה. ער אליין האט זיך אוועקגעשטעלט אזוי ווי אן אנדענקונג ביי דעם ראנד פון אמאל, וואו זיינע פארלאנגען, ערווארטונגען, טרוימען, וואס האבען געדארפט קומען אין לעבען צו דער דערקענונג פון מענ־שען, ליגען אויסגעלייגט און הייסען קלאגען, ווייל ער האט געהערט זייער געשריי:

דאס אלטע לעבט פאר דיר און דאס נייע וועט דיר נישט איינ־געהן, ווייל דעם זאפט וואס דו באגעגענסט אין דאס לעבען, האסטו אין מיר איבערגעלאזט, און איבער מיר ביזט דו די מצבה, ווייל עס איז נאך נישט מקוים געווארען איהר אמת.

געה פארגעס, אום אויף דאס ניי צו לעבען. קום קיינמאל נישט באקוקען די געשטאלט פון דיין פארגאנגענהייט ווען דו שטעהסט מיט דער פויסט אין קאמף געגען דער וועלט, אז נישט וועסט דו שוואך ווערען, און דיין פויסט וועט מיד ווערען און אראפ־פאלען.

ער האט אריבערגעקוקט איבער'ן גארטען. פון וויטען זיינען געלעגען בערג, און איבער זיי איז דער הימעל א רויטער, א פייער־דיגער פארגאנגען. פאנטאסטיש האט עס אויסגעזען, ווי אזוי די וואלקענס האבען זיך צוזאמענגעגאסען איידער זיי זיינען אנטגאנגען, און איבער דעם רוים און אויף די בערג איז געלעגען א שטילע פאר־טראכטע רואיגקייט, ווי די נאטור אליין וואלט זיך אין זיך פארטיפט און געהויכט מיט איר טיפען סודות'דיגען אטעם אקעגען די וועלט. עס איז געווען דאס אויסגעהן פון א טאג, פון א פרעכטיגען זוניגען הערבסט־טאג. און ארום און ארום האט זיך געהערט זיין אונטער־גיין, זיין שטארבען. און עס האט אויסגעקוקט, אז אין דער לעצטער שעה פון זיין דאזיין לאזט ער פון זיך ארויס זיינע טיפסטע שיינקיי־טען כדי צוצובינדען די בענקשאפט צו זיך.

ער האט זיך געשפילט אין זיין אייגענע נסיסה־ליידען. מיט זיין האב און גוטס, מיט זיינע פארבען אויף דעם ברייטען אומענד־ליכען ריזיגען רוים פון הימעל.

און דער אווענד איז אנגעקומען ביסלאכוויז, ביסלאכוויז. זעהר פארטראכט איז געלעגען דער הימעל ווען דער טאג איז אין

איהם אפגעשטארבען. א קילער ווינט האט זיך געטריבען. און די בערג האבען אויסגעקוקט אזוי ווי שדים, שטייענדיג מיט זייערע שפיצען ארויפגעריסען. די נאכט, די שטילע, טויטע נאכט, איז אנגעקומען.

ליידען האט אראפגעלאזט דעם קאפ, און ער האט איין זיך געטראכט וועגען פעסימיזם אזוי:

---

## דאס פעסימיזם

הער איך דען נישט דאס קלאגען פון דיר, דו גייסט, פאר די נישטיגקייט פון אלעס, צוליב דאס אוועקגיין פון לעבען? הער איך דען נישט דעם עכא פון דיין רוף, ווען אנדערע פילע זנאר די שטילקייט, ווען מיין מויל עפענט זיך פון לעבען צו רעדען ווייניג מיין גייסט צוליב דיין אונטערגאנג.. ווי וואלט איך דיך געקענט אויף מיינע הענט טראגען און באשיצען דיך פון דאס אלעס־אויסגיין, ווי וואלט איך דיך געוואלט מיט מיינע פליגלען באשיצען, דו זאלסט נישט אונטערגיין! אויפהויבען וואלט איך דיך געוואלט הויך איבער דער ערד, כדי דו זאלסט פארגעסען איהר שוים, וואס ווארט אויף דיר.

איך זע יעצט דעם הימעל, וועלכער פארגייט אין טרויער, און איך דערמאן זיך אן עלענד, דאס קינד פון דאס אלעס־אויסגעהן.

מיר זע איך דעם ווארצעל, אויף וואס דער פעסימיזם בליט, און מיט א געדאנק פון ערע בין איך פאר די וואס פארזוכען פון איהם, און אין האס פאר די וואס רעכטפערטיגען אלעם צוליב איהם.

א, אויף וויפיל חורבות ביזט דו אריבערגעקראכען, וואס דו אליין האסט געמאכט, צוליב דעם אפמאך מיט'ן פעסימיזם, וויפיל האסטו פארניכטעט צוליב דעם, ווייל דו האסט גארנישט געזען ביי דעם ענדע.

„וויין, ווייב און געזאנג" — דיין מאטא, וואס האט דיך גע־מאכט זיצען באקוועם לעבען טאלען פון בלוט. לעבען דעם ווייראויך ביי דעם מזבח פון דיינע קרבנות האסטו דאס געהאלטען. ביי

דער זייט פון דיין פארקויפטען און פראסטיטואירענדען געוויסען האסטו הויך געשריען די דאזיגע ווערטער.

מיין לערע צו דיר זאל זיין, אז דערפאר טאקע ווייל דאס לעבען איז ענדליך און פארגעהענד, זאלסטו אפשאצען דעם ווערט דערפון, אבער נישט אין הוליען זע איך דאס שאצען ווי אזוי דו מעסט עס, נישט אין דיין מאטא ליגט דער ווערט איבער אלעס.

ווי האט זיך דאס אראפגעלאזט דער פארהאנג פון פאראנט־ווארטליכקייט צוליב דעם וויסען. פארגעסען האסטו דיין אינ־דיווידואום אונטער דעם געדאנק פון דעם אלעס־פארגיין, און דאס האט מעגליך געמאכט צו טויטען דיין פאראנטווארטליכקייט. און דערפאר ווייל דאס לעבען איז אזוי טראגיש, זאל איך נאך מער פאראכטען די דאזיגע, וואס מאכען דאס ביליג, וואס פילען אן זייערע פאלדען און זייערע ווינקלען מיט ביטערניש און יאוש. אויב דאס אלעס־פארגיין איז דא, זאל דער דורכגאנג זיין דער דופטענדער טאנץ אין לעבען, אבער איך מיין דעם טאנץ פון דיין גייסט.

פון האס צו דעם אלעס־פארגיין זאלסטו אויסשיטען דעם וועג פון דעם דאזיין, מיט דעם רייץ פון דיין אינדיווידואום, כדי אין דער עראינערונג פון איינעם איבער דעם צווייטען זאל עס זיין, אן אפצאלונג פאר דעם באוואוסטזיין פון אונטערגאנג.

א, הער מיך! נאך איידער דאס אלעס־פארגיין קומט צו דיר, פארלירסטו זיך. הויב זיך אויף העכער איבער דעם.

דער שרעק און די לערקייט פון פעסימיזם מאכען דיך אויפ־געבען דיינע שיינקייטען. פארשלאפען ווערט דיין גייסט. ווי אין חלום נעמסטו אנטייל אין לעבען.

זאלסט אזוי נישט זיין.

טראג זיך אוועק אונטער דעם זון־שיין פון ריינעם געדאנק, דארט וואו דו ווערסט נישט ערנידעריגט און מינדערסט נישט קיינעם זיין ווערט, דארט וואו דיין פנים לאכט מיט דעם אינער־ליכען באוואוסטזיין פון דער דערקענונג, און דו פרייסט זיך אין דעם שפיל און אין דעם ערנסט מיט איהר.

זעסטו נישט ווי פון ווייטענס — נאך דיר וואו דו ביזט יעצט —

צו דיר וואו דו דארפסט זיין — ווינקט צו דיר די צוגעזאגענהייט איינגעהילט אין דעם רעגנען־בויגען פון דיין אינדיווידואום? קענסטו דעםביישטיין דעם נסיון און נישט גיין אהין? דער נסיון וואס דראהט דיין פארניכטונג און ווייזט דיר דאס ליכט פון דיין אויפ־קומען.

איך וויים, אז דו וועסט גיין אהין. אבער פריער וועלען דיינע טרים אין בלוט זיין בעפלעקט, איידער דו וועסט עס טאן. פון דאנען נעמט זיך דאך, אז נאך די ליידען ווערסט דו טיף און פאל־קאמענער. פארוואס זאלסטו עס נישט קענען זיין פאר זיי? מיט דער הילף פון דיין פסיכאלאגישען באוואוסטזיין זאל דיין גייסט זיין דער שפאקטיוו, דורך וועלכען דו זאלסט אלעם זען פון ווייטענס און הויפטזעכליך זיך אליין, ווייל ווייטער פון אלעמען ביזטו צו זיך אליין.

ווען ליידען האט דאס געגערדט, האט ער זיך געפילט זעהר איינזאם. ער האט געקוקט אין די טיפע ווייטקייט אריין און ער האט אינערליך געציטערט. ער האט ווייטער גערעדט:

קום, זיי מיין קאמפער. נאך האט דער פעסימיזם נישט בא־רעכטיגט דאס גלייכגילטיגע פארשווייגען פון מארד און די בלוט־פארגיסונג. צוליב דאס אויסגיין פון אלעם דארף דאס לעבען נישט געמאכט ווערען אויסגיין.

אויפ'ן הימעל זיינען די ערשטע שטערען ארויסגעקומען. ליידען האט זיך אנגעלענט לעבען טויער פון גארטען און ער האט געזאגט די לעצטע ווערטער ווענען פעסימיזם אזוי:

היט זיך צוצוטרייבען דעם מענשען צו דעם ראנד פון דער נישטיגקייט, ווייל קיינער פון אייך קען נישט זיין זיכער, אז ער וועט מארגען נישט באגיין זעלבסטמארד. ווייל זעלבסטמארד איז די טיפסטע באגרינדונג פון דער נישטיגקייט פון לעבען.

---

## דאס געזעץ, דער ריכטער און דער פערברעכער

יעצט האט ער גערעדט ווענען דאס געזעץ פון ריכטער און פארברעכער. ער האט געזען פאר זיך אויפשוועבען די מאטער־

נישען פון פארברעכער, דער מענשליכער גוף וואס האט זיך געוואר־פען אין אגאניע, א געפענטעטער, א צובלוטיגטער, מיט זיין נשמה וואס איז געשטרויכעלט געווארען אין דער פאסטקע פון געזעץ.

דו, ריכטער, צו וועמען דער פארברעכער איז אריינגעפאלען, דו, דער הויך־משרת פון געזעץ, דו באשפריצט דעם משפט מיט גיפט פון דיין אינדיווידואום, דורך וועמען דאס געזעץ קומט צום אויס־דרוק, די שוואכקייט און דאס נידערווארפען פון פארברעכער. וועל־כער פארברעכער האט געטאן אזוי פיל פארברעכען ווי דער שטאאט דורך דיין פאראורטיילונג? וועלכער מענש מאטערט זיין קרבן אזוי ווי דער שטאאט מאטערט זיין קרבן? און דו, כהן גדול, איבער דעם אויסגערונענעם מארך פון צוקלאפטע שארבענס, פון פאר־ברעכער אין זייער פארצווייפלונג און געצוואונגענער הילפלאזיגקייט, וועלכע דו האסט אריינגעווארפען אין פייער פון מאטערניש, ער־שיינסט אזוי ווי א טייוועל ביי זייער אפגרונד, וואוהין דו באַ־גלייטעסט זיי מיט דיין לאנגען הענקער־מאנטעל, מיט דעם פרומען גיפט פון דיין כח איבער די אנידערגעווארפענע. ליידען האט געהערט דאס מאסען־געוויין פון די איינציגע אין די תפיסות, דעם פארוואורף פון די, וואס זיינען שוין שווינדזיכטיג געווארען, דעם פארוואורף פון די, וואס זיינען שוין בלינד געווארען.

ער האט געזען ווי זיי האבען געשלעפט דעם שווערען וואגען פון ארבייט, איינגעשפאנט אלס דאס אייגענטום פון שטאאט — קראנקע, אן כחות, יאגענדיג צו א ציל־ברעט, וואס איז געווען אן ערנידערונג אפילו פאר דעם אפגרונד, און ער האט אזוי גערעדט:

מידע, קראנקע און געבונדענע האט מען זיי געהייסען ארביי־טען. דו האסט געדארפט פון זיי דעם כח טאג איין, טאג אויס, און דעם גייסט האסטו אין זיי צוקוועטשט, אונטער דאס שטיקען פון אונטערטעניגקייט. קיינמאל, קיינמאל זאל מען דיר עס נישט מוחל זיין, ביי דעם געלעכטער צו דיינע קינדער זאל מען עס דיר דערמאנען; ביי דיין געפיל פון מיטלייד און רחמנות זאל מען דיך דאפעלט פאראכטען.

שווינדזיכטיגע האסטו זיי געלאזען זיצען אין דיינע קעלערען,

האָט דיך דער שווינדזיכטיגער נאָד נישט געזעטיגט — אין דיין נקמה?

זע וואָס דו האָסט געמאַכט פאַר די זעטיגונג פון דיין ליידענ־שאַפט — בלוט! מענשליך בלוט!

דער רוף צום לעבען האָט דיך גלייכגילטיג געמאַכט, און צו דער פאַרניכטונג ביזטו שנעל אויפגעלייגט געוואָרען.

הערשער, אַקעגען דיר זאָל מיין רוף זיין. זאָלען די מענשען דיך האַסען, וועסטו מער פאַרזיכטיג זיין מיט דיין משפּט'ן. נישט אַכטונג צו דיר, נאָר האַס — אַט דאָס דאַרף מען לערנען דעם פאַלק. אין בעסטען פאַל אַ סך צו קוקען צווישען דיינע פינגער.

און ליידען האָט פאַרטגעזעצט:

ענג געמאַכט האָסטו די מענשען מיט דיינע געזעצען, דו שטאַאַט, דו אַלע מאָל לעבעדיגער און לעבלאָזער קערפּער. דיינע דינער ברענגען די איינציגע צום אונטערגאַנג, די איינציגע פון וועמען דו שטאַאַט האָסט זיך אָנגעהויבען צייל‌ען. ווען נישט דער איינציגער, מיט וואָס וואָלסטו זיך אין אמת'ן גרוים געהאַלטען? איז דען די מאַסע מער ווי דער מאַטעריאַל פאַר דעם קריג און די רעוואָלוציע?

ווען ער האָט דאָס גערעדט, האָט ער זיך איינגעקוקט אין די שטילקייט. דער ווינט האָט גערוישט די בוימער, און בלעטער זיינען שנעל און געדיכט אַראָפּגעפאַלען.

ווי הער איך קלאָגען דעם פאַרברעכער איבער דיין שטראָף! דו האָסט אונטערגעבראָכען די פאַרטזעצונג פון לעבען, דו האָסט צוגעשטופּט דעם מענשען צו דעם ראַנד פון דער נישטיגקייט, און דערפאַר איז ער אין זיינע קאַמערען זעלבסטמאָרד באַגאַנגען. הפקר איז ער געוואָרען אין דעם בעזיץ צו די, צו וועלכע מען האָט איהם איבערגעגעבען.

ווער טראָגט נאָך דאָס געבאָט פון לייב־אייגענטום, דו שטאַאַט! ווער טראָגט נאָך פריי דעם מאָרד אַלס אַ ריכטיגקייט, דו שטאַאַט! ביי וועמען ווערט דער גייסט פון איינציגען אַם ווינציגסטען אין אַנבאַטראַכט גענומען ווי ביי דיר. דאָס געזעץ איז נישט פאַר מענ־שען, דאָס געזעץ איז נעגען זיי.

דו, געזעץ, ביזט דער שלייער פון די יענע, וואס האבען זיך באהאלטען אונטער דיר מיט זייער ליידענשאפטליכען פארגניגען אומצובריינגען דעם גוף.

ליידען האט זיך פארטראכט.

איבער איהם און איבער אלעמען האט ער געזען אויפגיין א טונקעל גרויען הימעל מיט א שוואכען ליכט. וואס איז דאס? האט ער זיך געפרעגט. איז דאס א נייער אויפגאנג פאר דעם מענשען? ניין, דאס איז דער אונצוזאגענדער שיקזאל, דער לופט־לאזער נישט, וואס טראגט נישט קיין צוזאג פאר קיינעם. אונטען האט ער געזען ווי א ריזיגע שורה מיט מענשען זיינען געשטאנען און געווארט.

טונקעל איז דאס שוואכע ליכט געווארען. ער האט נאר געזען, ווי די מענשען איינער נאך דעם צווייטען פארשווינדען אין דאס אייביגע אוועקגיין. און ער האט ווייטער אזוי געזאגט:

איז דען פאראן די בלינדע שווערע געזעץ־שטראף, ווען דער מענש וויל עס נישט אויספירען? נאר אין די הענט פון מענשען ווערט דאס געזעץ, די קייטען צו שמידען און די שטריק צו הענגען. דערפאר מאך איך דיך איינציגער שולדיג פאר דאס געזעץ.

און צו דיר, ריכטער, רוף איך, צו דיין טראן וואס שווימט אין טרערען און אין בלוט, און פאראנקערט זיך ביי טויטע שארבענס אלס דיין באשאף, לייג אוועק דעם סערפ פון דיין מאכט און פאר־טראכט זיך איבער די אומברייננגונג און די דערקענונג.

---

## דער ערנסט

דאמאלס האט ער גערעדט וועגען דעם ערנסט אזוי:

פארשטעלסט האסטו זיך די אויגען פאר דעם ערנסט, דו רעדסט זיך איין, אז ווען דו פארמאכסט די אויגען איז די געפאר נישטא. אבער ווי אנמעכטיג ביזטו נאכער געפאלען מיט דעם שפיז פון דעם ערנסט אין דיין הארצען! אפשארען האסטו געוואלט דאס אנקומען פון די שווארצע כמארעס, און דו האסט זיך פאר׳שכור׳ט אין

פרייליכקייט און אין זארגלאזיגקייט און אין דעם שפיל פון די תאוות, און די וואלקענס זיינען זיך געשוואומען אלץ נענטער צו דיר, ביז וואנען זיי האבען דיך צוגעדעקט.

א סך מאל זעסטו און פארשטייסט דעם ערנסט, און דו זוכסט די אויפהייטערונג דערפון. ווייל פון דעם ערנסט קענסטו זיך שוין נישט העלפען. אבער זע ווי ביליג דו האסט זיך פארקויפט צו דער אויפהייטערונג, וויפיל האסטו אנגעווארען אין דעם זוכען פון ווילען פארגעסען זיך! וואלט נישט באמת גלייכער געווען צו שטיין טרויעריג מיט דיין ערנסט, איידער ביליג אראפצופאלען אין דיין אויפהייטערונג?

דו האסט זיך איבערגעגעבען צו דעם פארשטעלטען געלעכטער, דו לאכסט אום כדי זיך צו פאר׳שכור׳ען, דו האסט זיך איבערגע־געבען צו דער אפנארונג, אז אלעס קען אפגעשטופט ווערען, און אז זארג פארטזעצען ווייטער דאס לעבען. דו ביזט נאך געשטאנען איבעראל — ווען אין דעם טראכט פון ערנסט איז עס געווען א נעפאר פאר דיר. און צום סוף ווען דיר איז שוין גאר שווער געווען פון די אלע זאכען, האסטו זיך פאר׳שכור׳ט אין דעם קומער, איבער דעם אלעם, און א מאך געטאן מיט דער האנט מיט יאוש און נאכלאזונג, און אנגעפאנגען אויף דעם זעלבען וועג, גאר נישט צו ערווארטען, ווייל דו האסט געוואוסט, אז עס איז באמת גאר נישטא וואס צו קריגען.

דו האסט געליעבט ווען דער ערנסט האט דיך גערופען אוועק־צוגיין. ווייל די ליידענשאפט פון דעם צושטאנד גופא האט דיך באפרידיגט. עס איז נישט געווען יענע גייסטיגע פארטיפונג און פאראייניגונג, אדער אם ווייניגסטען די צוטרוי־ליכע איבערגעבענ־הייט, וואס איז גאר דער אלף בית און דאס צוגיין פון מענשען צו מענשען, נאר עס איז געווען, נאר ד יאינסטינקטיווע ליידענ־שאפט און איהרע אויפרעגענדע אויפוויקלונגען.

אין דיין נאנטקייט ביזטו געשטאנען טראץ דיין ערנסט, צוליב נעגענזייטיגע הילף. איך האב נישט צו דיר אין דעם פאל, ווען נאר אפילו אליין צוליב די געגענזייטיגע הילף דארף שוין אויך די פריינדשאפט זיין. ווייל דער איינציגער דארף האבען די הילף

פון דער מאטעריעלער און דער קערפערליכער עקזיסטענץ פון לעבען. פון נאך וועמען, וואס מיך ארט איז, ווען דו מישט אריין אין אינ־טעלעקטועלע טיפקייט, וואס איז באמת נאר נישטא אין אייער צואזמענלעבען. זיי פריער קלאר ב ייזיך און וויים ווי דו שטייסט, זאג אז זי איז נישטא ביי אייך, וועט איהר זי וועלען שאפען, איידער רעדען מיט איהר שפראך, וואס אין אמת׳ן איז איהר נשמה נאך נישט געבארען געווארען ביי אייך.

ווי באדויער איך דיך, דו דאזינער, וואס גראבסט דיין פנים אין זאמד, כדי דו זאלסט נישט זען די קויל פון ערנסט וואס לויפט אויף דיר.

האסטו זיך דען באמת ארויסגעדרייט פון דעם ערנסט, ווען ער האט געלויערט אויף דיר איבערצופאלען? און פיל, פיל וואלסטו פארמידען דיין גייסטיגע דערדריקונג, ווען דו וואלסט אויפגענומען דעם ערנסט ביים אנפאנג, מיט אפענע ארעמס, איידער זיך לאזען איהם אנטוויקלען דורך נישט מאכען זיך נישט וויסענדיג פון איהם.

דער ערנסט וואס גייט צו דיר, געפינט דיך אלע מאל, ווייל ער איז דער באשאף צו דיר, און פון דיר. עס איז די גלייכגעוויכט פון גייסט, כדי ער זאל זען אויף וועלכע פעסטונגען זיינע וואפען צו פירען, און דאס ליכט, וואו זיין אינדיווידואום זאל זיך געפינען.

דורך אלע דיינע צייטען און אלע דורות האסטו פארקויפט דאס לעבען אקעגען דיין ערנסט. דו האסט געהאנדעלט דערמיט ווי מיט א טאפ לינזען, און דו האסט געהאנדעלט דערמיט ווי דאס אפפאלעכץ אין דער טיף פון דיינע באגערען.

ווער האט פארשעמט דאס לעבען אזוי פיל ווי דו, פאר־טרעטער פון דעם?

ווער האט דאס אראפגעבראכט צו אזא בילינען מקח ווי דו, איינענטימער?

דערקענסטו די גרעניץ ביים טויט? איך רוף צו דיר, אז צוליב דאס אנקומען פון טויט זאלסטו אקעגענגייין דעם ערנסט, ווייל אקעגען זיין שיין ווערסטו שענער דאס לעבען פארבייגיין, און עס וועט ווערט זיין דיין אפשטעל און דיין פארווייל׳ונג אויף דער ערד.

ביזט געקומען אויף די ערד נישט נאר פארבייציוניין, נאר אויך דא צו זיין! לאז מיך זען ווי אזוי דו ראמסט דיין דאזיין אין אין דעם גייסט.

זאמעל נישט אן דעם ערנסט, שנייד מיף דעם מעסער פון דיין גייסט אין איהם אריין, אין זיין אנקומען צו דיר. און מעג עס דיר ווי ווי מאן, פיר אדורך זיינע אנווייזונגען, ווייל ער לאזט דיך נישט פארביליגען. עס פאלען די וואס מיידען אויף איהם צו קוקען.

זע, ווי דער שווארצער הימעל ליגט אויסגעשפרייט איבער דעם גארטען און די בוימער האבען זיך צו איהם ארויפגעריסען. ארום און ארום איז אזוי טרויעריג, קיין באוועגונג איז נישטא אויף די בוימער. זיי שטייען אזוי ווי אבלים נאך זייער זומער. הער זיך איין, דו ווערסט באדויערט פון זיך גופא.

הלואי זאל איך דיך אנטרעפען אויף דעם וועג נאכטראכטען וועגען ערנסט, און איך זאל זיך קענען פרייען מיט דיינע אויס־טייטשונגען. אבער דערווייל גיי איך אוועק פון דיר, ווייל נאך זע איך נישט די סימנים פון דיין דערקענונג.

---

## וועגען די געלעהרטע

נאכער האט ליידען געערדט צו די געלערטע אזוי:

איהר זאלט נישט באנרינגדען דעם גייסט פון דעם איינציגען, אזוי ווי איהר טוט עס אין דער באציאונג צו אנדערע וויסענשאפ־טען. קאלט און גליטשיג קוקען מיר אוים אייערע אורטיילען, און מערסטע מאל שלעכט פארטייטשט.

ביי דעם שיין פון אייערע אנטדעקונגען און אויפטואונגען האט דער גייסט פון דעם איינציגען פארלארען זיין ווערט, ווייל איהר האט זיך באטראכט אלס העכער אינטעלעקטועל. אבער די ערפינדונגען און די וויסענשאפט זיינען נאך נישט די העכסטע אינ־טעלעקטואליטעט. זי איז אין דער בעציהונג צום לעבען. פאר מיר שאפסטו אלעס. אבער אויב איך, בעל הבית, וועל נישט זיין, נאך וואס טויג דיין באשאף?

ווען דער גייסט פלעגט שטייף לינגען און זוכען די באפרייאונג פון ערנידעריגונג, האסטו געשריגען דורך די געשיכטע פון דער מענשהייט, אז אזוי דארף זיין, אז די נאטור אליין האט דאס אפגעשטימט.

אויף דיינע העכסטע טרעפ אין דיינע טעמפלען האסטו נישט געזען דעם איינציגען, נאר דאס אלגעמיינע, און דו האסט אפגע־שטימט זייער פירונג מיט דיין ראט פון רעליגיאן און מאראל, פון פארערונג און אונטערטעניגקייט.

די איינציגע זיינען אלע מאל געווען די נארען, וואס האבען געהאלטען די געצען. אבער דו ביזט דאך דער געץ געווען! אין דעם באגריף האסטו זיך איינגעטיילט מיט דעם פאלק האלב אויף האלב. אין וואס איז דיין עכטקייט באשטאנען, אין דער פראסטיטוציאן פון דיין גייסט? דורך די דורות פון דער געשיכטע שרייען ארויס אייערע שטימען פול מיט כעס און אומברייננגונג צו דעם שוואכען, ווייל איהר האט דעם איינציגען אוועקגעשטעלט אין א גרעניץ און איהר האט געמאכט א געזעץ איבער אייער גייסט. ווער זיינען געווען די שוואכע ביי אייך, אויב נישט די וועלכע איהר האט באַ־גרעניצט אין אייער גייסט?

אין די קרינס־צייטען האט איהר געדינט די אפגעטער פון הערשאפט און איהר האט געדרייט דעם גייסט צו דער דינסט פון אייער בכבוד'יגען אמט און זאטען מאגען. איהר האט פארקויפט אייער וויסענשאפט. ארויס פון די גרעניצען פון אידעאליזם צו וואס די ריינע וויסענשאפט באצוועקט, דער אידעאליזם אויפצו־הויבען דעם מענשען.

האסטו נישט בארעכטיגט דעם קריג, דו וויסענשאפטסמאן? זאג, הויב אויף דיין פנים און קוק אן די קברים־פעלדער. דו האסט געשטעלט איבער דעם לעבען א געזעץ פון בארעכטיגטער פארניכ־טונג, דו האסט פארשוועכט דעם גייסט מיט שימעל ארויס פון דיין אויטאריזירטער וויסענשאפט.

צו אייערע געצען־שטוהלען איז זיך דער איינציגער געקומען היילען און איהר האט איהם אומגעבראכט אויף דעם מזבח פון

אייער וויסענשאַפט, וואָס איז אַראָפּגענידערינט געוואָרען פון אייך צום האַנדעל פון מענשליכע לעבענס.

צו אייערע שטוהלען איז דער גייסט געקומען אַ געבונדענער אין זיך גופא, ווייל ער האָט נעדאַרפט ראַטעווען זיין גוף.

מיין עקעל און פאַראַכטונג זאָל באַגלייטען אייער אַנדענקונג!

דו האָסט געזוכט צו מאַכען אין דער פילאָזאָפיע גרעניצען, אַלגעמיין גילטיג פאַר'ן גייסט, פאַרזעענדיג דעם איינציגען, פאַרלייקענענדיג זיין אייגענעם שוואונג, נישט רעכענענדיג זיך מיט איהם, און דו האָסט פאַרגעסען, אַז דער גייסט אַנטפּלעקט זיך דורך דעם איינציגען נישט אַלס אין אַ כלי, נאָר אַלס אַן אַליין־באַשאַף. עס איז דיר שווער צו רעדען פון רעכט און אמת, מחמת דו קענסט עס נישט געפינען ביי יעדען איינעם גלייך. דיין מאָס איז דערפאַר אומבאַשטימט און וואַקלענדיג, און דיין אורטייל איז צווייפעלהאַפט פאַר דיר.

פאַר מיר איז דער איינציגער די אויטאָריטעט, וואָס קען ברייניגען דעם אמת און דאָס רעכט. עס ווענדט זיך נאָר אין מיר צו וואָס איך שטים איין. קיין אַלגעמיינע באַפרידיגונג פון דעם צו אַלע זוך איך גאָרנישט. שטימסטו איין, און איהר אַלע, אין דעם ליכט פון אייער לאָגיק, צו מיין אויטאָריטעט פון רעכט און אמת, איז אודאי גוט. און אויב נישט גיי איך אייך אריבער גאָר נישט באַמערקענדיג.

מיין זיג צייל איך פון דעם איינציגען, און ענדיג ביי איהם. און אויך דאָרט רוט מיין צופרידענהייט און די אומצופרידענהייט.

אין דעם אומגליק פון אַלע זע איך פריער דעם אומגליק פון איינציגען. אין דעם אומגליק פון אַלע ווערט זיין געשטאַלט ביי אייך בטל בששים.

אַ, לאָז מיך, איינציגער, גיין מיט מיין לאַד אומגעשטערט אויף די וועגען צו מיין דערקענונג.

טרעט אָפּ פאַר מיר, דו געלערנטער. איך, איינציגער, בין גרענעצלאָז. אויף מיין וועג לאַד איך אוים מיין גייסט און גיי נענטער צו זיך. דאָרט ליגט מיין דערקענונג. איז דען נישט דייג וויסען — איך? די דאָזיגע וועלכע ווילען פאַרזיכערען דעם גייסט זיינען קאָנסערוואַטיוו און אָפּגעלעבט, ווייל פאַרזיכערען דעם גייסט

הייסט באַגרענעצן איהם. ער קען זיין היינט באַגרינדעט און מאָרגען נישט. נישט צוליב דעם וואָס היינט איז ער נישט געווען גוט און מאָרגען יאָ, נאָר צוליב דעם איינציגען אויף וואָס ער באַשטייט. ער קען גראָד זיין אין זיין פריערדינער צייט מער גערעכט און אמת ווי אין זיין אַנטוויקלונג.

בעגרינד מיין קערפּערליכע פאַרוואַנדשאַפט צו אַלע וויסענשאַפטען, אָבער לאָז צורו מיין גייסט. ער איז די פאַרשידענאַרטיגקייט פון מיין איך, איבער וועלכען נאָר איך אַליין וועל אַכטונג געבען. פאַר די עטיק פון מיין גייסט זאָרג איך. איך אַנערקען נישט קיין אויטאָריטעט פון די געלערטע אין דעם שדים־טאַנץ פון גייסט.

## דאָס דויערהאַפטע

איך האָב גענוכט דעם מענשען וואָס זיין ליבע זאָל זיין דויערהאַפט און איך האָב איהם נישט געפונען. געזען האָב איך זי ביי איהם, אָבער זי האָט זיך אַנגעצונדען און פאַרלאָשען. געוואָלט האָב איך זען, איז נישט ווערט דער, צו וועמען די ליבע איז איינמאָל אַנגעצונדען געוואָרען, ווייטער געליבט ווערען. און איך האָב נאָכגעקוקט די טרעגער פון ליבע און איך האָב געזען, אַז דאָס וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט אויף אַ ווייַלע איז מער ווערט ווי זיי אין גאַנצען. איך האָב געזען, אַז מיט דער ליבע האָבען זיי אויסגעזוכט דעם צוטרויען, וועלכען דער האַס און די פיינדשאַפט וואָלטען נישט געוואונען. און דאַמאָלס האָבען זיי דערשלאָגען דעם געליבטען פון זייער אויפוואַכען.

אָפּרוען האָב איך געוואָלט לעבען דעם, וואָס באַזיצט דאָס דויערהאַפטע. נאָר דאָס דויערהאַפטע איז ענטוועדער נאָר געווען דער האַס און די פיינדשאַפט און דער חוזק פון וואָס איך בין אַנטלאָפען, אָדער איך האָב זיך נישט געקענט אָוועקזעצען לעבען דעם וואָס האָט געהאַט דעם אמת, ווייל ער האָט מיך אָפּגענאַרט. זיין אמת איז נישט געווען דויערהאַפט פאַר איהם. ער האָט געזוכט אַלערליי אמת'ן אַזוי ווי קליידער, און אויף מיר האָט ער זיי געוואָלט אויספּראָבירען.

דו גלויבסט—אין אַז אמת און דו האָסט צוטרויען צו איהם, אָבער פאַר די מענשען וואָס פירען אוים דעם אמת איז דער אמת, אין וועלכען דו האָסט געגלויבט פאַר'מאוס'ט געוואָרען און זיי פּרו־בירען אוים אַנדערע אמת'ן אויף דיר.

זיי נעמען דיך, דיין ווייב, דיין זון פאַר קרבנות, ווייל איהר האָט געוואָלט דאָס דויערהאַפטע. איהר האָט נישט געזען דעם געשמאַק פון ענדערונגען וואָס זיי האָבען ליב ביי די וואָס פאַלען אַריין אין דער אויסרעכענונג פון זייער שכל.

און אַ סך וועלען מוזען אַזוי זיין אַזוי ווי איהר, און אַ סך וועלען נאָך אונטערגיין. ערנידעריגט, אין זומפּ אַריינגעשטופּט פון די, צו וועמען זיי האָבען געהאַט צוטרויען, ווייל אויך דאָס רעכט פון פאַרנונפט איז נישט דויערהאַפט. די ליבע און דער אמת גייען אויף נאָר פאַר אַ קליינע צייט. אויף דעם וועג צו דאָס גרויסע נייט שווין דער, וואָס פאַרמאָגט דיזע שאַצען דויערהאַפט אויף זיין לעבען לאַנג. מיין טרוים ווערט פאַרווירקליכט, דאָרט וואו עס געפינט זיך אַזאַ מענש. די וועלט איז אַ מזבח, די מענשען זיינען קרבנות. נאָר דער וואָס פאַרמאָגט דאָס גוטע אַלס דאָס דויערהאַפטע ברייננגט נישט קיין קרבנות.

קום, זאָל מען אַרויסגיין פון דעם בית-עלמין און לאָמיר קומען צווישען די מענשען און אַנרעדען זיי צו דאָס דויערהאַפטע, אַז ווען זיי וועלען מענשען מאַכען גליקלאַך צו לאַכען, זאָלען זיי דאָס האַלטען פאַר אַז אמת און קיינמאָל, קיינמאָל נישט אַוועק־גיין דערפון.

אַז זיי וועלען איינער דעם צווייטען געבען צוטרויען, אַז זיי וועלען איינער אין צווייטען זיך נישט ריכטען און גלויבען אויף פריינדשאַפט, זאָל עס נישט קומען פּלוצלונג אַנגעפאַלען אַזוי ווי פון אַ באַהאַלטענעם שונא, ווייל דער צוטרויען און דער גלויבען איז גוטס איז אַז אמת, וואָס דאַרף קיינמאָל אַנדערש נישט ווערען און טאָר נישט אַנטוישט ווערען.

דאָרט וואו די נשמה האָט זיך צושפּיירט פון טיפען פילען, איז אַז אמת און אַ גליק. דאָס טאָר קיינמאָל נישט געענדערט ווערען. דאָס דאַרף זיין דאָס אייבינע. דער וואָס איז אַריינגעקומען צו זיין

שכן מיט דעם וואס רופט נישט ביי איהם ארוים קיין פראטעסט און ברייננט נישט די ענגקייט צו דער נשמה, דאס דארף זיין א דויערהאפטיגקייט און עס דארף נישט געשטער טווערען, ווייל עס איז אן אמת און אויך גוט.

און ווען עס וועט זיין איינער וואס וועט דאס פארמאגען, וועט ער אויסזוכען אליין די אמת'ן, וואס דארפען זיין דאס אייביגע, און עס וועט באשאפען ווערען די בארואיגונג אין דיר, מענש. און איך וועל נישט קוקען אויף דיר מיט שרעק אין מיין צוטרויען, און נישט בלאנדזשענדיג וועט זיין דאס לעבען פון דעם איינציגען אלס אפגעריסענער צווישען די געשטאלטען פון דער פארגאנגענהייט, וואו מען האט איהם אפגענארט, פון די צו וועלכע ער האט זיך איבערגעגעבען. היימליכער וועט ווערען דאס לעבען פון דעם איינציגען מיט יענעם טעם, וואס נאר דער וואס וועט גיין אויף דעם וועג צו זיין דערקענונג קען באשאפען, מיט דעם טעם וואס באפרידיגט דעם יעצט אלס דאס אבסאלוטע הנאה'דיגעס, וואס האט נישט קיין גרענעץ צו אן איבערשפרונג צו בעסערס.

יא, אזוי מוז עס זיין, אזוי מוזען די מענשען פארשטיין, איידער זיי ווילען אנהויבען לעבען גליקלאך.

איך ברייננ דעם קאמף אין די נשמה פון איינציגען. נישט אין זיך גופא, דאן איז ער נאר האלב פארבעסערט, ווען ער האט זיך ריין געמאכט אין זיין נשמה, אבער די געפאר לויערט אויף איהם. איך וויל ער זאל קענען זאגען: איך בין דער אמת'ער מענש וואס טראגט א ווערט. איך בין דער מענש וואס דו האסט ליב אין דיין טרוים. איך וויל, אז דער איינציגער זאל קעמפען מיט דעם איינציגען. קיין שלום זאל נישט עקזיסטירען דארט, וואו איינעמס אמת'ן זיינען אנדערש ווי זיין חבר'ס, און זאל יענער וואס קען נישט האבען דעם גלייכגעוויכט פון זיין חבר צו זיינע אמת'ן, ווען דער קאמף איז אומבאלוינט, פארלאזען איהם און אוועקגיין צו זיך אליין, מעג עס זיין פון א מוטער און זאל עס זיין פון א הייסען פריינד. דארט וואו די נשמה הארמאנירט נישט אויף ליב צו האבען, זאלען די מענשען אוועקגיין פון זיך.

איך וויל דו זאלסט זיין אין קאמף גרויס, נישט קליין. זאלען

דיינע טייערע בענקען נאָך דיר, נישט פאַראַכטען דיך, ווען דו ווערסט אַנטאָן דיין מאַנטעל אַוועקצוגיין. זיין דער גרויסער אין קאַמף, ווערסטו זיי געווינען מיט דיין אַוועקגיין.

היינט רוף איך זיי ווידער, זיי זאָלען מיך הערען, זיי זאָלען יעדער באַזונדער אין די שטילע נעכט זיך פאַרטראַכטען, ווייל ביי־טאָג זיינען זיי פאַרנומען אין זייערע שפּילערייען, נאָר ביינאַכט איז דאָס האַרץ און דער געדאַנק אַנטפּלעקט און אָפענהערציג, און ביי־נאַכט בענקען זיי נאָך דעם וואָס זיי זעהען נישט ביי־טאָג. טרוימענד זיינען זיי דאָמאָלס, און נאָר אַזוי נאָך קען איך זיי פאַנגען צו געהערען צו מיר.

מען זוכט אַ פאַרענטפערונג פאַר די טאַטען פון מענשען, אָבער דער אמת איז, אַז זיי האָבען נישט קיין אויסטייטש, ווייל זיי ווערען געבאָרען אין דעם קאַמער פון די ליידענשאַפטען. זיי קומען מיט אַ פּרעטענזיע צום לעבען, פּונקט אַזוי ווי יעדע זאַך וואָס לעבט מאָנט איהר עקזיסטענץ צו וואָס זי איז געקומען, אפילו וואָס דאָס וואָס צושטערט און ברייננגט מגפות, און אום פון דעם צו מאַכען אַן ענדע, דאַרפען זיין מוטיגע קלעטערער, וואָס זאָלען אַראָפּקלע־טערען אין די טיפענישען פון לאַבירינט׳ס ליידענשאַפטען, און אָנ־פירען אַ קאַמף מיט דעם וואָס איז שעדליך, ביז וואַנען זיי וועלען דאָס קענען אומברייננגען. און דער קאַמף דאַרף ווערען אָנגעפירט פאַר׳עקשנ׳ט, נישט גלייך אויף גלייך, נישט כבוד צו כבוד, נישט מיט איינזען, נישט צוליב געפיל. איז דאָ אַן איינציגער וואָס טראָגט פאַלשקייטען אויף זיינע פּלייצעס, זאָל ער נישט רעספּעק־טירט ווערען, ווען דאָס געהערט אפילו נאָר אין די דלת אמות פון זיין אייגענער פּערזאָן, ווייל דערזעלבער איבער זיין גרענעץ איז דער שונא פון אמת. אין דעם איבערגאַנג צו מאַכט ווערט ער שעדליך. אין דעם איינפלוס וואָס ער האָט רוקט ער אַוועק אַן אַ זייט און פאַרשטעלט מיט זיין שוואַרצען שטן דעם אמת.

נאָר פון נידעריגע קען ער נישט פאַראַכטעט ווערען, ווייל זיי זעען נישט אין קיין עולות אין זיין גלייכהייט מיט זיי.

אָבער דער שטאַרקער גייסט קען זיין פרידען נישט האָבען ווען ער זאָל דאַרפען לעבען מיט אַזאַ איינעם אין איין צימער.

אדער אליין, אדער מיט אזא מענשען ווי איך בין. און אויב נישט די ביידע, וועל איך קיינמאל, קיינמאל דעם קליינעם נישט רעספעקטירען צוליב דעם אפשיי צו זיין פארפוילטען גייסט, צוליב דעם רעספעקט צו דער אומאפהענגיגקייט, וואס דעם איינציגען קומט צו זיין אומבארירבאר.

נאר אין דער וועלט פון גרויסע מענשען וועט די אומבאריר־ליכקייט זיין א גערעכטע. צווישען די קליינע וועל איך אין בעסטען פאל, אויב איך וועל זיי נישט אויסמיידען, גיין און קעמפען, כדי איבערצואנדערשען זיי.

אבער אויף מיין הויך וועל איך בלייבען שטיין ביי זיי, און נישט ארונטערלאזען וועל איך זיך אום גרינגער צו מאכען זייערע פעק וואס זיי דארפען אוועקווארפען, און צו פארריכטען די לעבער, פון וואנען זיי דארפען אנטלויפען.

דאס זאלען זיין די ווערטער פון די קלעטערער. ניין, עס איז נישטא קיין לופט פאר זייער נשמה, אז מען זאל זאגען: אטעמט, כדי אייער הארץ זאל קלאפען מיט גוטע פארלאנגען, אטעמט כדי אייער געדאנק זאל קלערען רעכט און ברייגגען דעם דופט פון שכל. מען קען נאר זאגען: אטעמט פאר די ארבייט אייך אנדערש צו מאכען, אטעמט אויף בארג, א געשאנק פון די גרויסע גייסטער, ביז וואנען איהר וועט האבען א רעכט אויף דעם, ביז וואנען דאס אטעמען וועט ברייגגען די צייט ווען זיי וועלען זיך אויפהויבען און ווערען מענשען אויף דעם וועג פון זייער דערקענונג.

מאנכע ווילען זיי נישט באשולדיגען. מען ווייזט אן אויף די אומשטענדען אין וועלכע דער מענש איז פארוועבט אזוי ווי אין א נעץ, און ער מוז האנדלען אזוי ווי ער ווערט דיקטירט צו דעם ווי ער ווערט געטריבען, און א סך מאל געגען זיין ווילען ברייגגט ער מיט זיינע הענט דעם קרבן פאר אנדערע.

אבער לאמיר רעדען אנדערש. איך וועל ארויסנעמען דעם מענשען אויסער זיינע אומשטענדען, דארט וואו ער שטייט פריי. אליין צו באשטימען און אויסצופירען זיינע פלענער, איז ער קלארער ווי דאן, ווען ער ווערט געצוואונגען? ניין, ער איז נישט קלארער. ער האט די שולד דאן אויך, זיין איינענע שולד. ער איז נישט

בעסער ווי ער וואלט געשטאַנען אונטער די אומשטענדען וואָס וואָלטען איהם געפירט. פאַרקערט, עס וועט בעסער זיין פאַר איהם, אז מען זאָל איהם פירען, ווייל דאַן קען ער קאָנטראָלירט זיין. אָבער דער וועגווייזער פון די אומשטענדען וויל איך זאָל זיין דו, דער קלעטערער ארויף אויף דעם וועג צו דאָס גרויסע, דו וואָס וועסט אין זיינע קאַמערען פון גייסט זיך ארונטערלאָזען צו אַטאַקירען דאָס מאָוס'ע, וואָס האָדעוועט זיך אין דעם נעסט, וואו ער זינקט און שלעפט אַנדערע אַראָפּ.

און באַפרייען זאָלסטו איהם נישט, ביז וואַנען דו וועסט פילען, אז ער קען זיין גלייך אויף גלייך מיט דיר, ביז וואַנען ער וועט ארויסגעבען פון זיך דעם דופּט וואָס האָט נישט קיין גרענעץ פאַר אַן איבערשפּרונג צו בעסערס.

מען איז זיי מוחל די שולד צוליב דער פאַרגאַנגענהייט, צוליב די נאָכשלעפּענדע היסטאָריע, וואָס ציט זיך און האָט זיך איינגעגעסען אין זייערע ביינער. און ווען זייער שולד ווערט שוין צו שטאַרק, טייטלען זיי מיט די פינגער אויף צוריק, אזוי ווי אויף אַ צודעק, אונטער וועלכען זיי ווילען זיך באַהאַלטען.

אָבער פאַראַכטעט זאָלען אויך זיין די, וואָס פאַרגיטיגען זיי די עולות אין דעם זכות פון דער פאַרגאַנגענהייט. זיי גיבען אויף ווייטער אַ באַרעכטיגונג פאַר דאָס, וואָס דאַרף אויסגעראָט ווערען. זיי מעקען אָפּ דעם צייכען פון דעם לייב פון דעם, וואָס איז שולדיג.

נישט איך וועל זיי פאַרגעבען די שולד אזוי נאָך. איך וועל נישט זוכען קיין זכות פאַר זייער זינד. זאָל דער זוכער פון אמת אזוי רעדען:

דאָרט האָב איך זיך אָנגעפאַנגען ווען איך האָב אָנגעהויבען רעדען אין די באַגריפען וואָס איך האָב געהאַלטען פאַר רעכט און זיי האָבען געבראַכט נאָר דאָס אויף דער וועלט, מיט וועלכען מענשען זיינען העכער געוואָרען און שענער געלעבט, אין דעם אָרט וואו איך האָב געקראָגען אָנערקענונג פון געפיל און שכל, פון פאַרנונפט, און איך האָב זיך קיינמאָל נישט אָנגעפאַנגען ווען איך האָב גענומען די פאַרגאַנגענהייט אַלס די פאַרגיטיגערין אין מיין שולד.

אזוי זאָל ער רעדען, וועט ער ריין ווערען צו די טאַטען וואָס

ער וויל טאָן, ווייל ער וועט טראָגן זיין פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר זיי.

די היסטאָריע, וואָס שלעפּט זיך נאָך איהם, איז אַ פאַלשע סיי ווי סיי. זי איז נישט געשאַפען געוואָרען אַלס דער פרייער ווילען פון אַנטוויקלונג, נאָר הורך דעם צוואַנג פון שטאַרקע און כיטרע. די היסטאָריע איז פרעמד צום איינציגען. דער איינציגער הויבט זיך נאָר דאָרט אָן, וואו זיין אינדיווידואַליזם האָט גענומען שוועבען העכער און העכער פון דער ערד, וואו אַלעס מאָוס'ע האָט איהם פאַר אַ שטיק קוים געמאַכט און פון דעם קוים די געשיכטע באַשאַפען.

מען זעט, אַז ווען מען קראַצט אַרונטער דאָס אַלעס, וואָס אַנדערע האָבען אַנגעוואָרפען אויף איהם, בלייבט פון איהם גאָרנישט.

אויפשטעלען דאַרף מען איהם, מען זאָל דערקענען אַ מענשליך פּנים. מען דאַרף אָבער אַריינבלאָזען אין איהם דעם דופט וואָס זאָל זיין נשמה מאַכען אומרואיג און איהם אויפהויבען צו אַ ווערט.

פריער פאַר אַלעס דאַרף ער פילען אַ פאַרלאַנג און ער דאַרף אויסקלייבען זיינע פאַרלאַנגען. ער דאַרף וויסען וואָס אין קאָן צו שטעלען, עס זאָל ווערט זיין איהם ליב צו האָבען, און ער דאַרף אין פאַרלוסט קענען גרוים זיין צוליב די רייפקייט פון זיינע ליידען, ער זאָל ביי זיי נישט פאַרשעמט ווערען. אויך צוריקציען זיך איז וואונדערבאַר דאָרט וואו דאָס מודה זיין מאַכט אַ שענערען מענשען. אָבער דער וואָס טוט עס דאַרף אויסקלייבען פאַר ווערען זיך מודה צו זיין, ווייל אַמאָל איז גלייכער אַז דער געוויסען זאָל טראָגען די שטראָף איידער אַראָפּצולאָזען די אויגען צו דעם, וואָס קען זיך נישט אויפהויבען צו דער גרוים פון דעם וואָס איז זיך מודה און ווען ער וועט נישט קענען פאַרשטיין.

עס ווערט שוין נאַכט אויף'ן הימעל, און די פינסטערניש קומט שוין אַרונטער אויף דער ערד. אין דער נאַכט ווער איך שטאַרקער ווען איך קום רעדען צו זיי. פאַר ווען איז די נאַכט אַ שרעק, פאַר מיר איז זי די אַנטפּלעקונג, דאָס אויפוואַכען. פאַר

ווענען איז די נאַכט באַהאַלטען, פאַר מיר איז זי אָפען, ווייל איך האָב דעם בליק וואָס זעט אין דער פינסטער.

דער בית־עלמין פאַרשפרייט זיין דופט אין דער נאַכט, שמעקט ער טיפער. דו דרימעלסט אויף דעם שטיין, פאַרשלעפערט פון מידקייט און אין שלאָף זעסטו דעם איבערגאַנג פון אונזער שטופע צו אַ בעסערער. אָבער אַ שאָדע איז וואָס מיר זעען עס נאָר אין דרימלענדיגען צושטאַנד און נישט ווען מיר וואַכען. נאָר אין אונזערע געדאַנקען לעבען מיר, און אויסער זיי זינקען מיר צום אונטערגאַנג. היינט צו טאָג לעבען מיר וואונדערבאַר נאָר אין דאָס אומעקזיסטירענדע. אין די געדאַנקען, אַוועק פון אונז, דאָרט לעבען מיר. אין דעם לעבען אין אונז זענען מיר זיך אליין צוגעגעסען פון זוכעניש צוליב אומצופרידענהייט.

אַז עק דאַרף עס נעמען, עס דאַרף אויפהערען. אויפוואַכען דאַרפען מיר און נישט באַשטיין אויף די פאַרשלעפערונג, אפילו ווען זי זעטיגט אונז אַ ביסעל, בעת וואַכענדיג וואָלטען מיר גאָרנישט געהאַט. די געדאַנקען ווענען דעם שפּעטער זיינען אַן אָפּגענאַרונג, אַן אָפּיום וואָס בינדעט דעם גייסט צום קאַמף איבערצוואַנדער־שען אונזער לעבען. דער טרוימער, ער לאָזט געמאַכט, ער לאָזט אָפּ און פאַרקירעוועט זיך אַן אַ זייט, און גייט אויף דעם שפּינ־געוועב פון גאָרנישט. ער גייט. עס איז איהם בעסער ווי דעם פּשוט'ן מענשען, ווייל ער פאַרמאָגט אַ ריינעם ענאַאיזם, ער איז ריינער מיט זיין נשמה. אָבער נישט אַוועקגיין דאַרף ער יעצט, ווייל עס איז מלחמה־צייט אין גייסט. אין קריגס־צייט ליינט דער פעהיגער און נויטיגער זיין וואָפען נישט אַוועק, כדי אָפּצוזוען זיך, ווייל עס איז איהם פאַר'מאוס'ט געוואָרען, און כדי זיך צו רעכענען מיט זיך אליין, ווען זיינע אידעען קענען פירען צום זיג, בעת זיין אַנווייזונג וועט אַרויספירען אויפ'ן גלייכען וועג. היינט איז קריגס־צייט צווישען מיר און מיין שכן, ביז וואַנען דער גייסט וועט אויס־געלייטערט ווערען, ביז וואַנען ער וועט צוקומען צו דעם וועג פון זיין דערקענונג.

און ביז דאַמאַלס טאָר דער טרוימער וואָס טראָגט זיינע אידעען פאַר אַ פאַרלייכטערונג אין לעבען נישט אַוועקגיין אַן אַ זייט, ווען

אפילו ער דארף עס, אפילו דאמאלס ווען ער ווערט באשפּינען פון זיינע געגנער. איין מאל דורכגעלעבערט דעם געגנער פון טרוימער, הייסט א שטופּ געטאן דעם מענשען העכער און אראפּגעבראכט די אידעע פון טרוים אין לעבען צווישען מיר און איהם.

און מיר הערען דאס פּאטשען פון זיינע פליגלען, ווייל מיר לעבען מיט דעם לעבען פון דעם טרוימער'ס אידעען. עס איז געווארען רעאל דאס וואס איז געוועזן אויסער אונז. די געגענווארט לעבט מיט דעם טרוים פון אמאל, ווייל דער היינט איז געווארען צייטיג פאר איהם.

קיינעם קען מען נישט פארגעבען וואס שטייט אן א זייט. אלע מוזען אנטייל נעמען אין דער אויפבויאונג, כדי די היים פון גייסט זיכער צו מאכען און גליקליך אין איהרע קאמערען.

איינציגווייז באווייזען זיך די שטערען אויף דעם הימעל און זיי ציטערען צו מיר אראפּ. דא אויף דעם בית־עלמין וועקט מיך מיין חוב און די שטערען ווארימען מיך אזוי ווי זיי וואלטען היימליך געמאכט מיין עלענדקייט.

הער מיך, דו וואס דו ווארימסט זיך אין דער נאכטס פינסטער־קייט, זייענדיג אן אנטרונענער פון לעבען און היימליכקייט, ווייל עס איז דיר פאר'מאוס'ט געווארען די רעכענונג, אין וועלכער דו האסט זיך געציילט, אין דעם שפּיל וואס דו האסט מיט פארגלאצטע אויגען אנגעהאלטען גלויבען און לאזען זיך.

דו, וואס דו וואנדערסט אין דער נאכטס שווארצקייט, צו זיך אין דעם סוד פון ערקלערונג פון די געדאנקען פאר די שלאפענדע צו זעהן די מידקייט פון די קיינמאל נישט אונטערגעבענדע, און זייער שוואכקייט וואס די נאכט אנטפּלעקט, קום דו צו מיר.

און דער, וואס דער טאג האט דערשראקען און אומרואיג איז געווארען זיין גייסט אויף איבערצוגעבען זיך צום זיסען שלאף, ווייל דער שונא האט איהם שלאפלאז געמאכט, קום צו מיר מיט דיין מידען קערפּער, וועסטו וויסען ווי אזוי דאס בעט פאר די מידע צוצוגרייטען.

אויף דיין שטעקען וועל איך זיך אנלענען און דו וועסט פון

דער ווייטענס פון אונז ביידע דערזען דעם גייסט פון דיין זוכען און דו ווערסט דערקענען די געשטאַלט וואָס קען דיך ליב האָבען.

ווייל אין דעם צושטאַנד, וואו מיר געפינען זיך, קענען מיר אַלעס דערזען; אַלעס נאָך וואָס מיר זיינען געלאָפען, און עס איז איבער אונז געבליבען; אַלעס וואָס איז אונז געווען אומפאַרשטענד־ליך און מיר האָבען דאָך מיט דעם געלעבט; דאָס מיט וואָס מיר האָבען ווי געטאָן און עס געהאַלטען פאַר רעכט און אין בעסטען פאַל נישט געקענט פטור ווערען דערפון.

אום צו קומען צו דעם צושטאַנד האָט מען געדאַרפט אוועק־רייסען פון אונטער די פיס אַלעס, אַלעס, און דו ביזט אומגעפאַלען מיט גאַרנישט אין דיינע הענט, ווייל מען האָט עס פון דיר ארויס־געריסען. דאַמאַלס האָסטו געזען, אַז דאָס וואָס דו האָסט איז פאַר דעם חוזק און רויב פון אַנדערע.

און דאָס וואָס דו האָסט צוגענומען, איז עס אויך אַ סך מאָל געווען פאַר דיין חוזק און דיין רויב. ביזטו געפאַלען, ביזטו גרויס געוואָרען, אָבער הלואי וואָלסטו אויך שטייענדיג זיך אומגעקערט און גרויס געוואָרען.

---

# די אַנידערגעוואָרפענע

ווען ליידען האָט דאָס געערדט, האָט ער פּלוצלונג געהערט דאָס געראויש פון אַ געוויין.

עס איז געקומען אַזוי פון די טיפענישען פון בית־עלמין, און עס האָט זיך אָקעגענגעטראָגען אַקעגען איהם אַזוי ווי אויף די פליגלען פון ווינט.

די ערנידעריגטע ווײנען, האָט ליידען געזאָגט, דאָס איז אַ געוויין, וואָס ענדיגט זיך נישט ביז צום גרוב. איך דערקען זיי. זייער געוויין מאָנט נישט, נאָר עס גיסט זיך אויס אַזוי ווי אַ פאַרוואורף צו דער נאַטור.

מען האָט אונז געפייניגט. מען האָט אונז געפייניגט, דער פאַר וואורף צו דער שטומער נאַטור, וואָס דער מענש ברייננט צו

זיין מוטער ערד, מיט פארגליווערטע טרערן אין זיינע אויגן פון פייניגונג.

אין דיין שוים האב איך זיך אויסגעלייגט צו קריגן דיין רו. מוטער ערד, און יעצט ווינען מיר איידער מיר לייגן זיך שלאפן אין דיר.

ער האט געקוקט און געזען ווי א מענגע מענשען קומען אן. אז אן אויפהער האבן זיי זיך געטראגען, און אלע האבן זיי גע־שוועבט אויף פליגלען.

איינער האט געהאט געלעכערטע לונגען, אן אנדערער האט געפאכעט מיט די קישקעס אין די הענט, און נאך איינער האט גע־האט אזא פארקרימט פנים, און בלוט האט גערונען פון די אויגן. אנדערע האבן געטראגען מתים אויף די הענט. ליידען האט געקוקט אויף זיי אין זייער אנקומען.

ווער טראגט די שולד דערפאר? דאס איז דא אין אונזער לעבן צווישען אונז לעבעדיגע. יעצט האבן זיי זיך באוויזען אזוי ווי א מיראזש. זיי עקזיסטירען נישט אויף דעם ארט באמת ווי זיי זיינען יעצט דא. זיי עקזיסטירען אבער אין די גאסען און אין אונזערע היימען. אבער אין דעם מיראזש זיינען זיי יעצט נאטיר־ליכער ארויסגעקומען ווי אין אונזער לעבען. אין אונזערע היימען זיינען זיי אויך אזוי, נאר אלע האבן זיך א פארהאנג אראפגעלאזט איבער די אויגן זיי זאלען נישט דערקענען.

פארוואס כאפט ניט אן א שרעק דעם שולדיגען וואס ער טוט? פארוואס עסט ער גלייכגילטיג זיין איבערבייסען און פרייט זיך מיט זיין ווייב און קינד? פארוואס ליגט דער שלאף אויף אזוינעם, אזוי ווי דער טוי אויף די פרימארגען־פעלדער?

איז טאקע די ערנידערונג א שאפונג פון רו צו אנדערע? איז די אומשטירצונג פון שכן אן ערלייכטערונג פאר די נערוועז, דאס נאך דעם קען דער מענש רואיג ווייטער לעבען, און אויב דאס וואלט נישט געזעטיגט, וואלט זיין לעבען נישט ווערט געוועז אויפצוהאלטען זיך צו קוקען אויף דעם הימעל׳ס שטערען? און אזוי לעבט ער היינט ווי מיר זעען איהם, דער מענש, און ער וויל

זיך קיינמאָל נישט זעטיגען, און ער וויל קיינמאָל נישט אַריבערגיין אין אַן אַנדער עפּאָכע.

ציימען בייטען זיך, מענשען בייטען זיך, אָבער די באַטראַכ־טונג פון איינצעלנעם צום איינציגען איז שטענדיג די זעלבע.

דורכגייענדיג האָט ער זיך געוואָלט מיט כבוד און ווערט האַל־טען, אָבער פאַרוואָס? און היינט אויך אַזוי, און געפאַלען האָבען זיי אויך נישט געקענט זיין צוליב עפּעס, ווייל נאָר פרעמדע זיינען זיי פאַרבייגייענדיג זיך געווען.

און דאָך האָט איינער געוואָלט האָבען די אויבערהאַנט אין דער באַגעגעניש פון זייערע אויגען. נישט פון אויסקומענדער באַרעכטיגונג, נאָר דורך דעם געווינס פון דער אַפּלאַכענדער מאַכט. וואָס די אומשטענדען זאָלען אַרויסהאַקען פאַר איהם צוליב וואָס מאַקע ער וועט קעמפען.

שטעל זיך פאָר ווי אַ דערוואַקסענער מענש נעמט אַ קינד וואָס האָט צו איהם צוטרוי און צוקוועטשט עס. ער צוקוועטשט עס ביז וואַנען עס ווערט דערשטיקט און לאָזט אַרויס די דערשראָ־קענע נשמה. אַזוי האָב איך די פאַרשטעלונג פון צוויי מענשען וואָס לעבען צוזאַמען. איינער כאַפּט דעם צווייטען אַן און קוועטשט איהם און קוועטשט איהם, טאַקע אַזוי ווי דאָס קינד וואָס האָט צוטרוי צו איהם.

איך האַלט אַ סך איינצעלנע שולדיג פאַר דעם אונטערגאַנג פון זייערע פריינד. אָדער ליבע ווי זיי רופען עס, און זעלטען וואו צוויי מענשען קענען לעבען אין דער גייסטיגער אונטערדריקונג איינער איבער'ן צווייטען. אַזעלכע מענשען זיינען די, וואָס גייען שוין אויף דעם וועג צו זייער דערקענונג.

איך וועל באַנוצען די ריכטיגסטע אויסדריקונג. די מענשען לעבען דורך גייסטיגע עקספּלואַטאַציע. נאָר דורך עקספּלואַטירען יענעם גייסטיג זעטיגט ער זיך און לעבט דערפון. מען דאַרף איהם אָפּגעוואוינען צו נוצען די שפּייז. מען דאַרף איהם ווייזען דעם וועג צו לעבען אָן דער עקספּלואַטאַציע. ער וויל אָבער נישט און דערפאַר דאַרף מען באַנוצען דעם קאַמף איהם אויפצואווייזען די פראַגע פון רעכט און זי קלאָר מאַכען פאַר איהם.

דאס איז נאך ווייניג. מערערע מאל באשטייט ער נישט אויף דעם בשום אופן און טוט וואס די אומשטענדען באשאפען לייכטער פאר איהם און בויגט זיך ווען ער האט נישט קיין ברירה. און איהם אויסצולערנען צו האבען א גלייך געוויכט איז דעם בליק פון רעכטען אמת, און זאל עם אנערקענען, איז נויטיג דער אומקאמפראמיס־ליכער קאמף מיט די קלעטערער וואס ארבייטען איבער די נשמה וואס זיי האבען די אידעען און אידעאלען דעם מענשענס לעבען גרינגער, גליקליכער און גייסטיגער צו מאכען.

און נאר דאמאלס, ווען ער וועט זיך אויסלערנען צו קעמפען און ווען ער וועט ווייזען די קלעטערער, אז ער פארמאגט דאס וואס איז ווערט ליב צו האבען און ער דארף עם נישט אויפגעבען, דאמאלס וועט ער זיך אנהויבען צו ענדערען אויף דעם וועג וואו איך וויל איהם זען.

די מענגע איז געגאנגען און געגאנגען פארביי ליידען׳ען. עלטסטע האבען זיי אויך געהאט, אבער נישט קיין ברוטאלע, נאר פירער גוטע, אזעלכע וואס זייער וויי איז נאך טיפער, וואס אויף דעם בעט פון זייערע ליידען און מאטערנישען זיינען זיי גרויס געווארען, און די מאסע האט זיך צוגעטוליעט צו זיי. אלע, אלע אויף פליגלען האבען זיי געשוועבט, נאר עפעס אן אומזעבארע מאסע האט אראפגעשלעפט זייערע פליגלען און געהינדערט דאס באוועגען זיך. און ווען זיי זיינען צוגעקומען אין גרויסע ענגע מאסען לעבען ליידען׳ען, האבען זיי זיך אפגעשטעלט און איבער דעם בית־עלמין האט זיך געטראגען דער שארך פון סודות וואס קומען אויף און הויבען אויף זייערע קעפ מען זאל זיי דערקענען.

ליידען האט צו זיי געזאגט:

אויף מיינע וועגען האב איך אייערע געזען. נישט איינמאל איז מיר אויסגעקומען צו באגעגענען ביי דער זייט פון רינשטאק אייערע און צו דער זעלבער צייט האט א זון פון איהם געשיינט. איז די בעטען פון די קראנקע זיינען אייערע מעכטיגע געלעגען, ווייל די פליגען זיינען איהם באפאלען און איהם קראנק געמאכט מיט

זייער גיפט. ארויסגעקוועטשט פון זיי דעם כח וואס מעכטיגע דארפען האבען.

אייערע שוואכע האבען איך געזען מיט א כונה ערנידעריגען. גלאט אזוי פאר דעם אפעטיט פון א פראסטיטואירענדען גייסט. און אייערע צארטע האט מען נאקעט אויסגעטאן, זיי זאלען שטארבען פון שאנד.

אה, קיינעם האב איך נישט געזען ארומנעמען א באשפיגענעם פון אייערע. און האט דאס ווער געטאן איז עס געווען פון אייערע קרייזען גופא, האט ער דאס געטאן צוליב גייסטיגע פילאנטראפיע. וואס איז טויזענט, טויזענט מאל ערגער ווי דאס מעסער אין א זייט אריין פון א שטארבענדען.

און נאך דור דורות האט איהר זיך געמערט און נאך אלע פרייהייטס קעמפען זייט איהר געבליבען.

און יעצט שטייט איהר פאר מיר אלס מיראזש וואס איז וואר.

זייערע קעפ זיינען געזונקען און זיי האבען זיך איינגעהערט צו זיינע ווערטער און איבער'ן בית-עלמין האט זיך געהערט דער ענטפער פון דער משונה'דיגער מאסע:

ליידען, מיר באהעפטען זיך מיט דיר אלץ ענגער און ענגער. דורך איין אויג קוקען מיר און מיט דער זעלבער האנט שארען מיר אוועק א וועג פאר אונז, און מיט דער צווייטער האנט האלטען מיר זיך אויף, ווייל מיר לאזען נישט מען זאל אין גאנצען אומווארפען. מיד זיינען מיר. מיר האבען נישט קיין כח, ווייל עס איז נישטא דער, אונטער ווענמען מיר זאלען גיין און פעסטער מאכען אונזערע טריט. מיר זיינען שוין בלינד פון דעם בלוט, וואס טריפט פון אונזערע הערצער אראפ. אבער פליגלען האבען מיר און עס איז טאקע שווער זיי צו טראגען. אבער דאך רייסען מיר זיך מיט זיי צום וועג וואו מיר ווילען, און מיט דעם זיינען מיר געקומען צו דיר, כדי אונזער ווילען און אונזער שוואכקייט צו באהעפטען מיט דיר. דיר עס איבערצוגעבען און זיך אויף דיר צו פארלאזען.

און ער האט אזוי געענטפערט:

אויף מיין וועג האב איך די ערשטע באגלייטער געקראגען. דאס זייט איהר, און מיר וועלען צוזאמען אקעגען גיין וואו אונזערע

פליגלען רייסען זיך. זאל דער הימעל אונז באלייכטען דעם וועג, מיינע פארערער.

פון ווייטען זיינען געשטאנען א סך, א סך צוקוקער, אזעלכע וואס האבען ארומגערינגעלט די באפליגעלטע און פארשידענארטיג געשמועסט.

און ליידען האט ארויסגעשיקט שרייען איינעם פון די ערני־דעריגטע צו די צוקוקער אזוי:

ווער האט דעם מוט דאס פנים פון זיין שלייער אויפצוהילען?
ווער האט דעם מוט דעם צייכען פון זיין הארץ פריי צו ווייזען?
ווער שטייט דאס אויסער אונז מען זאל איהם נישט דערקענען.
די באהאלטענע רופען מיר צו אונז. קום דער וואס חבר'ט זיך נישט מיט אונז, וואס איז אויסגעגאנגען אזוי ווי א שוואכע פליג נאך זיין צייט'ם אפלעבען. זאל קומען דער וואס שטייט אליין אונזערער צו אונזערע רייען. דעם צייכען צו דער ווידער־אויפלעבונג טראגען מיר, צו דער ווידער־אויפלעבונג פון די ערנידעריגטע און א לעבען וואס זיי האבען אויסגעטרוימט אין זייער פאל.

מער און מער מענשען זיינען אלץ צוגעקומען. און ווען זיי האבען געהערט די ווערטער, האבען זיך זייערע דעבאטען נאך מער פארשארפט, און באלד האבען מאנכע געקראגען קוראזש און אריינ־געלאפען אין מיטען פון די רייען ווארפענדיג פארשידענע קללות אויף די, וואס זיינען געשטאנען אויפ'ן גאס, און צו אלעם זיך צוגעקוקט.

זיי קומען — האט זיך געהערט דאס גערודעריי פון די באַ־פליגעלטע. און פלוצלונג איז מען פון דער מאסע צוקוקער באַ־גייסטערט געווארען, אזוי ווי עס קען געשען מיט פארדרימעלטע געפילען, וואס ליגען טיף באהאלטען אין מענשען און זיי וואכען אויף ביי א געלעגענהייט מיט אזא פייער און באגייסטערונג, אז ער וואלט פאר זיי געקענט זיין א קרבן, פאר גוטעס, אזוי גוט ווי פאר שלעכטעס, עס ווענדט זיך וואס עס וואכט אויף אין איהם דעם מאמענט פון צוויבער־דריך.

און יעצט זיינען זיי געשטאנען און זיינען געווען אונטערגע־ווארפען אונטער א געפיל פון באגייסטערונג פאר די ערנידעריגטע.

און פון די צושויער האָבן זיך געהערט די געשרייען און אויפרופען, וואָס האָט דערמאָנט אַז מאָמענט ווען דער מענש איז גרייט זיין וואַכעדינקייט און זיין קליינליך טאָג־טעגליך איבערלעבען אוועק־צולייגען אַז אַ זייט און זיך צו נעמען איבערצוהאַקען אַ נייע וועלט און לאָזען זיך אויף דעם וועג צו נייע אידעען און באַגריפען.

און ווידער האָט ליידען געזעצט צו די באַפליגעלטע אַזוי:

איך הער שוין דאָס אָנקומען פון אייער פיינד. ער וואַכט אויף, ווען די באַפליגעלטע קומען צו אַ פאַרשטענדניש. ער לאָזט זיי צורו ווען זיי שטאַרבען אוים ביסלאַכווייז, אָבער ווען זיי גייען אַרויסנעמען די געביידעם פון זייערע אידעען כדי אויפצושטעלען זיי פאַר דעם מענשען, דאַן קומט ער און דערלאָזט עס נישט.

איך זע שוין די צושיידונג וואָס ער ברענגט צווישען אייך, ווייל ער וויל איהר זאָלט אָפּהענגיג ווערען פון דער בענקשאַפט און אַ דערשלאָגענער פון פאַרלוסט. איך זע שוין די פלעצער וואו ער האָט באַשטימט אייך צו פאַרוואַרפען. כדי איהר זאָלט אויסגיין אין דער ענגשאַפט פון זיין שאַרפען און וואַכעדיגען אויג. ער שלאָגט פון אייך אָפּ דעם מוט פון דעם אמת, וואָס האָט אייך אַרומגערינ־געלט, כדי איהר זאָלט בלאָנדזשען.

אָה, לאָזט זיך נישט, לאָזט זיך נישט, איבער זיין קערפּער זאָלט איהר אויפוואַקסען. פון אייער געביידע זאָלט איהר איהם אוועקקערען אין די מאַסען, אָבער אין דער היים פון דעם איינציגען, וואו עס וועלען וואוינען זיינע ליבלינגס־אידעען, זאָלט איהר נישט לאָזען טשעפען; אין דער היים וואו עס האַרעוועט זיך אויף דער מענש צו אַ נייעם וועג זאָלט איהר מיט מאַכט און אָפּפערונג אָפּהיטען. איך הער זיינע טריט, דעם פיינדס, צורוקט זיך און פאַר־שווינדט צו די טירען פון געדאַנק, שלייערט זיך אַריין אַזוי ווי אַ גנב און אַזוי ווי אַ שונא, צו דעם אָרט וואו דער איינציגער דענקט, צו דעם אָרט, וואו די שטים פון וויסען מאָנט.

און אייך אַלע זאָל מיין קול באַגלייטען, דער קול וואָס וועט דערמאָנען אין צוזאָג וואָס וועט באַגלייטען אייער קאַמף, אַז אין דער פאַרפאַלקאָמונג פון אינדיווידואום וועט אָנקומען און איהר

וועט נעניסען די פרוכט אומבארידבאר אין די קאמערען פון אייערע אידעען.

די באפלינעלטע האבען אנגעהויבען פארשוואונדען צו ווערען. די גאנצע מענשען מאסע האט אפגעטראטען, און ליידען האט גע־קוקט אין די שטומע, ווייטע טיפעניש וואס איז אלץ מער געווארען אומענדליך און אומענדליך. איך וועל אוועקגיין פון דאנען, האט ער צו זיך געזאגט. און ער האט זיך געלאזט אהיים גיין.

ארום איז געווען שטיל. א בית־עלמין היטער האט איהם נאכגעקוקט ווי ער איז געגאנגען. און ליידען איז געגאנגען פאר־טיפט אין די געדאנקען וואס זיינען אזוי ווי א שטורם אנגעקומען און פארביי פאר איהם ווי א קלארער, בלויער הימעל.

---

## אין דעם זאל פון לוסט און פערגעניגען

אזוי גייענדיג איז צו איהם צוגעקומען א פריינד און געזאגט: קום מיט מיר אין דעם זאל פון לוסט און פארגעניגען. דו וועסט פארגעסען דיין מעלאנכאליע, ווייל קיין גוטעס קען דיר דאס זוכען נישט ברייננען, און נאר די פריילינקייט קען דיך אויסהיילען, ווייל זי וועט דיך מאכען פארגעסען אן אלעס.

— וואו אהין? — האט ליידען געפרעגט.

— צום מארק־פלאץ.

— צום גלאק?

יא, צום גלאק, האט ער געענטפערט. ליידען האט זיך דער־מאנט אן דעם מארק־פלאץ מיט דעם גלאק. ער הענגט דארט פול מיט בלומען באדעקט, שרייענדיג ווי ער וואלט געוועקט עפעס. אין די טיפענישען פון מענשען קלינגט זיין שטימע אויס, און די בלומען באוועגען זיך דערביי ווי א ווינט וואלט זיי געיאגט, אזוי ווי אין דעם ערשטען וואקסען, ווען זיי זיינען נאך אין די ערד אויפ'ן פעלד געווען.

פעטע און דארע הענט שלעפען דעם גלאק. יעדער שרייט עפעס אויס ווען ער ציהט דעם גלאק און די אויגען ביי זיי פינטלען נישט זעטיג נאך נאך פארלאנגען.

קיינמאָל איז דער מאַרקפּלאַץ נישט שטיל. שטענדיק רוישט ער. וואָס פאַר אַ גערויש דאָס איז, קען מען נישט דערגעהן.

נאָר דער גלאָק רוהט נישט, דער גלאָק שטורעמט. און ווען די בלומען ווערען אַלט און פאַרדאַרט, ברענגט מען פרישע, נאַרוואָס אַנגעריסען און מען טוט זיי דעם גלאָק אָן.

און ער האָט אַ שמייכעל געטאָן, צורעכט מאַכענדיג זיין מאַנטעל און אויף זיין שטעקען אָנגעלעהנט האָט ער איינגעשטימט צו געהן מיט זיין באַקאַנטען.

ווען ער איז אַרויסגעקומען אויף דעם מאַרק־פּלאַץ האָבען איהם זיינע פריינד אַריינגעפיהרט צו די שעהנע פרויען. זעה, ווי זיי טאַנצען, האָבען זיי איהם געוויזען. זעה, ווי זיס און גייסטיג גע־שמאַק זייערע באַוועגונגען זיינען. און איינער פון זיינע פריינד האָט געכאַפּט אַ יונגע טאַנצענדע פרוי און אום צו מאַכען לוסט ליידענען האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט מיט איהר אין אַ טאַנץ.

שעהן איז געווען דאָס טאַנצען. אַלעס איז פאַרגעסען געוואָ־רען. דער נעכטען, דער היינט, די צוקונפט איז נישט געווען. נאָר די צוטרייסלונג אין דעם יעצט, נאָר די אויפרעגונג און די זיסקייט פון די פרויען רחות, און מוזיק האָט באַנוגענט דעם אַפּעטיט וואָס האָט זיך נישט געוואָלט שטילען. און יעדע ווייַלע, אַלץ שאַרפער אומפאַרשעמטער און ווילדער געוואָרען, און זיי האָבען איהם אַי־בערגערעדט און ער האָט זיך אויסגעמישט מיט אַלע.

הילכיג האָט דער גלאָק געקלונגען מיט זיין שטים, און דער גערויש האָט עפּעס איינגערוימט אין אויער די לאַנג פאַרגעסענע וואונשען און פאַרשלאָפענע אינסטינקטען. און צוגעוואונקען האָט דאָס געפיהל אַזוי נאַכגעביג און מעגליך.

נאָר ער איז געוואָרען שנעל מיד און איז אַוועקגעגאַנגען אין אַ זייט אום אָפּצורוהען זיך. קיין פריינד האָט ער שוין נים געזעהן. ער איז געווען איינער אַליין, און שטיל האָט ער זיך אָנגעהויבען צוקוקען צום מאַרק־פּלאַץ.

ער האָט געזעהן ווי מענשען זיינען געלאָפען איינער אַקעגען צווייטען מיט פאַרשיעדענע איינפאַלען. קיינמאָל נישט באַזעטיגט מיט עפּעס, האָבען זיי באַלד אַ צווייטען איינפאַל אויסגעקליבען און

באַלד זיך געיאָגט נאָך אַ דריטען און מיד זיינען געווען זעהר פּיעלע פון זיי און ביי אַ סך האָבען שוין די פאַרגעניגענס פון האַלז אַרויס־געשפּאַרט און מיט חלש'סדיגע פּנים'ער האָבען זיי נאָך זייערע הענט אויסגעשטעלט צו האָבען נאָך עפּעס און נאָך עפּעס. האָט איי־נער געזעט, האָבען אַלע נאָכגערעוועט. האָט איינער געשריען, האָבען אַלע נאָכגעשריען. און פון זיי אַלעמען האָט זיך געטראָגען דער אומרוה נאָך זעטיגקייט און די פאַרלאַנגען וואָס זיינען איינגעשלונ־גען געוואָרען נישט באַפרידיגט, מיט די הענט וואַרטענדיג אויף מעהר. מיט אַפּעטיט פון איהם וואָס קען איינשלינגען יעדען שוועד־רען שטיין וואָס ווערט אויף איהם אַרויפגעוואָרפען.

דאָ איז געווען דער מזבח וואָס מענשען האָבען פאַרהייליגט, אַהן דעם באַוואוסטזיין פון גייסט מיט דעם דראַנג פון אינסטינקט וואָס האָט מאַנכע מאָל זיי געלאָזט זיצען פאַרקלערט אונטער די וואָלקענס פון שטורעמס און אין דעם צווישען פון נאַכט און טאָג, ווען עס איז זיי אַלעם פאַר'מיאוס'ט געווען צום עקלען.

דאָ איז געווען דער מזבח, וואו זיי האָבען אַרויסגעבראַכט די פּרייזען און צאָהלען פאַר פאַרגעניגענס אום זיך צו זעטיגען, און דאָ זיינען זיי געווען נישט פאַרגניגענד און דרייסט אַם העכסטען, ווייל זיי האָבען געהאַלטען, אַז וואָס מעהר פאַרדייט, גליקליכער איז ער. וואָס מעהר איינער געהט נאָך זיינע פאַרלאַנגען, אַלץ רייי־כער איז ער און אַזוי האָבען זיי אויסגעאַרבייט אַ גלויבען און אַ מאָראַל, דאָ אויפ'ן מאַרק פון אונטערגאַנג, דאָ אויף דעם מאַרק פון באַטויבונג, לעבען מזבח.

וואָס האָט ער דאָ געזעהן?

מען האָט איינגעוואוינט קינדער צו דרעמלען פון מידקייט, וואַרטענדיג אויף די מוטער, ווען זי וועט קומען פון מאַרק־פּלאַץ, אַהן ליעבע און אַהן לעהרע וואָס מענשען דאַרפען פיהרען די קליינע אויפ'ן וועג פון פאַרבעסערונג און קעגען דאָס פאַראַכטעטע אויף וואָס דאָס הארץ שווערט נקמה און טראָגט זיין פאַרביטערונג קיי־נעם עס נישט איבערגעבענדיג, נאָר פאַר דעם וויסען פון זיך אליין.

ווער וועט היינט אהיים געהן, האָבענדיג נאָכגעטאָן דעם עולם און געזעסען מיט ווערמען אוים לאַנגווייליגקייט און געלאַכט

אוים לאנגוויילינקייט און פארקויפט לאסקעס אוים לאנגוויילינקייט.

ווער וועט היינט אהיים געהן? האבענדיג נאכגעטון דעם וואס ער האט נישט ליב געהאט, וואס האט געקושט אוים פרייליכקייט און אוים פייגהייט, וואס האט זיך אויסגעבויט א פאר־בריק און אליין פאבריצירט פארגעניגען? ווער וועט היינט אהיים געהן וואס האט זיך נאכגעשלעפט אום יענעם צוליב צו טאן, און אליין שוין לאנג געוואלט זיך פארנעהמען אנדערש, נאר קיין מוט נישט געהאט, קיין מאראל און קיין וועג נישט געהאט, וואס האט מורא געהאט אוועקצולייגען אין זיין ווינקעל דעם קאפ פון געדאנ־קען, אום כדי זיך אפצוקעהרען פון די, פון וועלכע ער האט ארויסגע־פאבריצירט פארגעניגענס פאר זיך, ווייל ער האט מורא געהאט צו בלייבען אליין.

מענשען פארנעמען זיך מיט דעם וואס זיי ווילען נארנישט. זיי צווינגען זיך אליין מיט דעם צו זיין. זיי רעדען זיך איין דאס ליב צו האבען.

אום מענשען זאלען וועלען אנהויבען לעבען געטריי מיט זייערע געפיהלען, וואלטען זיי געדארפען ברוגז ווערען איינער מיט דעם צווייטען. זעלטען וואו עס וואלט געבליבען א פאר וואס וואל־טען געקענט זיין ריין אין דעם לעבען צווישען זיך וואו די ליעבע וואלט אויפגעוואקסען און זיי צוזאמענגעהאלטען אן די מיטלען פון מאכט, כיטרעקייט און גייסטיגע פאליטיק.

און ער האט געזעהן די מאכט וואס דערשטיקט דא אויף דעם מארק־פלאץ די מאכט אין פארשידענע געשטאלטען; די מאכט וואס מאכט איינעם העכער און איינעם נידעריגער. א קונץ־שטיק פון איינעם מאכט זיי פרעהליך, אבער איך וואלט מיין פנים צום לאכען נישט צושפרייט איבער אזא קונצשטיק זאל איך דען זיין אזוי ווי א ליבהאבער פון פישפאנג וואס רעדט זיך איין, אז צו כאפען פיש אין א פאס וואסער איז אזוי ווי אין ים.

אזוי האבען זיי זיך ארומגעזעצט ארום פאס, און איז אריינ־געפאלען צווישען זיי איינער וואס איז געווען אנדערש ווי זיי, שארפ־זיניגער, פיהלענדער און קליגער, האבען זיי ארויסגעצויגען לאנגע שפיצען פון זייערע מיילער און איהם געשטאכען ביז וואנען יענער

איז טרויעריג געווארען. דאס האבען זיי געטהאן, כדי עס זאל נישט זיין קיין אויסנאהם צווישען זיי, און אמאל האבען זיי איהם פאר א נארן געמאכט, ווייל זיי זיינען נישט געווען גענוג קלוג איהם צו פארשטיין.

און פארטראכטען זיך איז שווער געווען, ווייל דא אויף דעם מארק־פלאץ איז נישט געווען רוהיג, און נאך דערצו האט דער גלאק געהילכט. דאס האט ער דערמאנט אין אומרוה, און געטרונקען האבען זיי זיך אין דעם רויש און די קעפ האבען ווער געטאן און אין בעסטען פאל זיינען זיי נישט קלאר געווען.

און ער האט געזעהן ווי אלטע האבען באדויערט זייערע אוועק־געהענדיגע יאהרען, אלטע האבען מקנה געווען דעם קלאנג פון דעם גלאק, ביי וועלכען די יונגע האבען זיך ארומגעדרעהט. זיי זיינען באמת נישט געווען ביים קלארען געדאנק, ווייל אז נישט וואלטען זיי נישט מקנה געווען און זיי וואלטען אין די לעצטע יאהרען גע־דארפט לעבען מיט דעם וואס האט נישט אין זיך די אפנאהרונג פון מארקס־פלאץ.

און ער האט געזעהן ווי אסך האבען זיך געוואונשען דא צו זיין און צו קענען נאכהאלטען נאך וואס זיי האבען געוואונשען.

זיינען די נישט קראנק וואס זיינען שוין דא? ניצען זיי זייערע געזונטע גלידער אויס צו בעסערס?

און ער האט געזעהן די לויות וואס פאהרען פון מארקפלאץ אין מיטען הולען געשטארבען אונטער'ן גלאק אויסגעגאנגען. ווער האט בעדויערט? ווער האט געבענקט? ווער איז איינזאם געווא־רען? צוליעב די אמת'ע ליעבע וואס ער האט געפיהלט צו דיר פון דיין באשאפונג.

קיינער נישט. אזוי ווי די בערען אין וואלד זיינען זיי גע־שטארבען. עס איז ווידער געבליבען די סטאדע, און דאס בערעלע האט געבענקט נאך דעם מאטען. דיין חבר, בער, האט געבענקט נאך דיין היימליכקייט, נאך דיין געגענזייטיגע הילף. אבער קיינ־מאל, קיינמאל האסט דו נישט איבערגעלאזט ביי איהם א שפיגעל פון דיין נשמה, אן אוצר פון דיין נשמה, פון דיר אלס מענש וואס זאל דיך געדענקען, וואס איז אין דיר געווען, און קיינמאל, קיינמאל

זאָל דאָס פּלאַץ נישט פאַרנומען ווערן פון אַן אַנדערן, ווייל צו־זאַמען מיט דיר זייט איהר נאָהנטע געבליבען, וואָס וועט היימלי־כער דאָס לעבען מאַכען אויף דעם וועג פון דערקענונג, דאָס דאַזיין פון לעבעדיגען, אין דעם אָרט לעבען זיין ליבענדען וואָס ער טראָגט אין זיך.

געשטאָרבען אין מיטען הוליען לעבען די שטימע פון גלאַק, נישט פיהרענדיג זיך אַזוי ווי אַ מענש, קריגענדיג די באַהאַנדלונג מיט די נעגעל פון צווייטען קיינמאָל נישט צו זוכען קיין ענדערונג, כדי מען זאָל נישט פאַרלירען דעם טאַנץ פון פאַרגעניגען, קיינמאָל נישט צו פּראָטעסטירען, כדי מען זאָל נישט פאַרטיילען פאַר אַן אויסנאַם, שטאַרבענדיג מיטנעמען די אונאַקעגען געשטעלטע פאַר־ביטערונג וואָס האָט אויסגעהוילט אין האַרץ אַ לאָך, ווייל עס איז קיין מוט נישט געווען, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר אַ פאַר־לוסט — שוואַכע, בייזע טיראַנס.

און דאָס קינד האָט מען איינגעוואוינט צו דרעמלען ביז וואַנען עס איז פון גייסטיגע שכרות געגאַנגען אויף דעם וועג פון זיינע עלטערען צו זוכען פאַרגעניגען און צושטרייאונג אונטער דעם גלאַ־קען קלאַנג צו שטעקען קראַנקהאַפט די האַנד נאָך מעהר און מעהר און מעהר אַזוי ווי אַ דראַג קרבן, וואָס רייסט זיך נאָך מעהר אַן מעהר, ווייל אויסטשאַדענדיג זיך ווערט ער דערשראָקען קוקענדיג אויף דעם ווירקליכען לעבען.

דו האָסט ערצויגען דיין קינד אָהן וועגען, האָסט דו איהם ערצויגען אין דיינע וועגען, ווייל דו ביזט געווען די געוואוינהייט צו וואָס ער האָט זיך צוגעפּאַסט. דו ביזט געווען די כלי, פון וואָס ער האָט גאָרנישט געקראָגען. דו טראָגסט די שולד, ווייל דו האָסט נישט באַשאַפען אַרום איהם די גייסטיגע סביבה, וואו ער זאָל קאָנען העכער שטייגען. דיין סביבה איז נאָר געווען אַ קערפּער־ליכע פאַרוואַנדשאַפט, אויך די עצות און דיינע וועג־ווייזונגען זיינען געווען פון דעם סאָרט. מיד און דערשלאָגען איז געוואָרען דער מענש אין דיין קינד. איינזאַם איז ער אַליין געווען אין דעם קרייז פון זיין גאַנצער פאַמיליע, און אויב נישט ער אַליין האָט זיך אָוועקגעדראַפּעט אין אַ זייט דורך זיך אַליין, איז ער בּיסלאַכווייז.

ביסלאכוויז געקומען צום מארקס־פלאץ צו הערען די שטימע פון גלאק.

זעלבסטמארד איז ער היינט באגאנגען. האט ווער געפיהלט א שאד איבער איהם פון די מענשען, וואס האבען איהם געטריבען דערצו? זיי טאנצען וויטער אונטער דעם רויש פון מארק. ווער האט געדארפט זיין זעלבסטמארד? זיין לעבען איז דאך אומניצליך געווען אין גאנצען פאר די, וואס האבען איהם געטריבען דערצו. און דאך איז ער געשטופט געווארען אזוי ווי מיטא כוונה צום אונטערגעהן, ווייל ביי דער זייט פון די טאנצענדע אויף׳ן מארק איז ליב דאס שפיל און די פארניכטונג פון די נערוועז, איז ליב דער אונטערגאנג פון דעם איינציגען, ווייל דא איז דער מזבח, וואו מענשען קומען לעשען זייערע אינסטינקטען מיט דעם וואראפטיגען נאך וואס זיי באגערען.

עס איז אויפגעשטאנען א געשטאלט מיט א טויזענד זייטיגען קאפ און ער האט חוזק געמאכט פון דעם אויסגעלערענטען, וואס דער מענש האט זיך דורך מיה און אונטערגאנג דערשלאגען.

און ער האט חוזק געמאכט פון דעם מענשען וואס האט גע־חשבונ׳ט אין זיך, אנגעהאלטען אין א טוגענד אלס דאס לעצטע מיטעל זיך ארויסצורייסען פון מארק און זיי האבען איהם געדיענט די באזוכער פון מארק, דעם טויזענט־קעפיגען געשטאלט. זיין חוזק האבען זיי געטראגען אויף די פלייצעס צו צוטיילען עס צו די פריינד.

נאר אין שטורב צייטען פון הוליען, האבען זיי זיך פארטראכט איבער דעם מאדנעם געשטאלט, און זיי האבען געפיהלט זיינע קאלטע הענט, וואס זיי האבען אויסגעשטעלט אזוי ווי סאלדאטען אימעצען צו געהארכען און זיי האבען געפיהלט זיין אנג היימליכען אטעם, אקעגען וועלכען זיי זיינען געווען שוואך זיך אקעגענצושטעלען. אין דעם מאמענט פון די מחשבות איז ריזעדיג ברייט געוואקסען זייער מוח און זיי האבען אלעם, אלעם באגריפען און אריינגענומען צו זיך אזוי ווי קריגס־מענער געמען ארייז אין זיך א פלאן אויף צו אטאקירען דעם שונא. אבער נאך די שטורמס־צייטען האט זיך זייער מוח צונויפגעצויגען, אז קיין איין געדאנק

האט זיך נישט געקענט פריי באוועגען און זיי האבען גערינגט צו דעם מזבח אויף דעם מארק אזוי ווי אלע מאל.

און די טויזענטקעפיגע געשטאלט איז געווארען דער הערשער איבער זיי. זייערע וועגען האט עס אנגעדייטעט, זייערע זיטען האט דאס באשטימט. עס האט שוין געהאלטען אין אויסווארצלען ביי זיי די גוטע, מידע נאכצופיהלען יענעמס וועה, בפרט נאך ווען מען האט עס אליין פאראורזאכט.

און איבער דעם מארק האט זיך צייטענווייז געהערט א גע־שריי.

וועה, וואס איז געווארען מיט זיי, וועה צו זיי וואס לעבען און געהען אונטער אזוי.

---

## די געזעלשאפט.

ליידען האט באקוקט די מענשען־מאסע און ער האט געזעהן דעם אונטערשיעד פון די, וואס פרעדיגען דאס גליק ארויס פון א צוזאמענגעשמאלצענע און איינבאגריפענדע מאסע און די וואס פרעדיגען דעם אבסאלוטען וואוקס פון אינדיווידואליזם. די וואס פרעדיגען, אז דאס גוטע און גוט קאן מען זיך פיהלען נאר אין א געזעלשאפט פון אלע, אונטער אלעמענס לעבען זיך פרעהען. מיט דער מאסע פרייד זיך אויפהייטערען מיט דער מאסע פארלוסט פאר־לירען. די געזעלשאפט זאל זיין דער פאראורזאכער פון גליק. ווייל אין טומעל מיט אלעמען לעבט מען און עס איז גרינגער צו שטארבען פיהלען זיך אונטער דעם פולס פון אלע און במילא אלע צוזאמען וועלען שוין פרובירען. עס זאל זיין גוט, פרעהליך און גליקליך און זיי פרעדיגען דערפאר די פארפאלקאמענונג נאר אין דאס גאנצע אין דעם אלעמען, און דער איינציגער וועט זיך שוין במילא געפי־נען אונטער אלעמענס איינפלוס, און אזוי נאך צוזאמען גליקליכער ווערען מיט זייער פארפאלקאמענונג. אין דעם טאנץ מיט אלעמען ווערט דעם איינציגען גרינגער צו לעבען. ער ווערט פרעהליכער און שטארקער, ווייל ער פיהלט דעם אלגעמיינעם כח וואס גיט איהם אונטער מוט און צוהיצט איהם און טאנצט צווישען אלעמען פאר־

געסט ער זיינע צרות וואס שלעפּן איהם צו אפּגעלאַזענהייט און מוטלאָזיגקייט. ער איז בעסער אויך אויפגעלעגט, ווייל ער איז נישט איינזאם וואס דאס באַשאַפט א נערוועזיטעט.

און מען קאָן איהם מאָראַליש בעסער פיהרען אונטער דעם אויג פון אַלעמען, ווייל ער קאָן זיך שטענדיג געפינען אין געזעלשאַפט פון אַזעלכע, וואס קאָנען אַלעס פון איהם באַלד פון אויבען אויף דער־זעהן, ווייל ער ווערט ניט צוגעוואוינט צו זיין באהאַלטען אַדער אויסגערעכענט ווי דער אַנטוויקעלטער אינדיווידועל. אַזוי אַנאָך קאָן מען איהם אויסהיטען פון פאַרברעכענס, אַזוי אַנאָך קאָן מען איהם פיהרען אויף א וועג וואס איז געפּלאַנעוועט און געלייגט גע־װאָרען פאַר איהם און גוט וועט זיין פאַר איהם אין די פאַרפאַל־קאַמונג פון אַלעמען.

דאס זיינען די פרעדיגער פון די מאַסען נשמה. און ער האָט געזעהן די אַנדערע טייל מענשען וואס פיהרען דעם קאַמף פרעדי־געגדיג די אַבסאָלוטע איינהייט און גאַנצקייט פון איגדיווידואַליזם, די אַרויסרייסונג פון איינציגען פון אַלע פאַרשמעלצונגען, די אַרויס־רייסונג פון איינציגען, פון די גלייכע מענשען קעפּ און זיי אויפ־הויבען אַלץ העכער און העכער ביז וואַנען ער וועט זיין אומבאַריר־באַר און פאַרפאַלקאַמט.

און ער איז געווען פון די, אין וועמעס קאַמף ער האָט זיך געשטעלט מיט אַלע זיינע מיטלען און וועגען צו העלפען, נישט צו לאָזען אויסהאַקען אַן אַפּנאַרענדע מורא פאַר אַלעמען גלייך, נישט צו לאָזען ברוקירען א וועג פאַר א מאַסע, אונטערצוגראָבען איינ־פלוס, ווייל איינפלוס איז שעדליך, אפילו פאַר דעם גערעכטען. דאָרט וואו מען באַאיינפלוסט א מענשען אונטער דעם גוטען ווילען איז ער נאָך אויך א גייסטיגער שקלאַף פון פיהרונג, נישט פון אייגענעם טהאָט, פון אייגענעם ווילען, וואס האָט איהם איבערציינט אום צו טהאָן דאס גערעכטע.

נאָר די ווירטשאַפט, דאס איז דאס איינציגע וואס דאַרף זיין געזעלשאַפטליך און אַלעס אויסער איהר מוז באַקומען אַן אינדי־ווידועלען געשטאַלט, די געזעצע און די באַציהונגען פון מענשען צו מענשען דאַרפען אויסגעפיהרט ווערען נאָך דעם שכל נאָך, נישט

נאך אז איינגעפונדעוועטער אפשטימונג פון ביכער אין אז איינ־געוואוינטער אויפפאסונג פון מענשליכען בליק. נאר דעם שכל געטרוי איך אין דעם גערעכטען משפט פון זיין עטיק. נאר דעם שכל גיב אי דאיבער די מאס איבער דעם וואס ליידט און פרעהט זיך.

אבער נאך נישט היינט געטרוי איך אייך צו זיין די משפט'ער, ווייל אומגערעכט ווערט איהר זיין אין דעם צושטאנד פון אייער היינטיגען באגריף און בליק אויף דעם מענשען און אין זיין באַ־ציהונג.

נאר צו דעם, וואס ווערט זיין פארפאלקאמט וועל איך זאגען: נעהם איבער דעם משפט איבער דיין שכן און ברייננ איהם פאר דעם קריסטאלענעם ליכט פון דיין שכל און באשטעה אויף דעם משפט וואס דו באשאפסט, ווייל פארגעס נישט, אז דאס לייטערט די באציהונג צווישען דיר און איהם, איבער וועלכען איהר שטרוי־כעלט זיך און פאלט. און זעה דאס צו פארמיידען מיט דער נישט נאכגעביגקייט, ווען דו ביזט גערעכט, האלט זיך ביי דיין גערעכטען שכל, כדי ער זאל זעהן דיין געשטאלט און זיין געשטאלט. הויך אוים פון דיר דאס באשטימטע וואס זאל נישט ווערען אז אנטוישונג פאר די וואס געטרויען דיר. ברייננ ארויף צו דיר העכער און העכער די וואס וואקלען זיך אויף זייערע טריט מיט דעם אונרייפען בליק אויף רעכט און אמת אין באציהונג צום צווייטען. און אויב זיי קאנען דאס נישט פארנעמען, אדער זיי ווילען עס נישט, ווארף זיי אין גאנצען אום, ווייל זיי זיינען די צושטערער אויף דעם וועג וואו דו געהסט מיט דעם זאק פון מתנות, וואס דו טראגסט מיט זיך, פון זיך.

הלואי זאלסט דו האבען א צייט אין דיין לעבען, אז דו זאלסט קאנען זאגען: מיין וועג און מיין לעבען האט איך אומשעדליך געמאכט פאר מיר און פאר אנדערע און פון אנדערע צו די אנדערע צו וועמען מיין שכל האט געלערענט פאראכטונג.

און יעצט קאן איך זאגען, אז דא געהט א מענש; איך מיט דעם וואס איך פארמאג אין זיך; איך פאר וועמען איך האב גע־טראגען פאר די גאנצע וועלט אפען, מיין גייסט און מיין שכל, אהן

א שאנד, אז אימעצער פון זיין דערקענונג זאל מיר קאנען פאר־
ווארפען פאר זיי.

איך וואס טראג מיינע פארבארגענסטע און רעטזעלהאפטע
ווינקלען קלאר און אומבאפלעקט, וואס איך עפען זיי אויף נאר
פאר איינצעלנע, פאר אויסערוועהלטע פון מיין הארץ און שכל,
אום זיי צו ווייזען און נאכהער זיי צוריק צו פארבארגען, ביי דער
אפוועזענהייט פון די וועמען איך וויל זיי נישט ווייזען.

איך וואס דורך מיינע טהאטען צום איינציגען און צו זיין
באציהונג קום איך ארויס ווייזענדיג עס פאר די מענשען און
זאגענדיג זיי:

ווער קען ערנידעריגען די געשטאלט פון זיינע טאטען? ווער
קען עס פאראכטען אויסרעכענענדיג באווייזען?

און ער האט געזען דעם איינציגען אין זיין פארלוסט און אין
זיין אויסוועג. ער האט געזען זיין אויפשטייגען, זייענדיג אליין
און קענענדיג זיך באוועגען און אויספיהרען די גריבלערייען פון זיין
נשמה, און ער האט אויך געזען די מענשהייט אן אומגליקליכע,
א צוטראטענע און א נשמה'לאזע, וועז זי וועט זיין איין שטיק
געהובלעטעווט לויט דעם געשמאק פון אן אפגאט, דארט וואו דער
איינציגער וועט קיין ראלע ניט שפילען און ער וועט פאררעכענט
ניט ווערען אלס די אבסאלוטע איינהייט, ארום וועלכען עס באוועגט
זיך אלעס, אלעס וואס באשאפט אין אונז און ארום אונז, אלעס
וואס קען אונז דערפרעהען, גליקליך מאכען און אונז אויפהויבען
אין א וועלט פון וואונדערבאר, שימערירענד ליידען. וואס האבען
מיר דען, וועז דער איינציגער האט נישט מיט וואס אונז צו אינטע־
רעסירען?

ווער קען זיך פיהלען לעבעדיג, פריש וואס האט נישט אזא
איינעם צו וועמען ער פארטרויט די סודות און די פארטייטשונגען
פון זיין הארץ און שכל? קיין מענש איז נאך נישט צופרידען
געווען, פארגיטענדיג דעם פארלוסט פון אזא איינעם, וואס ער וואלט
געדארפט און געקענט ליב האבען. און זאל די גאנצע געזעלשאפט
זיין פארזיכערט און טויזענט־פאך פארשענערט, וועט זי דאך דעם
איינציגען נישט קענען פארגיטיגען זיינע פארלוסטען, אויב ער

וועט שטעהן אליין און וועט נישט געפינען יענעם מענשען, וואס איז באהויכט מיט א גרויסער נשמה, צו וועמען ער זאל זיך קענען טוליען, מיט וועמען ער זאל קענען לאכען מיט יענעם באזונדערען געפיל, וואס איז פרעמד צו דער געזעלשאפט אלס גאנצע און צו די וואס געפינען זיך אין איהר אלס צוזאמענגעשמאלצענע. נאר דער איינציגער קען עס באזיצען און אויסער איהם איז עס נישט דא.

און ווען דעם איינציגען ווערט נאכגעקוקט און עס ווערט איהם געשטערט דאס וואס נאך דעם באגריף פון דער געזעלשאפט טויג נישט, איז עס פאלש ווי לאנג ער באנעהט נישט קיין אבסאלוטען פארברעכען צו זיין שכן, ווי מען פארשטעהט עס אונטער דעם באגריף פון שכל'ס אפשאצען.

ווער קען זאגען, אז די געזעלשאפט איז גוט פאר דעם איינציגען? זי ברענגט איהם קיין נוצען נישט, אבער שאדען טוט זי איהם א סך, ווייל זי לאזט איהם נישט זיך פארטיפען, און זי נעמט פון איהם אוועק דאס וואס איז זיין נארונג, זיין גייסטיגע נארהאפט וואס קען איהם מאכען צו פיהלען און באווייזט איהם דעם פולם פון לעבען.

דאס וואס איז די גאנצע וועלט'ס — איז נישט מיינס, און וואס געהערט צו מיר — איז נישט דער וועלט'ס. ווען די מאסע אלס גאנצע, א צוזאמענגעשמאלצענע, וועלכע איך רוף אז די וועלט און אקעגען וועלכע איך רעד, איז באגייסטערט און פול מיט פרייד, קען איך זיין טרויעריג און נידערגעשלאגען און איך קען אויך זיין פארשטויסען פון איהר, נישט וועלענדיג געהן אין איהרע וועגען. הייסט דאס, אז וואס אנבאלאנגט דעם איינציגען איז די געזעלשאפט אלס איינהייט גארנישט. זי אנטהאלט פאר: איהם קיין גליק נישט און זי האט פאר איהם קיין ספעציעלען ארט נישט. און ווען איך קען זיין פול מ ט באגייסטערונג פאר דאס לעבען און אנגעזאפט מיט די דופטען פון דעם גייסט'ס שאפונגען, אדער טרויעריג אדער פארצווייפעלט, אין יענער צייט געהער איך צו דער מאסע גארנישט אן. מיט איהר נשמה איז זי פאראינטערעסירט אין עפעס אנדערש. איך אלס איינציגער שטעה ווידער אליין, ווייל די געזעלשאפט אלס

גאַנצע טרויערט נישט אין מיין טרויער און זי פילט נישט דעם דופּט פון מיין אינדיווידואַליזם.

פילען קען עס נאָר דער, מיט וועמען איך קום אין נאָענטער באַרירונג. הייסט עס, אַז ווידער שפּיעלט דאָ די הויפּט־ראָלע דער איינציגער, דער באַזונדערער, דער אָפּגעטיילטער — נישט דאָס גאַנצע, די געזעלשאַפט. דערפאַר זאָג איך, אַז די געזעלשאַפט דאַרף און מוז זיך אָפּרוקען אַלץ ווייטער און ווייטער פון איינציגען און אַראָפּנעמען פון איהם איהרע שטאַרקע הענט, זי זאָל נישט האָבען קיין איינפלוס איבער איהם, זי זאָל איבערלאָזען זיין גייס־טיגע ערציהונג צו דער אינדיווידועלער אַנטוויקלונג. און ווען זיי, די איינציגע וועלען ווערען פאַרפאַלקאַמט, וועט קיין געפאַר נישט זיין פאַר דעם שאַדען פון אימיצען, טראָצדעם וואָס עס וועט נישט זיין די אויטאָריטעט פון אַן אַלגעמיינעם באַגריף און געזעצען מיט וועלכע די געזעלשאַפט באַרימט זיך יעצט, אַז זי באַשיצט איהרע מענשען.

ווען דער איינציגער פילט דעם פאַרלוסט פון טויט, געהט דאָס דאָך דער געזעלשאַפט אין גאַנצען נישט אָן. זי אַלס גאַנצע איז גאָר פרעמד צו דעם געפיל, ווייל אין איהרע רייהען שטאַרבט מען קיינמאָל נישט צוליב דעם צופאַלום פון פרישע. זי איז אין גאַנצען אַ פרעמדע צו די ליידען און פריידען פון איינציגען, און זי קען זיינע באַדערפענישען נישט באַפרידיגען, ווייל זי פאַרשטעהט איהם פשוט נישט.

אָבער ער, ער אַלס איינציגער, פילט די גרויסקייט און די שרעקליכקייט פון טויט און לעבט איבער אַזוי פיל גרויסעס, וואָס איז פאַרבונדען מיט דעם טויט ווי דער געפיל אָדער דער געדאַנק. דערפאַר שטעהט ער פיל העכער ווי די געזעלשאַפט, ווייל די וועהען וואָס באַרירען דעם מענשען פילט ער נאָר, און ער באַקעמפט זיי און ער פאַלט פון זיי. די געזעלשאַפט, דאָס איז דאָס פרעמדע אויג, אַזוי ווי אַ שונא צום איינציגען, אָדער ווי אַן אידיאָט וואָס וויל נישט און וועט קיינמאָל דעם איינציגען נישט קענען באַגרייפען.

און איך זאָג צו דער געזעלשאַפט אַזוי: מיין ברויט און מיין דירה וועלען מיר צוזאַמען באַאַרבייטען, אָבער צו מיין גייסט זאָלסט

דו זיך נישט צורירען, ווייל איך שטעה העכער פאר דיר. מיין פארברעכען לייג איך אוועק פאר דעם משפט פון דעם איינציגען, און דו זאלסט זיך אין דעם נישט אריינמישען. פאר מיין שולד זאל מיר דער איינציגער פאראכטען און פון מיר זיין נקמה נעמען. איך וויל נישט דו זאלסט זיך מישען צו מיין קערפער. מיין קערפער זאל פאר דיר זיין אומבארירבאר, סיידען איך האב אליין שלעכטס געטאן א קערפער. איך וויל נישט דו זאלסט מיך שלעפען אין דיינע תפיסות, ווייל איך געטרוי זיך נישט צו דיר. אזוי ווי אן אנפאלענדער װאלד־רויבער קוקסט דו אויס פאר מיר און דו ווילסט מיך אין דיין ערציען און דורך דיינע תפיסות געהסט דו מיך לערנען. פרעמד ביזט דו פאר מיר און מיין שונא, דו דארפסט אונטערגעהן אין דעם אפגרונט וואו מיינע מאוס׳קייטען זיינען אראפ איידער איך בין ארויסגעגאנגען אויף דעם וועג פון דער גייסטיגער אנטוויקלונג, וואו איך האב דיך געזען און דערקענט וואס דו ביזט צו מיר אין אמת׳ען ,איידער איך בין צוגעקומען צו דער דערנענטערונג פון מיין איך.

די געזעלשאפט אלס גאנצע איז פרעמד צו מיר. ווען איך בין קראנק, איז עס מיר מיין גרעסטע טראגעדיע. טיילט זי דען מיט מיר מיינע געדאנקען דאמאלס? זי לעבט א באזונדערען לעבען. ווען איך ליג אויף דעם קראנקען־בעט, אזוי ווי א פארגעסענער, אזויוי א קיינמאל נישט נויטיגער.

נאר אין דעם איינציגען קען איך געפינען די דערלייכטערונג און די ווארימקייט וואס ער טראגט און מיין ליבע וואס איך האב איהם איבערגעגעבען ווען ער קומט צו מיין בעט. און זאל דער איינציגער נישט זיין ווער עס זאל קומען, בלייב איך איינזאם און הילפלאז מאטערענדיג זיך אין גייסטיגע לײדען, אין וועלכע די געזעלשאפט האט קיין אנונג נישט.

זי טויג נישט, די געזעלשאפט. נאר שטערונג ברענגט זי, ווייל זי וויל אויסשמעלצען דעם איינציגען אין א מאסע, אין באגריפען וואס זיינען צוזאמענגעשטעלט סיסטעמאטיש אזוי ווי א גראמאטישע רעכענונג.

אונטער דעם גליק פון דער געזעלשאפט געהט נישט ארונטער

קיין איינציגער. דארט רעכענט מען זיך נאר מיט מאסען, מיט גאנצע צאלען, און דער איינציגער פאלט שטענדיג פאר א קרבן אין די געזעלשאפטליכע רעדער.

ווען ער האט ספעציעלע אומשטענדען, אונטער וועלכע אלע ליידען נישט, אדער זיינען נישט אונטערגעווארפען; ווען ער, דער איינציגער, קומט זיך קלאגען פאר די געזעלשאפט, ווערט ער קיינמאל ערנסט נישט באטראכט, ביז וואנען עס ווערען גרויסע צאלען אזוי ווי ער, ווייל פאר די פארביטערונג פון דעם איינציגען האט זי נישט קיין מורא. זי באשטעהט אויף דעם אז ער זאל אונ־טערגעהן. זי זעט איהם פשוט נישט. ער איז א נול. זי זעט נאר די מאסען צאלען און זי אליין קוקט אויף איהם ווי א שונא אויך מיט שמייכעלדיגע אויגען און מיט היפאקריטישע באציהונגען.

און איך זאג צו דיר, איינציגער: טייל זיך אפ פון דער געזעלשאפט, קעמף נעגען איהר, זי זאל זיך ארויסציהען פון דיין גייסט. באגרעניץ איהר אזוי ווי זי זאל נישט זיין איבער דיר דער הערשער און דיך פירען אויף א וועג פון מאראל. זי פירט דיך אין א פרעמדע וועלט, וואס איז די פאנטאזיע פון אפנארער. זי פירט דיך אין א וועלט, וואו דו האסט א פארלוסט אין דעם גאנצען אוצר וואס דער אינדיווידואום קען אין זיך באשאפען ווען ער איז פריי, שטארק, אונטער קיינעמס איינפלוס און נישט פאר־פירט.

זוך אין דעם איינציגען. קעמף מיט דעם איינציגען און לייטער איהם אויס. נאר אין דער נשמה פון דיין חבר־איינציגען וועסט דו קריגען אן ענטפער צום רעטעניש פון לעבען; נאר אין דער טיפעניש פון זיין גייסט וועט דיר ווערט זיין צו לעבען אין דער וועלט. און דו וועסט גרויסמוטיג באגעגענען דעם טויט מיט דעם פארשטאנד פון דער קלוגשאפט, וואס גיט זיך אונטער דאס אומ־פארמיידליכע.

און איבער דיין גייסט וועט מיין ליבע־ווארט שוועבען און בענשען דיך פאר די מינוטען, וואס דו באשאפסט, וואס זיינען בא־הויכט מיט א גרויסען גייסט פאר דיין חבר־איינציגען.

עס איז נישט אמת, אז אין דעם טאנץ צווישען אלעמען פאר־

געסט ער זיינע צרות. דאס ווערט ער פארטעמפט. זיי באפאלן איהם שרעקליך און רייצען זיינע נערוועז, אבער ער קען זיך נישט רירען געגען זיי, ווייל ער האט זיך נישט אויסגעלערענט ווערען.

ווען צווישען אלעמען איז אלעם וואס רירט אן איהם פער־זענליך פאר איהם א סך מאל אומפארשטענדליך און אומקלאר, און עס ליגט ביי איהם פונקט אזוי ווי א שטיין אויף דעם האלז, און עס שלעפט איהם אראפ וואו מיר באגעגענען די טויזענטפאכיגע פארצווייפלונג ביי דעם געזעלשאפט־מענשען איבער א סך פון זיינע האנדלונגען און באגעגענישען וואס טרעפען איהם אן.

און אין דער זעלבער צייט באשטעהט דער איינציגער קיינמאל נישט זיך אונטערצעוואַרפען אונטער די פארלוימדונגען, וואס אומ־שטענדען, טאטען און די געזעלשאפט ווארפט אויף איהם ארויף. ער איז שטארקער אינערליך צו באשטעהן אויף דעם וואו ער איז צוגעקומען אינדיווידועל, דענקענדיג דאס ליידען אנשטאט פאר־צווייפלונג מאכט איהם פילען בעסער, מאכט איהם טיפער, אנציי־גענדיג דעם גרעניץ צווישען איהם וואס קעמפט און צווישען דעם וואס וויל זיך פילען גלאטיג צווישען די שטיינער וואס באפאלען דעם מענשען אין זיין לעבענס־וועג.

ער קען אויך שטעהן אונטער די קלעפ וואס באפאלען איהם פיל שטארקער ווי דערגעזעלשאפטס־מענש, ווייל ער קען זיך פאר־טיידיגען און ער קען זיי פארלוימדען. ער קען אומשעדליך מאכען דורך דאס אינערליכע פארטיפען אין זיין איך. ער קען אויך לאכען פון זיי גלייך אין פנים אריין, ווייל דער געדאנק פון קריטיק איז טויזענט מאל מעהר אנטוויקעלט ביי איהם ווי ביי דעם געזעלשאפט־מענשען, און צום סוף קען ער זיך פילען גליקליכער און צופרידענער, ווייל ער טיילט אפ פון דעם וואס קען איהם ארען און גריבעלט דערפון זיין רעכט ארוים. און אויב ער קען עס נישט טאן, וויל ער א בעסערער מענש ווערען און ער זוכט דעם וועג אליין צו ווערען שענער און פאלקאמענער. דאס העלפט איהם דאס געפיל פון חשבון־הנפש, וואס איז ביי דעם מאסע־מענשען קיינמאל נישטא.

עס איז נישט אמת, אז דער געזעלשאפט־מענש ווערט אויסגע־היט פון צו באגעהן פארברעכענס, ווייל ער איז אונטער איהר

שארפען אויג, געפינענדיג זיך און פארברייננגענדיג אין איהר. דער איינציגער, ווען ער איז נישט אינדיווידועל אנטוויקעלט, האט באַ־האלטענע, קיינמאל נישט אויסגעלאשענע אינסטינקטען, וואס זיינען פינסטער, געמיין און אפשייליך, און וואס מאנען ביי א מאסען־מענשען פיל, פיל מעהר און שטארקער ווי ביי דעם אנטוויקעלטען.

ווען דער אנטוויקעלטער איינציגער וועט אין זיינע באהאל־טענע ווינקלאך זיין ריין אזוי ווי פאר דער עפענטליכקייט צוליב די איינענע פארבעסערונג וואס ער האט אין זיך אויסגעארבייט, וועט אבער דער מאסען־מענש אין זיינע באהאלטענע ווינקלאך זען דורכצופירען אלעס וואס שטופט איהם באהאלטענערהייט אפ־צוטאן, נאר ער שעמט זיך עס פאר די עפענטליכקייט, ווייל ער וויים, אז מען טאר נישט.

דער מאסען־מענש האט נישט קיין געוויסען. ער האט א געזעלשאפט־געוויסען. דער מאסען־מענש טוט אז אין די ווינקלען פון זיין אליין זיין די נידעריגקייטען, וואו זיין נשמה טונקט זיך אין שמוץ, און די אפענע וועלט איז פאר איהם די שיין וואס פאר־דעקט אלעס. איהם קען מען שלעפען צו אלעס און צו אלעמען, אפילו צו מארדען מענשען, ווייל ער לעבט נישט מיט זיך, מיט זיין איבערצייגונג, נאר מיט דעם פולס פון דער מאסען־נשמה.

אה, מיין פארערער, קום ארוים אקעגען די וואס באשאפען די מאסע, וואס ווילען ארייננגיסען דעם איינציגען אין די פארם פון א געזעלשאפט און זי זאל פילען פאר איהם, באפעלען איהם און אפשטעלען.

הער דעם אונטערגאנג פון מיר און דיר. זע די שטריק וואס ווערגט אונז און מאכט אונזער דאזיין אז אפקומעניש, וואס מאכט פון אונז אזוי ווי פאיאצען וואס א צי טוענדיג ביים שטריקעל מוזען זיי שפרינגען.

זע די נישטיגקייט פון אונזער לעבען, נישט קענענדיג זיך פארברייטען אין די טיפענישען פון אונזער איך און אריוסברענגען פון דארטען די אוצרות, וואס קענען געבארען ווערען אין א גייסט.

קום מיט מיר אויף אונזער וועג צו אונזער באפרייאונג, פון דיר און מיר. קום, זאל מען וועקען דעם גייסט פון דעם איינציגען

צו מלחמה און צו דעם וועג פון זיין אויסקלייבונג, צו דעם וועג פון דער אפטיילונג פון דער געזעלשאַפט.

די געזעלשאַפט מעג נאָר עקזיסטירען אַלס אַ מעכטיגער כח, אַלס אַ האַמער דורך די פאַראייניגונג און מיטווירקונג פון אַלע אַקעגען די נאַטירליכע כחות וואָס זיינען באַהאַלטען פאַר דעם מענ־שען'ס שכל און זיי באַפאַלען איהם אַזוי ווי אַ מעכטיגער שונא.

זי זאָל זיין דער שטאַט אַלס באַשיצעריין לעבן די גרעניצען פון איינציגען. דער אָרגאַניזירטער שטאַט אין דעם אַלגעמיינעם כח צו פאַרטיידיגען די פּאָזיציעס פון איינציגען אַקעגען דאָס אַריינ־דרינגען פון מאַסען אידעען.

די געזעלשאַפט, דאָס איז דאָס הויז וואָס דאַרף דיך האַלטען וואַרים און באַשיצט אַקעגען איבערנאַטירליכע כחות, וואו דו קענסט זיך אַליין נישט אַקעגענשטעלען דער ברוטאַלער מאַכט, אָדער אַקעגען אַן אומגליק וואָס צוטרייסעלט דיין זיכערקייט וואָס ווערט מיט אַ כונה אַנגעפירט פון אַנדערע אום דיך צו טשעפּען.

זי דאַרף שפּילען די ראָלע פון אַ דינסט אין אַ הויז. אָבער בעל־הבית זאָלסט דו זיין. אום צו פאַרלאָזען זיך אויף דיר, אַז דו זאָלסט זיין אַ גוטער בעל הבית, דאַרפסט דו ווערען דער קלעטערער אויף דעם וועג וואָס פיר טצו דער אַנטוויקלונג פון פאָלקאָמענהייט.

און נעם מיט די קריטיק און דיין געוויסען אַלס וועג־ווייזער, אפילו ווען זיי וועלען דיך פירען צו דיין אייגענער אַפּלייקענונג און פאַרניכטונג. און ווען איך וועל הערען, אַז עס איז רוהיג געוואָרען ביי דיר, וועל איך אַזוי זאָגען:

זיי געבענטשט, דו רוהיגקייט פון גרויסען גייסט, ווייל אין דעם אומרו פון דער וועלט פאַרליר איך מיין אייגענע באַדייטונג, אין אין די גרויסע קאַמפּען וואו איך האָב באַדאַרפט איבערגעהן צו דער פאַרפאָלקאָמונג פון מיין איך, האָב איך דערווייל געמוזט מיטמאַכען דער וועלט'ס אומרוהען, וואו מיין אייגענע באַדייטונג רעכענט זיך נישט און איז פאַרשוואונדען געוואָרען. אָבער איך האָב גע־וואוסט, אַז איך שטעל עס איין מיט דעם באַדינג, דאָס איך וועל עס צוריק קריגען.

מאַנכע מאָל זיינען די שטאַרקע שטריק פון פאַרצאַמונגען

געווען אזוי מעכטיג, אז דער איינציגער איז שוואך געווען אקעגען זיי און ער האט געדארפט פארגעסען זיין איך, אום ער זאל זיך קענען אריינשמעלצען אין א מעכטיגע פויסט איבערצוהאקען דעם צוים. און ער האט דיך אפגעשטעלט און ער האט דיר געזאגט: ביז אהער געה און ווייטער טארסט דו נישט. און מען האט אויפ־געשטעלט איבער דיר א שווערד, וואס אז דו זאלסט פרובירען געהן וועט זי דיר דעם קאפ אראפהאקען.

וואס האסט דו דאמאלס געקענט טאן? דו ביזט אפגעשטעלט געווארען און טויזענדער זיינען אפגעשטעלט געווארען אזוי ווי דו. און איבער דעם שווערד האסט דו געזען דעם גרעניץ, וואו דיין איך קען זיך פאנאנדערשפרייטען. נאר אריבער האט מען נישט גע־לאזט, אזוי ווי א פערד וואס מען האלט איין ביי דער צוים אונטער דער דראהונג פון בייטש, און דאן איז נאך אויסגעקומען נאר איין אויסוועג אויסצוטאן דיינע גייסטיגע אנלאדונגען וואס דו טראגסט מיט זיך און דיין קערפער איבערצוגעבען אין דעם פיזישען כח וואס אלע אזעלכע ווי דו האבען געהאט, כדי אומצוברעננגען די וואס האבען דעם שווערד איבער דיר אויפגעשטעלט אום איהם אוועקצו־נעמען.

מיינע אויגען האבען שטענדיג געקוקט אהין וואו איך האב געזען מיין באפרייטען איך אויף מיר ווארטען, דארט, אויף יענער זייט, וואס איך, אז אריינגעשמאלצענער, האב אויף זיך אליין גע־ווארט. ווי א געדיכטער רויך וואלט מיך געשטיקט און איך האב געקעמפט, כדי איך זאל זיך זען אויף דער פרייער וועלט. עס איז דאס מעסער, אקעגען וועלכעס נאר אלע צוזאמען האבען זיך געקענט שטעלען. און אין דעם קאמף בין איך געגאנגען און געוואוסט האב איך פאר זיך, אז אין דער וועלט'ס אומרוהען איז מיין אייגענע באדייטונג אונטערגעגאנגען. איך האב אבער אויך געוואוסט, אז עס איז נאר אויף יעצט, נישט אויף אלע מאל.

און ווען איך וועל הערען, אז עס איז ביי דיר רוהיג געווארען, אז דו דארפסט אין דעם קאמף פון דער וועלט'ס אומרוהען נישט געהן, ווייל דו ביזט שוין באשיצט אין איהר און קיינער איז נישט בכח דיך אנצופאלען ער זאל דארפען א מאסען־קראפט פאר א

געגנער האבען, וועל איך וויסען, אז ביי דיר ארדענט זיך איין דאס לעבען צו וועלכען איך ציל, און עס איז דער ציל פון דער וועלט'ס אומצופרידענהייט אין דעם קאמף פון דעם איינציגען און אין דעם קאמף פון דער אומבאוואוסטזיניגער און פארגליווערטער מאסע.

אין תוך גענומען געהט יעדער איינער צו אינדיווידועלער פאר־פאלקאמונג, די וואס זיינען באוואוסטזיניג און די וואס זיינען אומבאוואוסטזיניג. די וויסענדע געהען דאס מיט דעם פרייען ווילען, מיט דער אייגענער אויסקלייבונג, און די אומוויסענדע ווערען מגולגל שטופענווייז, אינסטינקטיוו, געשטופט אויף דעם ארט פון די פיל־פאכיגע אנטווישונגען פון לעבען.

אום דער פראצעס זאל זיין דורכפירבאר, אום זייער גאנג וואס וואקסט ארויס פון טויזענטערליי אומשטענדען זאל זיך נישט פאר־קירעווען צום אפגרונט, זיי זאלען זיין א פארלוסט פאר זיך, ווען זיי האבען זיך פארלארען אונטער די קלעפ וואס האט זיי פון דער מאסע ארויסגעשטופט און זיי אויסגעדרעהט צו דער זייט צו זוכען אן אייגענעם וועג, איז נויטיג דער וויסענדער וועג־ווייזער, דער קלעטערער וואס זאל האבען אויף איהם אן איינפלוס און זאל איהם אריינברייננגען אין זיין סביבה.

אז איהם וועט זיך דער מאסען־מענש שטענדיג דרייען אין א פאר'כשופ'טען קרייז, וואס וועט איהם קיין אויסלייזונג און רו פון זיין לאגע נישט געבען און בעסער נישט מאכען.

באפריי זיך, מיין פארערער, פון דער גענעלשאפט. געה אויף דעם וועג צו דיין אינדיווידואום. דארט לייכט דאס לעבען מיט זיינע פילע ליכטען אין די באצויבערטע ווינקלען פון דיין אינערען גייסט. דארט קומסט דו צום קוואל פון באפרידיגונגען און דו זעצט זיך אוועק צוזאמען מיט דיין אויסגעקליבענעם טרינקען און רוהען. דארט זעסט דו די הימלען איבער דיין קאפ, וואס שיינען אויף פאר דיר ווען זיי געהען אונטער, וואו זיי ווערען טונקעלער און העלער, וואו דו צעוואקסט זיך אונטער זיי און דיין גייסט ביי דעם קוואל וואו דו געהסט זיך אנטרינקען.

זעסט דו דיין זון, — לעבסט דו נישט אין די וועלטען פון אנדערע. דו לעבסט נישט מיט די געשמאקען פון אנדערע, דו

לעבסט נישט אונטער יענעמ'ס טרויער און אונטער יענעמס פרייד. דו האסט אלעס דיין אייגענס און דו קענסט יענעם ברענגען דעם גייסטיגען גענוס וואס עס פעלט איהם און אויפהייטערען איהם און דערפרייען איהם אין א וועלט פון דיר.

א, ווי קומט שוין דער טאג, ווען איך וועל דיך אזוי זען. אויף דיין קערפער וועל איך דופטענדע בלומען שיטען, כדי דו זאלסט שמעקען. איך וועל דיך אפהיטען אזוי ווי דעם אוצר פון מיין אייגענעם איך און וועל זיך באהעפטען צו דיר אין מיין ליבע.

און ווען דו וועסט אוועקגעהן פון מיר, וועל איך אויך זיין גליקליך מיט דעם באוואוסטזיין, אז עס איז שוין דא אזא מענש.

---

## די פרוי

און ווען ליידען איז אזוי געשטאנען און גערעדט, איז אויף דעם מארק־פלאץ שטיל געווארען. מען האט דורכגעטראגען א קרבן, א קרבן וואס האט נאר וואס געלאכט און זיך אונטערהאלטען, אויף וועמען מען האט געזאגט, אז ער לעבט גוט. ווער האט זיך עס געקענט גלייבען, אז דער אפענהערציגער געלעכטער איז א געמאכטער? ווער האט געקענט גלויבען, אז די נאענטע באנעמונג צו זיינע אייגענע, מיט וועמען ער האט זיך געפונען, איז א געמאכטע, אן ארויסרופענדע, נישט קיין אינערליכע? מען האט איהם מקנא געווען מיט זיין מאסקירט פנים, ווייל ארונטער האט מען נישט געוואלט קוקען. דאס איז געווען וואס זיי האבען געזען. נאך וואס האבען זיי געדארפט רעדען פון דעם וואס האט זיך באמת נישט ארויסגעוויזען און געלעגען אין א וועלט, אין א פארדרעמעלטע, נישט קיין עקזיסטירענדע, אין א וועלט, וואו ער, דער מענש, האט נישט געלעבט. וואס האבען זיי איהם געדארפט זעהן אנדערש ווי ער איז? נאר אין די צייטען פון שטורם האט ער זיך פארטראכט וועגען יענער וועלט וואס איז געווען אז אמת'ע און וואס איז איהם אזוי פיל אנגעגאנגען, אין וועלכער ער האט געלעבט באזונדער, ווייל אין שטורם האט ער דערקענט יענע פערזענליכקייט

וואס איז געווען זיין אמת׳ער איך, און ער האט געזעהן ווי יענער איך האט נאך גארנישט געגאסען, און פון דעם לעבען פון וועלכען ער טרינקט יעצט איז עס אזוי ווי ער וואלט פארוואנדעלט געווארען אין א חזיר וואס עסט מיסט. נאך העלפען האט ער זיך נישט געקענט, ווייל ער האט נישט געהאט דעם מוט אוועקצוגעהן פון די מיט וועלכע ער האט אין מיסט געלעבט. די אינסטינקטען זיינען געווען פארבונדען מיט אזוי פיל טויזענטערליי איינרעדענישען. דער גייסט איז געווען א פארקויפטער צו ווערען ער איז געווען א קנעכט, און ער האט נאך געקרעכצט אין יענע שטורם־צייטען,, ווען ער האט זיך דערמאנט אין זיין צווייטען איך, וואס איז געשטאנען אויסער איהם אזוי ווי א פרעמדער.

געקרעכצט אזוי ווי גרינגער זיך צו מאכען דאס הארץ, אזוי ווי מען זאגט אפגעבען א חוב פון באדויערונג, וואס זיין געוויסען האט געמאנט און מיט דעם איז ער באגנוגענט געווארען און ער איז צוריקגעגאנגען ווייטער לעבען ווי געווען. ער האט געטראכט, אז צענפאך שווערער איז יעצט אנצופאנגען א נייע לעבען ווי צוריקצו־געהן פון אלטען. און אמאל האט ער זיך געשראקען אליין צו בלייבען, און אמאל האט ער זיך בארעכטיגט, אז עס איז גוט אזוי.

אייניגע פארשטויסענע פון מארק, וואס האבען אפגעווארט דעם קרבן ביים ארויסגאנג, ווען מען האט זיך שוין ניט אומגע־קוקט אויף איהם, האבען ארויפגעלעגט א גרויסען שווארצען טוך אויף זיין ארים, און ליידען האט איבערגעלייענט די ווערטער וואס זיינען געווען דארט אויפגעשריבען. עס איז געשטאנען געשריבען: „דער קרבן פון די פרויען“.

אין דעם הויז איז ער געגאנגען, וואו ער האט קיין רו נישט גע־פונען. מיט דעם מענש איז ער געגאנגען, וועלכער האט חוזק גע־מאכט פון איהם, און ער האט זיך געקושט און זיך איינגערעדט, אז דאס איז ליבע. שמייכלענדיג האט ער מיט איהר גערעדט, ווען ער האט געדארפט שרייען פון ווייטאג און ער האט געשוויגען ווען ער האט געדארפט פאראכטען און שרייען.

ער האט געזעהן דעם פאלשען גייסט, וואס האט איהם פילבאר

געמאַכט ביי דעם גיסען פון זיין בלוט, און ער האָט עס פאַרטראַגען קומענדיג נאָך אַמאָל צום זעלבען מענשען, וועלענדיג אַלעס פאַר־געסען, אַזוי ווי אַ נאָר פון חלום. און איבער אַלעם דעם האָט זיך אויפגעהויבען זיין אונטערגאַנג, אין וועלכען ער האָט געלייקענט, ווייל ער איז בלינד געווען צו דעם. זיין אונטערגאַנג, פון אונטער וועלכען פאַרהאַנג ער האָט געשמייכעלט אַזוי ווי אַ נאָר, ווייל דער גייסט וואָס האָט איהם אונטערגעשטעלט איז געווען די פרוי, און דער מאַן אַלס נאָר איז פאַר איהר אַ באַפרידיגונג, פאַר וועלכען זי אונטערדריקט אין זיך דאָס מענשליכע צו צאָלען מיט זיין פרייז העכער פאַר דאָס מענשליכע שטעהט ביי איהר באַפרידיגונג.

באַפרידיגונג פון אַלע סאָרטען, צו וועלכע איהר גלוסט זיך אין דעם מאַן אַלס פרייז צאָלט זי, ווייל זי איז דער אָפּגאָט צו וועלכען זי באַרעכטיגט קרבנות.

זי זעט זיך נאָר דאַמאָלס אין דער ווירקליכקייט און אין אַן אויסערגעוויינליכער הויך, ווען אַ מענש ווערט באַנוצט פאַר איהר. זיין גייסטיגע ענערגיע ווערט איהר אָפּגעגעבען, מעג ער פאַרלירען גרויסע פאַרלוסטען און אַנדערע טוגענדען. פאַרקערט, ער איז דאַן פאַר איהר אַנגענעמער. אין זיין פאַרלוסט צוליב איר זעט זי דאָס געגצליכע איבערגעבענהייט צו זיך. און עס פאַלט איהר קיינמאָל נישט איין, אַז ער פאַרלירט, אַז ער זינקט נידעריגער און נידעריגער. איהר אַרט נישט זיין פאַרלוסט. זי זוכט איהר געווינס, און איהר געווינס געפינט זי נישט אַלע מאָל אין זיין לעבען, נאָר אין זיין אָפּפערען זיך צו איהר.

און איבער'ן גאַנצען מאַרק איז מיט רויטע בלוטיגע אותיות געווען אויסגעקריצט:

„אין דיין אָפּפער זע איך מיין געווינס. אין דיין אונטערגאַנג צוליב מיר, פיל איך מיין ווערט“.

אַ, וואָס האָסט דו דאָרט געטראַגען, דו טייערער, אין דיין גייסט באַהאַלטען, אַנגעגרייט פאַר די פרוי אַז דו זאָלסט איהר געפעלען? און געטראַגען האָסט דו טאַקע דאָס וואָס רופט אַרויס פאַרערונג און ליבשאַפט. און דו האָסט זיך אויסגעפוצט און דיינע

אויגען האָבען פרייליך עפּעס דערציילט, און דו ביזט נענאַנגען צו דער פרוי.

דאָס, וואָס דו האָסט זיך אַליין נישט געטרויט, האָסט דו געטרויט איהר. דו האָסט איהר גענומען פאַר אַ הילף, ווייל די האָסט זיך געפילט שוואַך און אומבאַהאָלפען אַז איהר, און דו האָסט פאַרגעסען, אַז צוזאַמען מיט איהר ביזט דו גאַרנישט, ווייל אַליין האָסט דו אויך גאַרנישט געקענט זיין.

און ווען דו זאָלסט זאָגען: שטאַרק ביז איך אין גייסט, און איך האָב אויך ליב די וואָס האָבען מיין גלייכען און דערפאַר ליב איך מיט איהר צו זיין גוט. — אָבער צו דעם וואָס דו טראָגסט די ליבע האָט אַן איינפלוס און די אַ פרוי האָט דאָס אודאי און אודאי.

קענסט דו שטעהן אונטער דער פרוי'ס איינפלוס אומבאַפלעקט אין דיין גייסט? דו זאָלסט קענען זאָגען: אויך אַן איהר איינפלוס וואָלטען מיינע טאַטען געווען די זעלבע, ווייל איך בין גערעכט אין דעם אמת וואָס איך טו?

איך וויים: אַ סך מאָל האָסט דו פאַראַכטעט דאָס, צו וואָס זי האָט דיך צוגעוואוינט צו פאַראַכטען, און דיך האָט געעקעלט מיט איהר צוויבער־שטעקעל פון איהר איינפלוס איבער זאַכען וואָס דו האָסט זיך נישט אָפּגעגעבען קיין רעכענונג.

איך וויים, ווי זי האָט געקוקט פאַר דיר דאָרט, וואָס דו אַליין האָסט גענדאַרפט זען, און זי האָט דיך בּיסלאַכווייז פאַרקויפט פאַר דיין געטרויען איהר.

זי האָט דיך פאַרקויפט צו זיך אַליין פאַר אַ פּרייז, וואָס האָט דיר קיינמאָל קיין רו נישט געגעבען און קיינמאָל קיין באַפרי־דיגונג דיר נישט באַצאָלט, און דו ביזט איינגעוואוינט געוואָרען צו דעם אַזוי ווי נאַטירליך, ווייל נאָכהער האָסט דו שוין גאָר אַנגעהויבען מורא האָבען. אין דיין הארצען איז געווען די מורא באַהאַלטען פון אַלעמען, אַפּילו באַהאַלטען פאַר דעם שטרייט פון דיין פאַר־שטאַנד.

ווייל אין צוזאַמענזיין מיט דער פרוי האָט זי דיך אויסגעלע־רענט אַ פאַלשע איינענשאַפט — איידעלקייט, און דאָס האָט נישט

געקענט זיין אנדערש ווי ענג פארבונדען מיט געהארכזאמקייט ווייל אין צייט פון דיין ערען זי, האט זי דיך געלערענט די לערע פון געהארכזאמקייט. דו האסט געמיינט, אז דאס איז די שפילעריי פון ליבשאפט. ניין, דאס איז געווען די שטריק, וואס זי האט אויף דיר ארויפגעווארפען אין דיין שוואכקייט און אין דיין אפענהערציגקייט. אין די צייטען פון דיין איבערגעבענהייט האט זי גע־שמיט א וואפע געגען דיר.

און שטענדיג, ווען דו האסט אנדערש געוואלט זיין צו וואס זי האט דיך איינגעוואוינט, ווען דו האסט צו עפעס אנדערש ערוואכט, אדער דיין נשמה האט דיך גערופען צו ענדערען דיין איך, צו קומען צו זיך נענטער, זיינען איבער דיר געהאנגען איהרע אויס־געלערענטע טוגענדען.

באפרייען זיך מיט אמאל מיט בייזקייט, אזוי ווי א לייב ארויס פון שטייג, האסט דו מורא געהאט, ווייל געוואוסט האסט דו נאך א לערע, אז דער טיראן לערענט אויך געהארכזאמקייט און אויך זיין געהארכזאמקייט שלעפט מיט זיך מיט אן איידעלקייט פון פאלגען, אן איידעלקייט פון שעפעלאך אין די אויפען פון וואלף. און דו האסט געוואוסט, אז וועה איז דעם, וואס שטעלט זיך אקעגען דעם ווילען פון איינעם פון די צוויי.

יא, אנדערש זיינען געווען די מיטלען פון טיראן, פון דעם אפענהערציגען, פון דעם פאראכטעטען צו דער שלאגען דעם, אויף וועמען ער האט געטראגען אנקמה, און אנדערש זיינען די מיטלען, מיט וועלכע א פרוי דערשלאגט דעם, וואס זי איז געגען איהם. אנדערש, אנדערע וועגען. א פרוי טוט עס נאך מאנכע מאל באהאל־טענער ווי א טיראן. ער וויינינגסטענס באשטעהט אויף זיין כאראק־טער און ווען ער שלאגט האט זיין בליק אן אויסזען פון שונא, אבער א פרוי קען שלאגען און איהרע אויגען זאלען לייכטען מיט דעם בליק פון א פריינד. זי איז פיל ערגער מיט דעם וואס זי באהאלט זיך. זי פארשטעלט איהר כאראקטער.

ווי אזוי זאלסט דו זיך באציען צו דער פרוי? דו זאלסט קענען זיין שטארק און נישט באאיינפלוסט צום שלעכטען אין דיין איך ווען דו געפינסט זיך מיט איהר? ווי אזוי קען דיין גייסט

בלייבען שטעהן אליין רעגירענדיג איבער זיך און דאך אינטערעסאנט און אנגענעם צו פארברענגען מיט דער פרוי.

דאס איז נאר וואס דו האלטסט אנגעגרייט אין זיך, דעם מוט, דעם כח אוועקצוגעהן פון איהר. זאל זי פילען דיין אפוועזענהייט, אזוי ווי דער הונגעריגער דעם געשמאק פון ברויט. דאמאלס וועט צווישען איהר און דיר קענען עקזיסטירען א לאגע פון געזונטען, גייסטיגען צוזאמענלעבען און אן אונטערדריקענדען איינפלוס פון איהר זייט.

אין דיין גרעסטער ליבע צו איהר זאלסט דו דאס האלטען; אין דיינע קראנקסטע טעג זאלסט דו דאס מיטנעמען. דיין אפּ־וועזענהייט וועט פאר איהר זיין די לערע פון באציהונג. דיין אפוועזענהייט וועט פאר איהר זיין די מורא פון דיין פארלוסט וואס זי וועט טייער האלטען.

און אין דיין ווידערקומען צו איהר, וועט זי די צייט זעטיגען מיט געזונטע בענקשאפטען און ליידען, מיט די אויסגוסען פון ערליכקייט, וואס א מענש פילט צו דעם, וואס איז גייסטיג שטארק און ריין און פון שאפען פון די ליבע־מאמענטען און צייטען, צוליב וואס דו און די פרוי קומען זיך אין די אידעען־וועלט צוזאמען, אום צו געניסען דאס, וואס עס קען נאר זיין צווישען אייך ביידע.

ווייל שענער ווערט דער מענש דארט וואו מען לאזט איהם נישט באליידיגען. שענער ווערט ער דארט וואו מען לאזט איהם נישט טרעטען. ער הויבט אן קוקען מיט אנדערע אויגען אויף הייליגקייטען, וואס זיינען גרויס, פאר וועלכע דער איינציגער קעמפט און אפערט זיך. און א פרוי פארערט ספעציעל דעם, וואס ווייזט איהר מיט א מעכטיגער האנט צו שעצען דאס הייליגע אין מענשען. אין יענעם מאמענט פון צוואנג צום גוטען ווערט געבארען ביי דעם מענשען די ליבע און די אומבאהאלפענקייט. די אומבאהאלפענ־קייט, ווייל אקעגען דעם גערעכטען וואס געהט באשיצט מיט מאכט האט דער מענש נישט קיין ווילענס־קראפט אלס געגענשטאנד.

ווען דו פאלסט, זאל דאס די פרוי נישט זעהן. אין דיין אומ־באהאלפענקייט לעבען איהר אנוועזענהייט איז זי צו דיר נישט דאס וואס זי דארף זיין. זי ארבייט זיך אויס א טעאריע, אז דער אומ־

באהאלפענער איז ווניגער ווערט און אמאל אין גאנצען ווערטלאז. זי ערט נישט דאס געפאלענע אין דיר, און קען נישט מיט דיר ווידער לעבען, געבענדיג צו געניסען דיר פון איהר גייסט.

אין דעם טאג וואס דו ביזט שוואכער געווארען און אומבאהאלפענער, פאראכטעט זי דיך. מעהרסטענטייל דאן ווען דו דארפסט האבען מיטגעפיל, ווען דו שטעהסט פאר איהר אזוי ווי א בעטלער מיט אויסגעשטרעקטע הענט, און דו ביזט שוואך, און דו דארפסט האבען אן אנדערער זאל האבען דעם גלויבען אין דיר, אז אנדערער זאל דיך ווידער אויפלעבען, אבער זי זעהט דיך א געפאלענעם: אין דיין ווידעראויפלעבען אנטוישט זי דיך.

און וואו איז די פרוי, זי זאל פירען דעם מאן צו זיין ווידער־אויפלעבונג און אויך אפהיטען מצד איהר די גאנצקייט פון זיין גייסט, די אומבארירליכקייט פון איהם פאר אייגענעם נוצען? איהם, וואס איז געווען אומבאהאלפען אליין ווייטער צו געהן? וואו איז זי, וואס זי האט נישט אויסגעשטעלט איהרע זיטליכע לערען — לעבען דער פרוי האב איך זיך געפיהלט אומזיכערסטען.

געהענדיג מיט איהר האט זי אויסגעשפרייט א לערע אונטער מיינע פיס, און ווען איך האב נישט געוואלט, האב איך געדארפט אוועקגעהן פון איהר. און אז איך בין געגאנגען האב איך געמוזט זיך מקריב זיין צו אן אפגאט, צו א געץ וואס איך האב קלאר געזען.

וואו איז די פרוי, האב איך געפרעגט, וואס זאל געהן מיט מיר נישט אלס וועגווייזער? איך האב נישט ליב קיין מיסיאנערען. זאל זי נישט וועלען גוטס טאן מיין נשמה, נאר לעבען מיט מיר גלייך אויף גלייך אין דער אידעען־וועלט. וואו איז די פרוי, וואס אויב זי קען נישט מיט מיר לעבען אין דער אידעען־וועלט, זאל זי האבען דעם מוט און די שטארקייט אוועקצוגעהן פון מיר, כדי צו געהן צו יענעם אפענערהייט, וואס וויל אויף אן אמת זיין רעפארמירט?

אויבערפלעכליך האט זי גארנישט, די פרוי צו מאן, ווען זי שטימט נישט איין אין זיינע אידעען, און זי זעט דארום נישט איין קיין שטערונג מיט איהם צוזאמען צו זיין, אבער צוזאמען־

זייענדיג אטאקירט זי איהם ביסלאכווייז און אלטעגליך און זי זעט, אז ער זאל זיך צופאסען צו איהר.

ווען זיין גייסט איז דערשלאגען און רעפארמירט און פארלירט זיין אינדיווידואליטעט, רופט זי עם הארמאניש.

אינדיווידואליזם און די פרוי, דאס איז די שטארקסטע מיס־פארשטענדניש צווישען זיי ביידע. די פרויען פאראכטען מער־סטען טייל די וואס זיינען אינדיווידועל געשטימט, און אין דעם צוזאמענלעבען מיט אן אינדיווידועלען מאן ליידט זי. זי איז פרעמד צום אינדיווידואליזם אויסער אין דער ליבע, פונקט ווי די געזעלשאפט אלס גאנצע. דערפאר טאקע איז די פרוי מער געזעל־שאפטליך ווי דער מאן.

איך ערווארט דעם טאג ווען איך וועל געפינען די פרוי פאלקאם דערוואקסען אין גייסט פון אינדיווידואליזם. איך ערווארט דעם טאג, ווען זי וועט אנדערש קוקען אויף דעם איינציגען און איהם אנדערש פארשטעהן.

עס וועט קומען דער טאג ווען איך וועל זיך ווארימען ביי איהר גייסט אן מורא און אן א פרייז. דאמאלס וועל איך איהר בענשען און באמת ליב האבען, ווייל צוזאמען מיט איהר אין דער אידעען־וועלט וועט מיר דאס לעבען זיין פיל פיל שענער און אינ־טערעסאנטער.

אבער יעצט זאל מען הערען מיין פאראכטונגס־רוף צו איהר. פון די טרעפ פון פאלאצען זאל מען איהרע סטאטועז ארונטערריי־סען. פון די גערטנער וואו דאס פאלק קומט זיך צוזאמען, זאל מען איהרע סטאטועז ארויספירען. נישט דאס שעהנע, דאס גרויסע, מוטיגע איז איהר פארקערפערונג. עס איז די אפנארונג פאר די אויגען פון פאלק. עס איז די שלעכטע ערציהונג איהר צו מאכען פאר א סימבאל פון גוטס. מעהר קרבנות דורך אומגערעכטיגקייט פאלען דורך איהר ווי פון פארהאסטע מלחמות. די פארשטעלונג וועגען איהר אין די סטאטועז אויף צו בעגייסטערען די מענשען איז מעהרסטען טייל א ליגען.

די אויסגעלערענטע פארעהרונג צו איהר גראבט אונטער די גע־רעכטע געגנערשאפט, וואס האלט געזונט דעם שכל.

די גערעכטע געגנערשאפט וואס זי רופט ארויס אין איהרע טאטען אין דעם לעבען פון איינציגען.

ווער בליקט איבער דעם אויסערליך געפאלענעם, אזוי ווי זי און ווער געהט פארביי איבער דאס אינערליך געפאלענע אזוי ווי זי?

איבער דאס אינערליך געפאלענע, וואס זי מיט איהרע הענט האבען געמאכט איבער דאס דערקענענדע אין מענשען וואס זי האט צובראכען.

ווען א מאן צוברעכט דעם מענשען, ווייס ער אז ער האט א זינד באגאנגען, און מען קען זי פון איהם אמאל אויך צונעמען. ווען עס פאסירט אז מען קען איהם מאכען פאר א בעסערען מענש, אדער ער אליין ווערט עס צוליב דעם געוויסען פון די קלעטערער.

אבער ווען א פרוי צוברעכט דעם מענשען, פאסירט מעהרסטען טייל, אז זי קען שוין קיינמאל בעסער נישט ווערען, ווייל זי האט דערפון פארגעניגען. זי טוט עס נישט אויס גרויזאמקייט. זי טוט דאס נאר אויס פארגעניגען, ווייל דער מאן קען פינסטער אין זיין הארצען זיין, אזוי ווי שווערע וואלקענס וואלטען זיך איבער זיין געמיט פארצויגען. ער קען בלייבען מיט דעם געפיל פון דער חיה, אבער ער האט נישט קיין איבערגאנג צו פארגעניגען פון דער טאט. די פרוי האט עס יא. די פרוי קען זאגאר ווערען זעהר צערטליך און ליבענסווירדיג, זי זאל קענען ווירקען אויף בעסערע מענשען, ווייל זי האט געלייטערט איהר נשמה אין דעם פארגעניגען אין דעם מאמענט ווען זי האט געטויטעט די דערקענונג.

די פרוי זעהט זיך העכער ווען זי באגעהט גייסטיגע ברוטאליטעט.

דער מאן האט נישט אין זינען, אז דאס געפיל פון גערעכטיגקייט שטעהט אויף זיין זייט, און דערפאר קען מען איהם איבערמאכען. די פרוי קען מען נישט איבערמאכען, איהר קען מען נאר פיהרען.

ווער אבער ביזט דו, דו זאלסט זיך אונטערנעמען צו זיין א פיהרער פון א מענשען? קענסט דו זאגען מיט פאראנטווארטליכקייט: פאר זיך אין מיין באציהונג צו דער פרוי שטעה איך העכער פאר

איהר? און דערפאר קען איך זיך פארטרויען אויסצופיהרען זאכען אין באצוג צו איהר, וואו מיין געדאנק און מיין גייסט פירען מיך מיט דער זיכערהייט, אז איך האב נישט פערדינט קיין פאראכטונג?

איך זאג עס דיר, ווייל נישט שטענדיג פארמאגסט דו דאס אום צו קענען זיין איהר פירער. אמאל קוקסט דו אוים לעבען איהר, אזוי ווי א חזיר לעבען א וואסערפאל, ווען דו לעבסט מיט איהר, אזא מין פאנאראמא שטעלט זיך מיר פאר א סך מאל מיט איהר צוזאמענקומען, ווען איך זעה דיך מיט איהר.

מיין ווארט איז נאר פאר דעם אנטוויקעלטען, נישט פאר יעדען. מיין ווארט איז נאר פאר דעם וואס איז זיך פארנאנדערגעוואקסען אינערליך אין זיין אינדיווידואום אזוי טיף, דאס ער זאל קענען מיט די קלוגשאפט פון זיין פארשטאנד באווייזען, אז ער איז אהן פעלערען אין זיין גייסט, און אין זיין באציהונג. דאמאלס זאל ער נעמען פאר די זיכערהייט פון זיך די אויבערהאנט איבער די פרוי אין זיין באציהונג צו איהר און אין דעם צוזאמענלעבען אונטער אלעם.

ווייט אין א ווינקעל, אין די טיפענישען פון זיין איך אוועקגעלעגט אזוי עס זאל נישט האבען אויף די געגענווארט עקזיסטענץ קיין ווירקונג זאל ליגען א פלאן פון פארטיידיגונג פון קאמף, זאל ליגען די צוגרייטונג פון די וואפען, ווען מען דארף זיי נעהמען צו פארטיידיגען זיך, ווען זי קערט זיך פלוצלונג אום און זי פאלט אן ווען מען איז אין א געפאר געטראטען צו ווערען פון איהר.

א, קיינמאל, קיינמאל, גיב זיך נישט איבער דער פרוי אהן באשיצונגס מיטלען ביזט דו דער הילפלאזער קראנקער וואס האט נישט קיין אנדער ברירה ווי ווייגען אין זיין שוואכקייט אין די צייט ווען זי פאלט אויף דיר אן.

האסט דו זיך איבערגעגעבען צו דער פרוי מיט אלעם, ביזט דו אין א שטורעם וואס קען דיך פארטראגען צום אונטערגעהן.

זי פירט דיך אויף די דערנער פון איהרע קאפריזען, און זי לעשט אוים דיין לעבען. די פרוי איז דער פאקעל וואס צינדט אן דיין נשמה און פארברענט איהר. באהאלט זיי פאר א סכנה, ווערסט זיי נישט באנוצען דארט וואו די פרוי וועט אויפהערען זיין

דאָס וואָס זי איז יעצט, ווען זי וועט אין אַן אַנדער הערליך ליכט אויפשיינען. אָבער יעצט, ווי אַזוי דו טרעפסט איהר, וועלען זיי דיר זיכער צוניצקומען.

דו, קלעטערער אין דעם לעבען און אין דעם צוזאַמענלעבען מיט די פרוי, דו וועסט זיי נישט באַנוצען דאַמאָלס ווען דו וועסט זיי נישט דאַרפען. אָבער דו וועסט זיי מעהר דאַרפען ווי נישט דאַרפען.

געה, לאָז מיך זעהן דיין פירונג איבער די פרוי. זאָל איך זעהן ווי אַזוי דיין גייסט הערשט מיט דער פרוי פאַר דעם וואָוילזיין פון אייך ביידען. קיינמאָל, קיינמאָל באַשטעה נישט זי זאָל דיך פיהרען. הער אוים איהר מיינונג וועגען רעכט און שטים איין צו איהר, ווען דו אַליין זעהסט עס אַזוי, ווען דו אַליין ווייסט, אַז דאָס איז דער וועג אויך פאַר דיין זוכען.

געטרוי זיך צו איהר אַז אין דיינע שפּילערייען. זיי נישט קיין צענזאָר איבער איהרע האַנדלונגען, איבעראַל און אין יעדע צייט. אָבער מאַך נישט אַלעס פאַר שפּילערייען, נעם נישט דיינע וואָפען אַזוי ווי אַן אַנפאַלער, אַז זי זאָל זיך פילען שטענדיג אין מורא פאַר דיר.

געטרוי איהר אַזוי לאַנג ביז די מאָס איז פאַרפול, מעג עס זיין ביז צום ערשטען מאָל. זיי אַ מענש אין דיינע האַנדלונגען, אַז זי זאָל נישט קענען אַנטייטלען אויף דיר אַלס דעם טרעגער פון שולד.

און איבער אַלעס שטעה אַז אַ זייט פאַר דיר, אין אַ וועלט וואָס געהערט נאָר דיך אַן, אַז ווען דו וועסט אַרויסגעהן פון דער וועלט פון אייך ביידען זאָלסט דו קענען אַריינגעהן אין דיינע, אַז דאַמאָלס ווען דו האָסט זיך אָפּגעטיילט פון איהר, זאָלסט דו נישט בלייבען אַרויסגעוואָרפען.

אָבער איז היינט דאָ די פרוי מיט וועלכער איך זאָל קענען געהן באַנאַנד, איך זאָל נישט רעדען פון איהר אַלס פון אַ צוקונפטס פאַרשטעלונג? ניין, זי איז נישט דאָ היינט. און דער שפּעטער איז פול מיט אומרוהיגקייט און שלעכטע פּראָ־פאַרצייהונגען. איך בין באַרייט אין מיינע וואָפען צו פאַרגעסען אַזוי ווי אין די פאַרגאַנגענהייט וואָס האָט מיך אויסגעלערענט זיי צו באַנוצען, אויב דער

נס וועט געשעהן און די פרוי זאָל וועלען אנדערש ווערען. אָבער היינט צו טאָג טו איך אָן מיין מאַנטעל פון איהר אוועקצוגעהן, ווייל זי באַליידיגט מיך, ווען איך בין דער אמת'ער מאַן. זי שטופט מיך אראָפּ, ווען זי דאַרף מיך אויפהויבען. ניין, נישט ביי איהר וועל איך מיין קאָפּ לאָזען רוהען און מיין געלעכטער זיך לאָזען אויסגיסען. נישט ביי איהר וועל איך מיינע ווייטאָגען אנטפּלעקען, ווייל ווען זי דאַרף זיי מיטפיהלען, קרימט זי זיך, אַזוי ווי עס וואָלט איהר געעקעלט.

אָה, הארץ מיינס, שלים זיך איין, פאַרציה זיך מיט א קאָרע לעבען די אנוועזענהייט פון דער פרוי וואָס איך האָב ליב, ווייל איך האָב מורה פאַר איהר. איך געטרוי איהר נישט. זי האָט מיך שוין אַ סך א סך מאָל אָפּגענאַרט.

טראָגט ארויס די סטאַטוען וואָס שטעלט זיי פאַר אין אידעאַלען ליכט, וואָס סימבאָליזירט זיי אלס פאַקעל־טרעגער פון גוטע טוגענדען. ניין, אויסער אלס מוטער איז די פרוי נישט דאָס וואָס פאַרדינט פאַרגעטערונג.

## די פרוי אין פריעדען און אין רוה

איך זעה עהרען די געטין פון פרידען, און איך באַקוק דעם ווענ פון דער פרוי אלס שאָפערין פון פרידען, דורך וועלכען מען שטעלט איהר אַזוי הויך ווי א גאָט. וואָס האָט זי געבראַכט פאַר מיר, איינציגען, אז איך זאָל פאַרזוכען דעם טעם פון פרידען, וואָס איז ווי פריהמאָרגען־טוי פאַר מיין נשמה? ניין, זי האָט דאָס פאַר מיר נישט געבראַכט. זי האָט ערוועקט דעם פאַרלאַנג צו פרידען ביי מיר, ווייל זי האָט מיך אומרוהיג געמאַכט, און איך האָב דערפיהלט דעם אונטערשיד אין די בענקשאַפט פון פרידען און אומרוה צו מיר. זי האָט ערוועקט אין מיר דעם קאָליר־אונטערשיד פון דיביידע טוגענדען. אָבער איז זי געקומען צו מיר מיט פרידען, וואו דאָס אומצופרידענע צוליב איהר ערוועקונג האָט געקראָגען אַן אויסגוס אונטער די רפואה פון פרידען וואָס זי איז באַשטאַנען צו ברענגען פאַר מיר? ניין.

נישט מיט איהר איז געווען פרידען אין מיין נשמה. מיט איהר איז דער פרידען פון מיר ווייטער, ווייטער פארפלויגען, אומרוהי־גער ביז איך געווארען. א, וויפיל נעכט פון שלאפלאזיגקייט, וויפיל יאהרען פון ביטערען וויי, וויפיל מאל קראנק איז געווען מיין נשמה דורך איהר? איז דאס פרידען וואס זי האט געבראכט פאר מיר, אז איך זאל איהר פארשטעלען פאר א סימבאל? ניין, א ליגען איז די סטאטוע, אן אוטאפיע, אפשר א ווירקליכקייט פאר די צוקונפט, פאר יענע פרוי וואס וועט אויפשטעהן אויף דעם גרויסען וועג.

א ווירקליכקייט פאר דעם וואס איך וויל זעהן אין דער פרוי. אבער היינט איז עס א ליגען, און מען דארף זי צוברעכען, ווייל עס שוואכט אפ דעם געפיהל פון קאמף און עס פארשאפט א פארעהרונג ביי די אומוויסענדע און זיי וועלען אויפהאלטען א פאלשע לעהרע.

אין איהר גופא, אין דער פרוי, פאר'סמ'ט עס די נשמה, ווייל זי קריגט א פאלשע איינבילדונג וועגען זיך. זי שטעלט זיך אויף אן ארט וואו זי דארף נישט שטעהן. זי מאנט פארדינסטען וואס זי איז נישט ווערט. זי מאכט פארוואורפען מיט דעם וואס איז נישט איהרם.

עס זיינען געווען צייטען ווען איך האב זיך אויך געפונען אין פרידען מיט איהר, אבער עס איז נישט געווען זי אלס די ברענגעריז דערפון, עס זיינען געווען די אומשטענדען וואס האבען אונז ביידע צוגעבראכט צו דער שטופע. עס איז געווען אונזער נעגענזייטיגעם באנגערען וואס מיר האבען זיך נעגויטיגט איינער אין צווייטען. אבער זי אליין אלס באשאפער דערפון אין מיין אייגענעם צושטאנד, אין דעם צושטאנד וואו דער צוזאמענגעבונדענער באנער איז נישט געווען, אז זי זאל קומען און זאגען: דעם אנגסט וואס איך קען פארמיידען וועל איך נישט צולאזען צו דיר, דיינע עולות פון מיר זאלען געשטערט און אויסגעהיילט ווערען פון מיין פרידען וואס איך וועל דיר ברענגען, און איך וועל דיר מיט א כונה נישט צו־שטערען דיין נוטען ווילען אין מיר — דאס איז זי געווען נאר איין מאל פון טויזענט. ווען זי איז דאס געווען איז דאס געווען די צייט ווען זי האט ערוועקט אין מיר דעם אונטערשיד פון פרידען און אומרוהיגקייט.

אבער געניסען דערפון איך זאל זאט ווערען און ליב קריגען איהר דערפאר, דאס איז קיינמאל נישט געווען.

אה, וויפיל מאל האב איך גערופען נאך דיר, ווען איך האב געדארפט פרידען, און דו האסט עס מיר געקענט געבען, נאר דו האסט נישט געוואלט! זאל איך דיך דערפאר האלטען פאר א סימ־באל פון פרידען?

זאל איך דיך דערפאר האלטען פאר א גאט, וואס צוליב דיין נשמה־רו האסט דו מיך ארייגעשלעפט אין א פרידען אין וועלכען דו, פונקט אזוי ווי איך, האבען עסביידע געוואלט? אזוי ווי זיצענ־דיג אויף א באנק פון צווייען אין א גארטען שטויסען מיר קיינעם נישט אראפ, ווייל מיר פארשטעהען, אז עס הארמאנירט פרידען.

דו וועקסט מיין הארץ נאך א ווייטע וועלט, קיינמאל קענען מיר זיך נישט באגעגענען. אין דעם דאזיין געפין איך דיך נישט. וועסט דו קומען אין דער צוקונפט פאר אנדערע, אדער דו וועסט בלייבען די אויביגע געשטאלט וואס דו וועסט יעדענם האפנונג נארען?

און פון דיר בין איך אפגעגאנגען און איך האב זיך אוועקגע־שטעלט קוקען אויף דיין פריינדין סאטיר אין איהר אפרו; סאטיר וואס האט מיך באגייסטערט, וואס האט מיך געוועקט, אז איך זאל צוקומען מיך חבר'ן מיט איהר אין דעם רוהיגען קוואל פון איהר פנים און שמייכעלהאפטע פרייד וואס איז געלעגען אויסגעדריקט אויף איהר אזוי ווי זי וואלט איינגעלאדען צו לאכען פון אלע צרות און צוזאמענקומען מיט איהר נשמה וואס געפינט זיך יעצט אין איהר אפרוה.

אה, סאטיר, פארגעסען האסט דו אן אלעס. עס זיינען אוועק די טעג פון האס און רכילות. שטורעמדיגע הימלען צווישען מיר און דיר האבען זיך שוין לאנג אויסגעלייטערט און שיינען העל, אט דו האסט באקליידט דיין גייסט מיט דעם קלייד פון אפרוה, אזוי ווי א יום טוב פון דאזיין, אן אויסנאם פון אונזער וואכעדיג לעבען. זאל איך דיר גלויבען, אז דיין פנים דערצעהלט אויף ואר, דאס אלעס? דו לאדסט מיך איין?

קום צו מיין קוואל און טרינק צו מיר, סאטיר. איך האב

וועקגעלעגט די שווערד פון שטרייט צווישען אונז ביידען, ווייל אין מיין אפרוה וועל איך מעהר געווינען ווי אין מיין שטרייט.

עס איז געקומען א יום טוב אין אונזער וואכעדיג לעבען. אין מיין אפרוה בין איך גרויס געווארען. דערקענסט דו עס דען נישט אין מיר?

קום מיט מיר אויף די זונען־פעלדער פון געדאנק און געפיהל. איך האב אין אלעם שלעכטעם אנגעהויבען לייקענען און איך האב זיך פארטיפט אין דער גרויסקייט פון מיין אפרוה.

אין מיין אפרוה האב איך זיך געלייטערט. זעהסט דו דען נישט ווי מיין פנים שיינט? דאס קען דיר איבערציינגען אין די אמת׳קייט פון מיינע רייד. אזא הייליגקייט קען נאר ליגען אויף דעם פנים וואס דער געפיהל איז נישט אפגענארט און דער געדאנק קומט נישט דורך קיין אונטערוועגען, אזוי ווי אין אן אנפאלער וואס שלעפט דיך אין דעם אפגרונט פון א תוהו־ובהו.

און איך, סאטיר, וועל נישט זיין גרויזאם צו דיר, און וועל דיך נישט ענטווישען. אין מיין נעסט וועסט דו זיך אפרוהען פון וועלטס שטרייט און מיינע אויגען וועלען דיך לאסטשען אזוי ווי א רפואה צו דיינע וואונדען. אין מיר וועסט דו אויסגעהיילט ווערען. אזוי רעד איך צו דיר, איך, סאטיר. קום צו מיר. מיינע מאוסקייטען האב איך אפגעלייקענט ווי פאר די טוגענדען וואס איך בין ווערט. יעצטווארט איך אין מיין רוה.

און איך האב אזוי געזאגט: א, סאטיר, ווי ציהט מיך דיין רוה. עס ציהט מיך צוליב א סך טעמים. איך בין מיד. אימער־צער דארף דאך מיך באנייען צום קאמף, ארויסציהען פון מיר די פיילען וואס מען האט אין מיר געווארפען, און אויך ציהט מיך צו דיר, ווייל עס קוקט אויס, אז מיט דיר קען מען א ניי לעבען אנהויבען לעבען. נאר איך וועל זיך נישט געטרויען צו דיר, ווייל איך שרעק זיך פאר דיין רוה. דו ביסט נישט אזוי ווי דו זאגסט, אז דו ביסט נישט אפגענארט אין דיין געדאנק שטעהט נישט אזוי ווי אן אנפאלער צו שלעפען מיך אין תהו ובהו.

האסט דו נישט דאמאלס, ווען איך האב זיך געווארפען אין

ליבעס־וועהען צו דיר, געפיהלט זיך אזוי רוהיג און אפגערוהט, ווי מיין ווייטאג וואלט געוועזען דער פלאנץ פון דיין רוה?

ביסט דו דען נישט דאמאלס, ווען דו ביסט נישט אין די ליבע הערשענד און גרויזאם, נישט אין א רוה וואס שטעלט דיך צופריי־דען און האסט דעם פנים פון א סאטיר, און דו וועקסט ביי אנדערע פארעהרונג צו דיר, ווען אין די זעלבע צייט קענסט דו פארמאוס'ן מענשען דאס לעבען, ברענגען זיי צו פארצווייפלונג. א, סאטיר, אפנארענד ביסט דו, ווייל איך קען דיינע טאטען.

ווען דער מאן איז הערשענד און גרויזאם און ווען ער ריהרט דורך יענעמס ווי איז עס אנדערש. ער ערוועקט חניפה, מורא און פאלשקייט. אבער דו ערוועקסט די ריינסטע, באהאלטענע געפיהלען וואס זיינען אידעאליסטיש, ווייל דו האסט דאס פנים און דעם אינס־טינקט פון א פרוי נוצט דו עס אויס מיט דעם געפיהל פון א טייוועל־גאט. א טייוועל רוף איך דיך, ווייל אין זיך טראגסט דו דאס אנ־פאלענדע אויף דעם וואס געטרויט דיר, און א גאט רוף איך דיך צוליב די געפיהלען וואס דו ערוועקסט, אז מען זאל קריגען צו דיר דעם צוטרויען און גלויבען.

דו ערוועקסט דאך ביי דעם מענשען אזעלכע געפיהלען דורך וועלכע ער גלויבט קיינמאל נישט, אז דו וועסט זיין אזוי גראב איהם ווי צו טאן. און אויך דיין פנים סאטיר ערוועקט עס איצט אין איהם, אבער ער ווייסט אויך אז דו ביזט געוועזען אם גרויזאמסטען.

דארט, וואו דעם מאנ'ס געפיהלען זיינען, דארט זיינען זיינע נעדראנקען און האנדלונג. אבער דו טראגסט אונטער דיינע נעפילען די פלענער.

דו פארפיהרסט דעם וואס גיט זיך צו דיר איבער. ביי דיר איז רעכט צו לעבען מיט אזא איינעם, וואס ליבט דיך, וואס איז אבער באמת גארנישט ווערט. עס איז נישט ער, ווען מען דו זעהסט. עס איז דו, וואס צוליב דיין ליבע זעהסט דו זיך אין א פיל גרעסע־רען ווערט. און מיט אזא איינעם קענסט דו פארברענגען צוזאמען און לעבען לאנג, לאנג. איז דאס דיין אפרוה וואס דו האסט אויס־געפונען אין די פארגעטערונג פון אן אנדערען, כדי אין זיינע טרוי־מען, אין זיינע געפיהלען צו דיר, זאלסט דו זיך שעהנער קענען

פארשטעלען אין דיין פאנטאזיע די באגעגעניש מיט א מאן, וועמען דו וועסט ליב האבען און אויך ער זאל ווערט זיין דיין פארעהרונג.

דאס איז דיין אפרוה, איך ווייס. אין דעם צווישען פון איהם אין דעם צווייטען צו וועמען דו בענקסט און דו פארפיהרסט מיך מיט דיין זיסען שמייכעל, כדי איך זאל זיין דער צווישען, אין וועלכען דו וועסט זיך אוועקשטעלען העכער צו געהן, אין דעם צווישען פון מיר און דעם צווייטען, מיט וועמען דו וועסט לעבען.

בלייב אזוי, זיין סאטיר, אזוי ווי דו ביסט. פון דער ווייטענס וועל איך דיך באטראכטען און איך וועל אין רוה זיך אפרוהען, קוקענדיג אויף דיין קערפער. איך וועל באוואונדערען דיין אויסזעהן און דיין בליק וואס ווירקט אזוי ווי א לייכטער, גליקליכער חלום אויף דעם געמיט פון מיר, דעם נישט גלויביגען אין דיר. אבער צו דיר נאהענט וועל איך נישט צוגעהן. מיט דיין נשמה וועל איך קיין פריינד נישט ווערען. אויסערליך ווירקסט דו אויף מיין עסטעטישען געשמאק אין דעם צוזאמענקומען מיט דיר וועסט דו דעם געשמאק אפטויטען.

האסט אנגעצונדען מיין נשמה און איך וויל נישט דו זאלסט זי פארברענען, וועל איך שטעהן פון דער ווייטענס פון דיר, אזוי וועלען מיר אפלעבען, איך מיט מיין ערוווארטונג אז דו זאלסט ענדערען דיין נשמה, און דו אין די פארלייקענונג אין דער נשמה'ס ווייען. וועסט דו אנדערש ווערען נאך איידער איך וועל שטארבען, וועלען מיר זיך ביידע צוזאמענקומען. אויב נישט, וועל איך מעהר פארמאגען אהן דיר. איך געה אוועק פון דיר, סאטיר, אין די בערג פון מיין אפרוה, דארט בין איך באשיצט און בין בעל־הבית איבער זיך אליין, און איך האב עם בעסער ליב ווי אין די שטורעמדיגע לייךענשאפטען פון דיין גייסט, וואס שטיקען מיך אזוי ווי מיט שטריק, און איך האב עם בעסער ליב ווי דיינע לאנגווייליגע שטונדען, ווען איך בין דיר איבריג צוליב אן ענדערונג אין דיין געמיט.

איין סטאטוע טראג איך פאר אייך פאר א געשאנק, דו זאלסט איהר אוועקשטעלען אויף די עפענטליכע פלעצער. די סטאטוע, אויסגעהאקט די פרוי, פארדעקט אין א מאנטעל, די פרוי אלס פארשטעלטע, די פרוי אלס אומבאשטימט און אומענטדעקט פאר

זיך אליין. זי, וואס באהאלט זיך אונטער גוטע טוגענדען מיט שאר־פע נעגעל, זי, וואס פארשטעלט זיך מיט א כונה וואס שלאגט דעם געשלאגענעם און דעם באליידיגטען אין די עפענטליכקייט און פרע־טענדירט גוטהערציגקייט פון עדעלסטען זארט.

זי טראגט א פארשטעלטע כונה, נאך אומענטפלעקט פאר איהר אליין, אבער דאך מיט דעם געבורט פון גהינום'ס ווייען, באזיגעלט מיט דעם טייוועלס האנט ווערט זי געשטופט אהן חרטה אלס בייזער גייסט אויף די, וואס זיינען איהרע קרבנות.

וויל די פרוי בעסער ווערען? ניין.

ווען די פרוי וואלט געוואלט בעסער ווערען, וואלט זי פאר א סמן קיינמאל נישט דערלאזט צו מלחמות, אז דער אינסטינקט פון פרויליכע ווייכקייט וואס מען רימט אזוי, איהר רחמנות און גוטהערציגקייט, באווייזט אז דאס איז אלעס נישט עהרליך גע־מיינט ביי איהר. זיי זיינען נישט איהרע טוגענדען.

די פרוי, וואס דורך איהר איינפלוס געהט א מאן אין קריג, די פרוי וואס דורך איהר איינפלוס וואלט זי געקענט אפשטעלען דעם מאן צו געהן אין קריג, זי איז גאר פול מיט פרייד און קריעגס־צייט און קיינער האלט נישט אויף אזוי דעם קריגס־גייסט ווי זי.

איז זי דאן אין קריגס־צייט אנטפלעקענד? איז איהר נשמה עהרליך אויפגעדעקט אזוי ווי זי איז?

יא, זי איז אפען אין קריגס־צייט, ווייל זי האט זיך נישט וואס צו שעמען מיט איהרע מיאוסע טוגענדען און זי האט נישט וואס מורה צו האבען פאר די פאראכטונג. צוריקקוקענדיג אויף די אויפ־פירונג פון פרידענס־צייט אין די באציהונג צום מענשען, קען מען זעהן, אז איהר גייסט איז מעהר צוגעפאסט צום קריג ווי צו פרידען, און ווען קריג וועט דאך אפגעשאפט ווערען אמאל, וועט אבער דאס פרידליכע לעבען זיין דורכגעווארפען מיט ביטערע שטרייטען צווי־שען מאן און פרוי וואו די פרוי וועט אלע מאל זוכען צו זיין די הערשעריז.

אין די ליבע וועט זי זיין אנגענעם אלס הערשער, און דער מאן וועט גארנישט האבען דאגעגען. זי וועט אבער נישט באַ־שטעהן, אז נאך די ליבע זאל זי פארלירען די מאכט, איינפלוס און

פארעהרונג וואס איז איהר געגעבען געווארען, און זי וועט דערפאר ביטער קעמפען.

די פרוי איז אזוי ווי א ריטער פון מיטעל־אלטער וואס קעמפט אונטער א שוץ שילד, ווייל זי ווייס אז עפענטליך מיט דעם וואס זי פארמאגט און זי האט וועט זי פארוואונדעט ווערען, פארוואונדעט ווערען פון די וואס וועלען זעהען איהר ריינע כונה.

און דיר, אין קאמף און אין ליבע מיט די פרוי, זאג איך אזוי אן: דו זאלסט נישט בעטען ביי דער פרוי קיין רחמנות, אויב דו ליידסט עפעס דורך איהר ווען זי האלט דיך אין טיפע וועהען. קעמף מיט איהר, פאראכט איהר, רעד מיט איהר, ווייז איהר אויף איהר אומגערעכטע זייט און אויב דו קענסט נישט, פאל באהאל־טענערהייט, אבער קיינמאל קום נישט צו אפעלירען צו דעם געפיהל פון רחמנות, צו דעם געפיהל פון איינזעהעניש, ווייל האלטענדיג דיך אין דיינע וועהען, האט זי פארגעניגען. און ווען זי וועט דיך זעהן אפעלירען צו איהר רחמנות־געפיהל, וועט עס געשמאקער מא־כען דעם פארגעניגען.

און אויב דו פארלאזט זיך דאך אויף דעם מיטלייד'ס געפיהל פון דער פרוי, און דו קומסט צו איהר יא בעטען דעם געפיהל און זי וועט עס דיר נאכגעבען, וועסט דו א טייערען פרייז דערפאר בא־צאהלען, ווייל דער מיטלייד'ס געפיהל האט אין זיך אזעלכע שא־טענס, אין וועלכע דו וועסט אויסגעהן, אין וועלכע דו וועסט פאר־שטיקט ווערען ביי די זייט פון וועמען דו קריגסט עס, און צעהנפאך ערגער איז עס נאך ווען דער געפיהל קומט פון א פרוי.

פאר'חלומ'ט פארגעהט די זון צווישען די וואלקענס. ווי וואונ־דערבאר שעהן דער הימעל איז יעצט, און איך טראכט ווען די פרוי זאל אנדערש ווערען! וויפיעל מאל שעהנער וואלט דאס לעבען גע־ווען, ווען מען זאל נישט האבען די שטרייטען מיט די פרוי טאג־טעגליך אין טויזענטער קלייניגקייטען, אין טויזענטער נישטינקיי־טען, אין וואס איהר נשמה טובל'ט זיך, ווען זי וואלט געגאנגען אויף דעם וועג פון איהר דערקענונג, מיטנעמענדיג מיט זיך די טוגענדען, וועלכע הויבען אויף און מאכען שעהנער דעם מענשען.

היינט, ווי קליינליך נישטיג איז דאס צוזאמענלעבען! אזוי ווי

דערשראָקענע האָזען אין די לעבער לעבען זיי. ווידער, ווידער, אַב־סאָלוט צום עקעל איז די אויסטייטשונג פון זייער צוזאַמענלעבען.

הימלען, שעהנע וואונדערבאַרע זייט איהר. מעהר און מעהר פאַרקוק איך זיך אין אייער אויסזעהן און איהר רייסט מיך אָפּ פון דאָס ערדישע. אין פאַרשידענע געדאַנקען פאַרטיף איך זיך, צו אייער ווידער־אויפגעהן אין דעם טאָג ווען די פרוי וועט אַנדערש ווערען, אין אייער ווידער־אויפגעהן אין דעם טאָג ווען די פרוי וועט נישט אָפּנאַרען, ווען דער מאַן וועט זיין זיכער, אַז ער וועט נישט דערשטיקט ווערען אין זיין אינדיווידואום דורך דער פרוי׳ס האַנט.

זאָל פאַרגעהן אַ טאָג נאָך אַ טאָג. זיי רעכענען זיך נישט פאַר מיר. אַלץ איז פאַר מיר איין שטיק, ביז דאַמאָלס ווען די פרוי וועט ווידער געבאָרען ווערען אונבאַפלעקט גייסטיג. אַ, דאַ־מאָלס וועט מיר אַ שאָד זיין דער טאָג און איך וועל ערוואַרטען דעם פריהמאָרגען, דאָרט וואו דער מענש איז גאַרנישט. וואָס פאַר אַ וויכטיגקייט קאָן פאַר מיר האָבען די צייט?

---

# די הייראַטה

ווען לײדען האָט דאָס אָפּגערעדט, האָט ער געהערט די קלאַנ־גען פון מוזיק, און ווען ער האָט זיך אומגעדרעהט צו זעהן וואָס דאָס איז? האָט ער געזעהן ווי מען פראַוועט אויף דעם מאַרק אַ חתונה פּראָצעסיע.

פאַרויס איז געגאַנגען דער פריידיגער פון דער הייראַט, און ער האָט פאַרגעשטעלט ווי אין דעם צוזאַמענלעבען אין די הייראַט ליגט דאָס פאַרשטענדניש צווישען מאַן און פרוי, ווי דער אויס־גאַנג פון מענשען׳ס געפיהלען קענען נאָר קריגען אַן אויסוועג, ווען מען פאַרבינדט זיך צוזאַמען אויף צו הייראַטען. ער האָט גערופען צום פאַרהייראַטען לעבען און געבענטשט עס, און ער האָט עס אָנגערו־פען די אויסלייטערונג פון די זוכענדע, דעם פלאַץ פאַר די אַפּרו־הענדע. ער האָט פאַרגעשטעלט אין העלע פאַרבען די איינצעלהיי־טען פון די הייראַט. דאָס קריגען אַ פריינד אין דעם מענש וואָס איז פאַראינטערעסירט אין דיר, דאָס אכטונג געבען פון איין צד

אויף דעם צווייטען. זיי האלטען זיך אין די ראמען פון מאראל, פון געזעצליכע פירונג פון פליכט צו פאמיליע, און דאס לעבען ווערט אויפגעהאלטען דורך דעם אזוי ווי עס וואלט געקראגען א העכערען ווערט צוליב די פליכטען, פון דעם פארטרויען צו דעם וואס נעמט אנטייל אין דיינע אינטערעסען, דעם גלויבען אין דעם וואס טראגט אויך א פליכט, וואס צווינגט איהם ער זאל דעם גלויבען נישט אפנארען. און עס הויבט איהם אויף אזא אופן אויף העכער פון גוטע טוגענדען. די הייראט, האט ער געפרעדיגט, דאס זיינען די פליכטען וואס צווינגען ארויף גוטע טוגענדען אויף די מענשען.

אויך האט ער געזאגט, אז אין די הייראט רוישט דאס לעבען. מען איז נישט איינזאם, ווייל עס איז פילקאליריג אין פליכטען און אין רעכטען.

ער האט אויך גערימט אין די הייראט די אייגענשאפט וואס מען פארטומעלט זיך, ווייל מען פארגעסט אן טויט. דא האט ער שוין געפרעדיגט פילאזאפיע. דענקסט דו וועגען טויט? האט ער געזאגט, איז שוין גוט אזוי ווי האלב טויט, און ווען דו פארגעסט פון טויט, קענסט דו דאס לעבען אויפנעמען צו יעדע צייט מיט א נייעם שטורעם פון געפיהלען און ערווארטונג.

נאך איהם זיינען נאכגעגאנגען די פארשידענע ווייבער וואס רעדען צו צו הייראט. זיי זיינען געגאנגען און זייערע אויגען האבען געלאכט מיט א נארישען גלאנץ, פארהאוועט, פארטאן מיט זייערע חושים אין די שמחה, אזוי ווי דאס וואלט געווען די אויס־לייזונג פון דער וועלט פון אלע איהרע צרות.

נאכהער זיינען נאכגעגאנגען די ריכטער מיט די נארישע פנים'ער און מיט פארשידענע קאלירען האר אויף די קעפ. זיי, וואס גיבען די ברכה אויף די קעפ פון די פארהייראטע, ווען זיי פארהיי־ראטען די פארלאך און גלויבען ווען זיי בענשען, אז דאס פאר־הייראטע לעבען האט געוויסע געזעצען צו וועלכע ביידע מוזען זיך אונטערווארפען, ווי צום ביישפיל: דער שלום אין דער פאמיליע, אדער די ליבע פון איינעם צום צווייטען. זיי ווייסען נישט אט די נארישע פנים'ער, אז שלום און ליעבע זיינען נישט געזעצליך, און עס קען גראדע דארט קומען וואו עס איז שטרענג פארבאטען, און

קיינמאל זיך נישט באווייזען דארט וואו עס איז ערלויבט און ווי עס איז ווינשענסווערט נאך די אויסרעכענונג פון אזא סיסטעמאַטישען לעבען, ווי די הייראט איז. צום ביישפּיל: אזוי האַרמאַניש.

און דאמאלס ווען זיי וויסען עס און מאכען זיך נישט וויסענדיג, וועלענדיג אַרויפצווינגען די הייראטס־איינריכטונגען, נישט ווילענדיג וויסען פון געפיהלען און באציהונגען צווישען מענשען, שטיצענדיג זיך אויף דעם געזעץ וואָס האלט זיי אין צוים און וואס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון ענג־דענקענדיגע מענשען אזוי ווי אין א שטייג. זיי וועלען סוף כל סוף דערפיהלען, אז זיי האלטען די לופט מיט זייערע געזעצען, נישט קיין מענשען.

שוין יעצט, היינט צו טאַג, איז דאס געזעץ אין דער הייראט נישט קיין פאקטאר אויפצוהאלטען שלום אדער אנדערע טוגענדען, וואו עס איז נישט דאַ קיין נעגענזייטיגקייט פון מענש צו מענש, ווען זיי זיינען פארהייראט!

דאס געזעץ שפּילט נאָר אויף אזוי ווייט א ראָלע, ווען מען דאַרף אויסאיבען צוואנג און האלטען די מענשען פארהאקט אין שטייג. דארט וואו דער פרייער ווילען האַרמאָנירט נישט און וויל זיך אויפבינדען אין פאַרהייראטען לעבען, קומט דאס געזעץ און גריבעלט זיך אריין אין דער נשמה פון געקריוודעטען מיט זיין פאַרוואָס און פאַרווען. דאס איז נאך א באווייז, ווי אזוי די געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען לאַזען נישט צורוה דעם איינציגען.

נאָך וואָס איז זיך דאָס גריבלען? ווען ער וואָלט ליב געהאַט דעם מענש פון וועמען ער וויל אוועק, וואָלט ער נישט געזוכט קיין וועגע אוועקצוגעהן. דאַרף ער דען די צושטימונג פון אַנדערע, ווען ער האַט שוין נישט די ליבע? וועט איהם דען דאָס וואָס עס פעהלט איהם ביי זיין ווייב, אַדער איהר ביי איהר מאַן געגעבען ווערען דורך א בינטעל מוסר ווערטער, אַדער מאַראַל פּרעדיגונג פון ריכטער וואָס איז אַליין גייסטיג פאַרדאַרבען.

דאָס וואָס דער מאַן קען ביים ווייב נישט קריגען, וועט איהם דער ריכטער זיכער נישט געבען און אזוי איז אויך מיט דעם ווייב.

יאַ, די קאָמישסטע פיגור ביזט דו, ריכטער אין באַצוג צו הייראַט. דו ביזט ווי אַ עק וואָס מען האַט נאָכגעהאַנגען אויף אַ

גרויס פארזעהעניש און דו מאכסט עס אומבאקוועם מחמת דו שלעפסט זיך נאך אומגעלומפערט. די הייראט פארטשעפעט זיך אז דיר און פאלט און הייבט זיך ווידער אויף מיט א פארבלוטיגט פנים און געהט ווייטער.

אזוי איז געגאנגען די פראצעסיאן. אין מיטען פון אלעמען, מיט גרויס גדולה זיינען געגאנגען די נארוואס פארהייראטע מאן און ווייב. זיי האבען זיך געהאלטען אזוי ווי עס דארף צו זיין, אז מענשען זאלען זאגען, אז עס איז שעהן אזוי. אין אמת'ן האבען זיי געמוזט זיך אזוי האלטען, ווייל וואלט איינער געפיהלט צו געהן נישט געארעמט, אדער גלאט אזוי זיך אוועקצוזעצען און אפרוהען, וואלט מען עס באטראכט פאר א טאט פון אויסער'ן וועג.

אין די ראמען פון די הייראט, אפילו דארט וואו עס פאסירט נארנישט, מוז מען זיך פיהלען געענגט און די נארען האבען זיך איינגערעדט, אז לעבענדיג צוזאמען קען מען לעבען שעהנער און בעסער.

שוין אנפאנגענדיג פון דער חתונה צערעמאניע, האבען זיי אויפגעהערט פריי לעבען. וועלען זיי זייערע געפיהלען און געדאנ־קען קענען פריי באוועגען, ווען זייערע באוועגונגען זיינען שוין פארצוימט?

אין די ראמען פון די הייראט, ווען מען וויל אנדערש לעבען ווי עס איז אויסגעטראטען, קוקט מען אויף דעם מיט חשד און שרעק און מיט דעם געפיהל פון זינד.

וואס איז די הייראט, צוליב וועלכען דער מענש זאל אויסגענ־נוצט ווערען אין איהרע געזעצען און אין איהרע זיטען ווען ער קען צעהנפאך פארשענערען דאס לעבען פארטוישענדיג עס אויף אן אנדער ארט לעבען, ווען עס איז איהם פארמאוסט און לאנגווייליג דאס נודנע גייסט פארהארטעוועטע לעבען פון די הייראט?

מיליאנען מענשען לעבען אין דער הייראט אם לאנגווייליגס־טען, אם שווערסטען אזוי ווי דאס אפקומעניש פאר פרעמדע זינד און ווען זיי זאלען עס ווען ענדערען נאך דעם אויסקום פון זייערע געפיהלען און געדאנקען, וואס וועקען זיי פון צייט צו צייט און רור־

פען זיי ערגעץ אנדערש, וואָלטען זיי פיל אידעאַליסטישער און קול־טורעל העכער געלעבט.

זיי נעמען זיך אבער נישט אונטער פאר דעם, ווייל עס פעלט זיי ווילען צו ווערען אנדערש. א מענש וועט בעסער צעהן יאָהר לעבען ערנידעריגט אין דער הייראַט, איידער איין מאָל זיך אננע־מען מיט מוט און לעבען אנדערש, אז זי זאָל איהם נישט שטעהן אין וועג.

מעהרסטענטייל ווערט ער אַזוי אויסגענוצט, אז ער קען שוין נישט געהן אין א באַזונדערען לעבען, אין א לעבען אויף דאָס ניי גייסטיג געבאָרען צו ווערען.

אין דער הייראַט ווערט דער מענש ביסלאַכווייז גייסטיג צו־בראָכען, און ווען עס קומט א צייט ער דאַרף זיך ריהרען און עפּעס טאָן פאר זיך, פּעסצושטעלען זיין פּאָזיציע אלס מענש, איז ער אַזוי ווי א קראַנקער וואָס האָט מורה זיך צו רירען פון אָרט.

אונזער קערפּער ווערט אָפּגענוצט פון די יאָהרען. אונזער גייסט ווערט אָפּגענוצט פון אונזער לעבען און אויף דעם געפעהר־ליכסטען אָרט איז ער אין דער הייראַט.

וואו ליידט נאָך דער גייסט ווי אין דער הייראַט? וואו מאַכט ער אַזוי פיל קאָמפּראָמיסען און בייגט זיין קאָפּ אַזוי ווי דאָרט? וואו ווערט ער אַזוי פיל ערנידעריגט ווי דאָרט אין דער הייראַט?

און ווען טרערען שטיקען פון באַליידיגונג, און בלוט טריפט פון ווייטאָג, פאַרברענגט מען נאָך מיט דעם מענש וואָס פאַראור־זאַכט דאָס.

צוליב וואָס?

מען פאַרלייקענט און מען דערשטיקט דעם אייגענעם ווערט צוליב אויסרעכענונג, צוליב פּאַסיגקייט, צוליב האַרמאָני, צוליב עפענטליכקייט. וואָס איז דאָס אַלעס ווערט אקעגען דאָס עפענט־ליכע אַרויסקומען און אויסשרייען צו אַלעמען: דער און דער האָט מיך באַליידיגט און ערנידעריגט, אַנדערש וויל איך לעבען. איהם האָב איך אפילו ווען ס'איז אומבאַקוועם צוליב די קינדער?

האָט דער מאַן וואָס האָט קינדער, אָדער די פרוי א קאָנט־ראַקט דורך זיי אויף די געפיהלען פון איינעם צום צווייטען?

קיין זאך קען נישט שטעהן אין וועג פון האנדלען און פירען זיך אין אזא ארט לעבען ווי מען ציהט פאר. עס איז נישטא קיין הייליגקייט וואס זאל שטערען די הייליגקייט פון דעם ארט לעבען וואס דער איינציגער קלייבט אויס.

אין דעם הויז פון הייראט בין איך געקומען און איך האב ליב געקראגען די פרוי, און דערפאר בין איך פאראכטעט געווארען צוליב די שטערונג פון די הייראט׳ס הארמאני. מען האט מיר גע־הייסען פארלאזען דאס הויז, דארט וואו איך האב ליבע געבראכט צו א מענשען וואס איז ליבע ווערט געווען.

ווען איך וואלט רכילות געטריבען און האס פארשפרייט, וואלט מען מיר אויך געהייסען פארלאזען דאס הויז.

און איך האב זיך אוועקגעשטעלט פארטראכט אין גארטען פון מיין איינזאמקייט און איך האב געזאגט צו זיך:

די מענשען אונטערשיידען נישט צווישען ליבע און שנאה, און פיל מעהר האט עס מיר נאך וויי געטאן וואס דאס זיינען געווען שוין ווייט געהענדע מענשען, מענשען וואס פרעדיגען קיצעלדיגע געדאנקען. זיי זיינען טריי זייערע געדאנקען און געפיהלען אונטער די שאטענדיגע בלעטער פון באקוועמליכקייט. אבער ווען עס קומט זיי אויס צו טרעטען בארוועס מיט זייערע געפיהלען אויף דעם פרוּ־ביר־שטיין פון אייגענעם זעטיגען פארלוסט, קענען זיי נישט פאר־טראגען דעם אמת ווי דער שיקזאל האט זייער אינדיווידואום ארייג־געשטעלט און זיי לאזען זיך אראפ צו דער נידעריגקייט פאר דור דורות.

א, וואס קען איך דען טאן מעהר ווי פאראכטען? איך פיהל, אז דאס איז א צו שוואך מיטעל צו באצאלען דעם מענשען פאר אלע עולות וואס ער באגעהט צו דער ליבע. פול מיט ערוואַרטונג שטעה איך ביי דער טיר פון מענשליכען גייסט ווען זי וועט זיך עפענען און איך וועל קענען אריינגעהן אהין מיט דער שווערער משא פון קיינמאל נישט ערפילטע טוגענדען און זיך דארט באפרידיגען. אבער איך וויל, אז קיינער זאל נישט קענען זאגען איך בין דער היטער פון די פרוויליכע מאראל, פון די געדאנקענלידע און פון די

זיטליכע, און אזוי אויך זאָל עס די פרוי נישט קענען זאָגען וועגען איהר מאַן.

ווער קען זיך דען אונטערנעהמען צו זיין א היטער פון זיטליכ־קייט איבער דעם מענשען מיט וועלכען ער לעבט צוזאמען? ער פאר׳מאוסט דאך איהם דאמאָלס דאָס לעבען און מאכט ענג זיין אינדיווידועלע אויסשפרייטונג.

ביי די ווענט פון דער הייראט וואַרט איך זיי זאָלען איינפאַ־לען, און מיט א הארץ פול מיט בלומען וועל איך באַגעגנען די באַ־פרייטע פון דארט.

ווענט פון די הייראט, איהר שטעלט אַפּ דעם פולס פון שטאַר־קען לעבען. אונטער אייער שאָטען קלאַפּט דאָס הארץ פון שלע־פעריגע און מידע מענשען.

איך וועל ווארטען אין דרויסען אויף דעם טאָג ווען האַנט ביי האַנט וועלען מאַן און די פרוי צוגעהן צו די טירען און זיי עפענען און זיי וועלען איבערלאָזען די הייראט אונטער זיך אַלס היסטאָרישע אנדענקונג.

שטיל איז זיך, אין דעם גאָרטען פון מיין איינזאַמקייט פאַר־טראכט איך זיך איבער יענער צייט, און שוין יעצט רוה איך אונ־טער דעם שאָטענדיגען אידעאַליזם וואָס וועט ווערען א חבר מיט דעם איינציגען. איך פיהל זיין דופט, ווייל איך אליין פארמאָג איהם. זיינע רוחות פאר׳שכור׳ן מיך, און איך באַהעפט זיך מיט יענער צייט אין מיין געדאנקען וועלט.

דאָס איז דאָך די איינציגע פארגיטיגונג פאר די נשמה וואָס בענקט נאָך בעסערס אין לעבען, די פאָרשטעלונג פון דער וועלט וועלכע מען וויל האָלט אויף די פרישקייט פון לעבען. וואָלט מען זיך נישט געקענט באהעפטען געדאנקענליך מיט דעם צו וועלכען מען שטרעבט, וואָלט מען געפּלאַצט פון וואַכעדיגקייט.

יעצט געה איך אוועק אין דעם גאָרטען זיך אפּרוהען. איך האָב ליב צו זעהן די ווייסע וואָלקען־פּלעקען אויף דעם בלויען הי־מעל. אין דעם גאָרטען האָט זיך באַזעצט א מין פויגעל וואָס מאכט מיך פאר׳חלומ׳ט מיט זיין אויסגעשריי פון די בוימער, אז ווען איך פארלאָז דעם גאָרטען בענק איך צוריק נאָך איהם. עס

פאלט מיר מאנכע מאל איין, אז דער פויגעל מוז ליבען, אז נישט וואלט ער נישט געהאט אזא געפיהלפאלע שטים און אין דעם שטי־לען, היימליכען גערויש פון די גארטען־בוימער הער איך זיך צו איהם איין.

---

## די סעקסועלע בעציהונגען

אזוי רעדענדיג האט ליידען אנגעהויבען ארויסגעהן פון דעם מארק, אבער ווען ער איז צוגעקומען שוין באלד ביי דעם ענדע פון מארק און ער האט נאך פון דערווייטענס געהערט דעם גערויש, האט איהם א פרוי אפגעשטעלט.

איך האב געווארט אויף דיר, האט זי געזאגט צו ליידענען. איך וויל וויסען וואס דו זאגסט וועגען די געשלעכטליכע פראגע און איהרע ליידענשאפטען.

ליידען האט זיך פארטראכט, די פרוי האט זיך לעבען איהם אוועקגעזעצט. זיין, ליידען, האט זי געזאגט. לאמיר רעדען אזוי ווי קלוגע פאר דעם אויספרואוו פון פארשטאנד.

ער האט זיך אוועקגעזעצט לעבען איהר און ער האט אזוי געזאגט:

די טיר פון דער הייראט ערלויבט איהר אריינצוקומען ביי א סך אונטער דער מאסקע פון ליבע. מערסטען טייל איז די הייראט א נעסט פון געשלעכטליכע ליידענשאפטען. אויסער די הייראט, אין פארבאטענעם מענשליכען פארקער איז זי נאך דעם בליק פון מאראל איבער דער פראגע אויך דער צייטפארטרייב פון מערסטען טייל מענשען.

ווען מען זאל וועלען זאגען אויף זיכער ווי אזוי דער מערסטער טייל פון די מענשען לעבען, וואלט מען געקענט זאגען, אז זיי לעבען אונטער דעם איינפלוס און אונטער דעם טרייבקראפט וואס די פארשידענערליי פאנטאזיעס און געפיהלען באשאפען אין זיי, און אין ביידע ערטער: צי אין דער הייראט צי אויסער איהר, ווע־רען פארטויבט אין איהם די גוטע טוגענדען וואס ער קען ארויס־

באשאפען פון זיך אויף אנדערע געביטען אונטער דעם טריבקראפט פון די געשלעכטליכע ליידענשאפטען.

דאס ווערען שוואך ביי איהם די געפיהלען צו עפעס אנדערש זיך אפצוגעבען. עפעס אנדערש ווערט פארטונקעלט ביי איהם אקעגען די צורייצטקייט און אויפהייטערונג וואס זיינע געפיהלען געפינען אונטער די ליידענשאפטען.

עס זיינען דא מענשען וואס געבען לעבען איהר אלעס אויף אין דער צייט ווען די אינטעליגענץ פון זייער גייסט האט דאס נישט געדארפט אויפגעבען.

לעבען דעם פייער פון דער ליידענשאפט לייקענט מען די גלויבענס פון זיך אליין.

לעבען דעם פייער פון דער ליידענשאפט פאלען די קלוגע אין אפגרונד.

וויפיל איינציגע גרויסע גייסטער האבען זיך געלאזט אנטאן אין איהר מאנטעל אין גאנצען נישט באגרייפענדיג, אז זיי געהען צום אונטערגאנג, גלויבענדיג אין די אייגענע כחות, איינרעדענדיג זיך, אז זיי שטעהען אין א מאס אין איהר באציהונג?

די ליידענשאפט פון נויטוועגדיגקייט איז דער הערשער איבער אונז, אזוי ווי אנדערע נויטוועגדיגקייטען, אויב מיר קאנטראלירען נישט די נויטוועגדיגקייט, וועט זי אונז דערשטיקען, פארלאנגענדיג פון אונז קרבנות.

די נויטוועגדיגקייט קען אונז איינרעדען, אז זי איז אלעס פאר אונז און ביסלאכווייז, אויב מיר קוקען זיך נישט אום אין צייט, געוואוינט זי אונז איין צו זיין אונטער איהר איינפלוס און די געשלעכטליכע ליידענשאפט איז נישט אויסגעשלאסען פון דעם געזעץ פון נויטוועגדיגקייט.

פיל שטארקער ווי אנדערע ליידענשאפטען דראט זי דעם איינציגען איהם אין גאנצען צו פארכאפען, און שטעהט אויף דער וואך ביי א געלעגענהייט אין איהם זיך אויסצוגיסען.

קען מען רעספעקטירען דעם מענשען אין דער באציהונג צו די ליידענשאפט, ווען ער גיט איהר אלע מעגליכקייטען? ניין, מען דארף איהם פאראכטען ווי אזוי ער קומט איהר אקעגען אין זיין

לעבען אין איהר, אפגערעדט פון חזרייען וואס ער באגעהט אונטער איהרע פליגלען מיט זיין קלוגען פנים, אפגערעדט ווי אזוי ער געהט איהר באגעגענען, אזוי ווי א חיה אין וואלד צינדט זי נאך אן ביי איהם א גייסט וואס ברענגט איהם אריין אין עקסטאז וועגען די געשלעכטס פראגע אלס דאס ליכט וואס באשיינט אלעם מיט א באזונדערע לאגיק, וואס האט צו איהם א באציהונג. ער געוואינט זיך איין צו מעסטען דעם מענשען דורך די בליקען פון דער גע־שלעכטליכער ליידענשאפט.

ווען א מאן פארהערט א מאן גייסטיג, אדער ער קריגט איהם ליב צוליב אנדערע אורזאכען, וואס זיין פילען ברענגט ארויס, אפילו ליב צו קריגען דעם מענשען׳ם שעהנעם קערפער וואס וויגט איין דעם געמיט אין א זיסען איינדרוק, מיר מענשען ליבען דאך אויך קער־פערליכע אייגענשאפטען צוליב עסטעטישען געשמאק. מיר קעמפען דאך דערפאר אקעגען די קראנקהייט. אבער זאל א מאן צוקומען און ערקלערען זיך אין ליבע צו דער פרוי צוליב די אויסגערעכענטע טעמים, אויסגעשלאסען פון דער געשלעכטליכער פראגע, וועט זי איהם חושד זיין, אז עס איז צוליב די ליידענשאפט וואס זי רופט ביי איהם ארויס, וועט זי גלויבען, אז ער צילט צו אן אנדער וועג, נאר דורך פארשידענע דריידלאך און אזוי וועלען אויך אנדערע מענשען קוקען.

די געשלעכטליכע ליידענשאפט שטעהט אפגעטיילט, אזוי ווי אנדערע ליידענשאפטען ביים מענשען איינע פון דער צווייטער. מען קען זיך באהעפטען וואס ווייטער און מעהר. מען קען אבער אויך צוזאמענלעבען און בלייבען שטעהן ביי די גרענעצען פון געוויסע ליידענשאפטען ווי דער מענש קען זיך צוליב פארשידענע אורזא־כען נישט צו זאמענקומען.

עס פארשטעהט זיך אז מיט דער פרוי וועלכע מען פארערט און מען האט ליב צוליב איהרע טוגענדען, דארף זיין נעהענטער און אנגענעמענער זיך צוזאמען צו קומען. פאר וואס זאל זיך דער מענש געהן אנווארימען אין א פרעמד הויז, אין דער צייט ווען ער קען עס טאן אין דער סביבה וואו ער פארברענגט, די אויסנאמס־צייט ווען זיין גייסט בעסערט זיך? אבער ווי געזאגט, עס איז א

באַזונדערע ליידענשאַפט וואָס קען שטעהן אומבאַרירט פון דעם מענשען מיט וועלכען מען קען צוזאַמענלעבען. עס איז אַ באַזונדערע ליידענשאַפט וואָס קען זיין דער וואונש פון דער פרוי נישט צו לאָזען אריין קוקען צו איהר אַ געוויסען סאָרט מאַן, און אַזוי קען עס אויך טאָן דער מאַן אין דער באַציהונג צו דער פרוי, און קיינמאָל קענען זיי דער פּאָר נישט געהאַלטען ווערען נאַריש און נאַאיוו. דאָס איז דער וועג צו זייער דערקענונג.

נישט דאָס האָב איך געפונען ביי די מענשען. קומט מען צו זיי מיט אַנערקענונג, זיינען זיי פול מיט חשד, אַז דאָס איז די טרייב־קראַפט פון דער געשלעכטליכער ליידענשאַפט. די פאַרעהרונג איז נאַר איהר מאַסקע. פאַרברענגט מען לאַנגע צייטען מיט אַ פרוי, אויסער דער געשלעכטליכער ליידענשאַפט, האַלטען זיי עס פאַר אומאַנטוויקעלט גייסטיג און קערפּערליך, און איז בעסטען פאַל נאַאיוו.

זאָל דער מענש מיך וועלען אויפרייצען מיט דער ליידענשאַפט, וויל מיין אייגענע ליידענשאַפט געפינט זיך אין אַ רוהיגען געמיט, אָדער אַנדערע ליידענשאַפטען בושעווען ביי מיר, וואָס לאָזען נישט צו צום פּלאַץ די געשלעכטליכע ליידענשאַפט, ווי צום ביישפּיל: ווי דאָס האַסען אין דער פרוי איהר מאָראַל פאַר אַנדערע און פאַר זיך. אָדער מען געפינט זיך כסדר אין שטורם פון טיפען דענקען. אָבער אין דער אויסמיידונג פון צורייצונג מיט דער כונה נישט צו ווערען באַאיינפלוסט פון דער געשלעכטליכער ליידענשאַפט, דאַמאָלס ווען מען וויל עס נישט.

אָדער די קלוגע אויסרעכענונג אַנטרונען צו ווערען פון דער הערשאַפט, וואָס די ליידענשאַפט ברענגט מיט. דאַמאָלס וועט די פרוי אומרוהיג מאַכען און פאַראַכטען דעם מאַן, וואָס איז גלייכגילטיג צו איהר רייץ.

ניין, נישט ליב קריגען קען איך די מאָראַל פון דער געשלעכטליכער ליידענשאַפט ווי אַזוי זי איז היינט ביים מענשען. נישט געטראָפען האָב איך דעם מענשען, וואָס זאָל אַנדערש קוקען אין באַצוג צו דער ליידענשאַפט, ווי איך האָב אויבען אויסגערעכענט. זיי פאַרגעטערען דאָס געפיל פון אַ זון צו אַ מוטער אַלס געשלעכט־

ליך ליידענשאפטלאז, שטענדיג צורעכענענדיג עס צו די טוגענדען אין נאענטע פארבינדונגען, וואס עקזיסטירען און שטעלען זיך איין צווישען זון און מוטער, אזוי ווי ער ווערט געבארען.

ווארום זאל צו דער זעלבער פרוי נישט קענען ווערען צוגע־רעכענט די אייגענשאפטען, אין וועלכע א פרעמדער מאן געפינט איהר דורך דעם געפיל און געפעלען פון זיין הארץ און שכל, אן דעם חשד וועגען די געשלעכטליכע ליידענשאפטען?

אויב עס קען זיין אפערונג, פארערונג, ליבע, דאס וועלען צוזאמען צו זיין און דאך נישט אין זינען צו האבען די באציהונג פון געשלעכטליכער ליידענשאפט צווישען מוטער און זון, קענען די טוגענדען און געפילען אויך זיין צווישען מאן און פרוי אפגע־טיילט פון דער געשלעכט־ליידענשאפט.

אויב מיר קענען באוואונדערען דעם שעהנעם געבוי פון א מאן, וואס ווערט אזוי ווי א סטאטוע אויסגעהאקט פון דער נאטור, אן דעם געפיל פון דער געשלעכט־ליידענשאפט, קענען מיר דאך דאס אויך באוואונדערען אין א פרוי, און פיל מעהר אנגענעמער איז דאס באוואונדערונגס־געפיל ווען מען לעבט מיט אזא מענשען אין גייסטיגער באציהונג.

אויב מיר קענען זיך פרייען מיט א מאן דורך זיין הומאר, פילענדיג זיך געביסען פון זיין סארקאזם, פארטיפענדיג זיך אין דעם אינטערעס פון זיין קריטיק און נישט אין זינען האבען די געשלעכט־ליידענשאפט דערביי, און שטעהן אויסער חשד וועגען דעם, טו פארוואס קענען די אייגענשאפטען נישט עקזיסטירען ביי דער פרוי, וואס זאל פאראינטערעסירען א מאן אין זיך און דערביי זאל אויך נישט זיין קיין כונה פון געשלעכטליכער ליידענשאפט?

די פרוי שטעהט נישט נידעריגער אין דער פעהיגקייט דאס צו פארמאגען. טאקע אמת, אז זעלטען קען מען עס ביי איהר געפינען. אבער ווען איך געה צו דער פרוי, זוך איך דעם גייסט צום ערשטען און נאר ער קען מיך אריינפירען זיך צו חבר'ען מיט איהר, און אויב איך קריג עס נישט, וועל איך ווארטען פאר דעם טאג, ווען זי וועט אויפוואכען, ווען זי וועט איהר אינדיווידואום ריין מאכען דורך די לייטערונג פון איהר גייסט.

ווען ער האט דאס אפגערעדט, האט ער צו איהר געזאגט:

עס ווערט שוין אווענד. די זון באשיינט מיט גאלד דעם מארק. ווי שעהן מוז יעצט זיין אין גארטען, אז דא ערוועקט זי אזוי פיל בענקשאפט.

ווארט, האט צו איהם די פרוי געזאגט. ווען דו קומסט צו מיר און דו ערקלערסט זיך אין ליבע, פארוואס זאל איך נישט גלויבען, אז אין דיינע פאנטאזיעס שטעלסט דו זיך פאר די צערט־ליכקייטען פון דער פרוי און די פארשידענע שפילערייען וואס דו ווילסט מיט איהר האבען? דאס איז דאך בארעכטיגט פאר דיר. יא. זיינען דאס די וועגען צו די געשלעכטליכע ליידענשאפטען? איז דאמאלס, ווען דו קומסט צו מיר און רעדסט וועגען גייסטיגער ליבע צו מיר, איז דען אמאל די גייסטיגע ליבע נישט די שליחות פון דיינע געשלעכטליכע פאנטאזיעס?

און ליידען האט איהר אזוי געענטפערט:

איך זעה, אז דו ביזט מיך חושד, און דערפאר מאכסט דו מיך אומרוהיג. ווען איך האב דיך ליב, פארוואס דארפסט דו קוקען מיט חשד אויף דעם זיסען גערוד וואס די ליבע ברענגט מיט זיך מיט? און ווען איך זאל האבען דעם געדאנק פאר געשלעכטליכע שפילערייען, קען איך דאס אויך קריגען ביי דער פרוי, וואס איך האב נישט ליב. און איך קען עס אויך ביי דיר קריגען אן דער ליבע.

מיינע געפילען פאר געשלעכטליכע שפילערייען אין דער פאנ־טאזיע זיינען סיי ווי פארהארטעוועט, און זיי ווערען נאר גע־עפענט אין דעם מאמענט פון נויטיגקייט. דאס ליידענשאפט־געפיל שפילט ביי מיר זיין זיסען נגון נישט אין די פאנטאזיעס, נאר אין דער ווירקליכקייט, און ביז איך אוועק פון דער ווירקליכ־קייט טרוים איך פון עפעס אנדערש.

די פרוי האט זיך אויפגעשטעלט. זיי געזונט, ליידען, האט ז יאיהם צוגעוואונשען, אויף מיין וועג האב איך דעם ערשטען מאל באגעגענט דעם, פון וועמען איך וועל א סך טראכטען. דו האסט פארפלאנצט אין מיר דעם ווארצעל פון נאכטראכטונג איבער דעם מאנ'ס געפילען. די זון פארגעהט שוין. עס ווערט שוין שפעט.

דו וועסט איהר שוין נישט באגעגענען אין גארטען, אבער מיט דיין גייסט מוז היימליך זיין סיי ווי סיי.

איך וועל קומען צו דיר דיך צו באגעגענען אמאל אויף דיין וועג אין גארטען און דאמאלס וועלען מיר זיך ווידער פארטיפען אין שמועס. איך האב דיר נאך א סך פראגען צו שטעלען און דו וועסט מיך אלע מאל רופען צו זיך. דאמאלס האט זי איהם א בלום אין האנט אריינגעגעבען, וואס זי האט זיך ארונטערגעבויגען אפצורייסען פון פעלד, און זי איז אוועקגעגאנגען.

ווען זי איז אוועקגעגאנגען פון איהם, האט ליידען איהר לאנג נאכגעקוקט. א סך מחשבות און געפילען האט זי אין איהם ערוועקט, און ער האט פאר זיך געטראכט, אז זי האט אויך א בענק־שאפט נאך דער טוגענד אין מענשען.

זי איז געגאנגען איינגעהילט אין א מאנטעל, וואס האט איהר אין דער ווייטענס פאר זיין אויג פארשטעלט, און די זון האט מיט גאלד איהר באגאסען און זיך אלץ מעהר און מעהר אוועקגערוקט צו די שפיצען פון די הייזער. און ווען די זון איז אוועק, איז א פאר־טראכטקייט געלעגען אין דער לופט און זי האט זיך מיט א שטיל־קייט פארשפרייט ווייט, ווייט אוועק, וואו דאס אויג האט געקוקט און ער האט איהר אלץ נאכגעקוקט.

זי האט זיך פארמירט ביי איהם אין דער געפילפאלער גע־שטאלט פון דאס אייביג מאנענדע ביים מענשען, דאס אייביג זוכענדע נאך דאס אידעאלע אין מענשען, ווען מען ווערט שוין מיד צו זיין נידעריג, ווען מען האט פארגעסען אן דעם געוויסען פון דער טוגענד. אזוי ווי אן אייביגע עקזיסטענץ רייסט זיך דורך א געפיל פון בענקשאפט נאך דעם ארט, וואו מען ווערט גייסטיג שעהנער אלס מענש, נאך דעם ארט וואו די ליבע און דער ווערט פון מענשען ווערט נישט פארלייקענט און געשענדעט און א געדאנס וואס מאנט די רעכטפארטיגונג פאר דאס לעבען, וואס הייסט זיך אריינטאן אין דעם תוך פון די באציהונגען און באהאנדלונגען, וואס שארפען דעם באגריף ווי אזוי מען לעבט אן פאראכטונג און האס און ליבע.

א געדאנק וואס בעט פארצייהונג פאר דאס וואס מען האט

אפגעטאן, זייענדיג גרייט צו לעבען ארוים פון דעם שלעכטס. וואס מען באגרייפט אין געפילען וואס האבען נישט אין זיך די קערנער פון אפנארונג, ווייל דאס הארץ שלאגט אזוי שטארק, אז עס קלייבט און ווארפט אוועק דאס פסולת פון איהרע פארלאנגען און שטעהט גרייט מיט איהרע אייגענע הענט וואכט צו באשיצען איהר ריינקייט און איהר געטרויען.

ער האט זי געזען אין דאס נייע אויפקומען פון געפילען און פארלאנגען און פון אינערליכער ריינינונג נאך וועלכער ער בענקט צו זען אין מענשען און ער האט געוואוסט פאר זיך, אז דאס זעט ער די סימנים אין איהר.

אה, דער מענש זוכט שוין! און עס איז איהם איינגעפאלען א געדאנק, אז אלעמאל האט דער מענש אזוי געזאגט. יא, אלעמאל, אבער נישט אזוי שטארק ווי יעצט. און אויך זיינען דא א סך וואס זוכען, זיי בענקען נאך אן אייביגער עטיק, נאך אן אייביגער טוגענד. זיי ווייסען א סך מאל וואס גוט איז, און א סך מאל האב איך זיי ליב פאר דאס וואס זיי פארמאגען. זיי פארלירען עס אבער. זיי ווילען אבער עס זאל אייביג אנהאלטען.

ביי פילע פילע איז נישטא די באדויערונג וואס זיי האבען געהאט, נאר דעם פארלוסט פון דעם.

געפילען, געדאנקען, אן אייגענשאפט וואס האבען אייביג געדארפט אנהאלטען, זיינען אויסגעגאנגען, און עס האט אריינגעבראכט טרויער צו דעם באאבאכטער.

א הומאר, א היימליכקייט, א פרייד וואס איז גוט און וואס דארף אייביג אנהאלטען איז איבערגעריסען געווארען. דאס איז געווען דער פארלוסט. איבער וואס איך זע דעם טרויער און עס זעט זיך ארוים די בענקשאפט.

און איך טראכט: צי האט זיך אויסגעלערענט דער מענש וואס וויל זיך אומקערען אפצוהיטען די הייליגקייטען? און צי האט ער זיך אויסגעלערענט זיי צו האלטען אייביג? צי האט זיך אויסגעלערענט דער מענש וואס בענקט נאך אן אידעאלען לעבען זיך פאר א ביישפיל צו שטעלען?

עס איז געקומען דער אנבאט פון דעם גייסט, ברענגענדיג

מיט זיך דעם מענשען. צום סוף קומט דער מענש וואס קען נישט אויסהאלטען דאס גלייכגעוויכט פון גייסט און קען זיך נישט פארגריבלען אין די וועגען כדי אויסצוקלייבען וואו ער זאל געהן און ער נארט איהם אפ.

ער איז אריינגעפירט געווארען פון גייסט און ער האט איהם פארלאזען ביי די ערשטע טריט אין דער באגעגעניש מיט זיין חבר. דער מענש האט א געוואוינהייט צו דענקען אז ער קען געהן אן דער הילף פון זיין גייסט. ער נוצט איהם נאר ווען ער איז אין א נויט. ער פארגעסט אבער, אז א סך מאל איז שוין צו שפעט, אז דער גייסט העלפט איהם נאר קלאגען איבער דעם פארלוסט, וואו ער איז גערופען געווארען מיט זיין שארפקייט הילף צו ברענגען.

מען דארף זיך לאזען פירען פון גייסט אלע מאל, און אם שעהנסטען איז דאס לעבען דארט וואו מען לאזט זיך פון איהם פירען צווישען די ראזען און זונענשיין פון לעבען אין די טיפענישען וואו אלעס לאכט נאך העל, וואו דער מענש איז נישט ערנידעריגט און אפגענארט.

מען לעבט פארשידענארטיג מיט טויזענטער אונטערשידען און דאך האבען אלע מענשען א געפיל פון בענקשאפט צו טוגענדען, אז זיי זאלען אייביג אנהאלטען.

אין וואס א מענש גלויבט און האלט, וועגען דעם איז צו דעבאטירען, אבער פון דער אנטוישונג וויל ער קיינמאל נישט ליידען. דארט, וואס עס פאסירט, פארלירט ער דאס גלייכגעוויכט פון געפיל און עס טוט איהם וועה איהר איבעררייס. דאס איז דער ארט, וואו ער בענקט נאך די אייביגע טוגענדען און טרויערט ביי זייערע גרענעצען.

און דער צוטרויען איז אויך א טוגענד ביי איהם, וואס ער בענקט נאך דעם אין אייביגקייט. ווער האט נישט געזען, ווי נידערגעשלאגען און באליידיגט דער מענש פילט זיך, ווען ער ווערט אפגענארט פון דעם וואס ער געטרויט? ווייל אין דעם מאמענט פון אפנארונג איז געווארען א גרענעץ צו דער טוגענד. מיט וועלכער ער האט געוואלט געהן און קיינמאל, קיינמאל נישט פארלייקענען.

דאָרט וואו די אייגנשאַפטען קענען נישט אויסהאַלטען ביים מענשען אייביג, אויף דעם אָרט זינקט דער מענש און ברעכט צוזאַמען ווען ער באַגעגענט זיך מיט זיי.

די אַכטונג איז אַ טוגענד וואָס דער מענש וויל אייביג און לאָזט זי זיך אויס פאַר איהם, ברענגט דאָס אַרויס זיינע געפילען צום קאַמף פון שטורם, און אַמאָל ביי דעם גרענעץ פון נישט באַ־קומען איהר מעהר, פאַלט ער ערנידעריגט, אַ געזונקענער, אַ באַ־שפּיגענער, אומבאַהאַלפּענער, מיט בלוט וואָס טריפט פון דער באַליידיגונג.

פון דער ליבע איז דאָך אַפּגעערדט. דאָרט וואו זי שטאַרבט אָפּ, לאָזט זי איבער צובראָכענע מענשען. דאָס איז דערפאַר וואָס זי קען קיין אייביגע טוגענד נישט זיין.

און דער ווילען נאָך דאָס געזונט דורך דעם גאַנצען לעבען מונטער און קאַמפּסלוסטיג צו זיין איז נישט די בענקשאַפט נאָך דאָס אייביגע?

און דער ווילען צו זיגען אויף דעם וועג פון קולטור פאַר די טרעגער וואָס לערנען זיך פאַרשידענע וויסענשאַפטען, איז דען נישט אַ טוגענד פאַר די אייביגקייט פון איהר זיין, וואָס זאָל זיך געפינען אין מענשען?

און צוקומענדיג צו דעם שלום, נעם איך זיי אַן פאַר אמת'ן, פאַר אייביגע אמת'ן, וואָס מען קען זיי נישט פאַרטומלען מיט פאַר־שידענע דריידלאַך, פון עקסטרעמע וואַרהייטען וואָס עקזיסטירען און אַרום וועלכע דער מענש וויל זיך באַזעצען און איינלעבען זיך, נאָר ער קען עס נישט דורכפירען דורך די קאָמפּליצירטקייט פון זיין גייסט און אינסטינקט וואָס דאַרפען נאָך האָבען אַן אויסריי־ניגונג אין קאַמף מיט זיך, אין דעם ראַנגלען זיך און אַרויסקומען דער זיגער אויף דעם וועג, צו וועלכען ער וויל צוקומען.

פון וייטענס האָט ער איהר געזען פאַרשווינדען, אָבער אין געדאַנק ביי איהם איז געבליבען דאָס געפיל פון אַן אידעאַל און וואָס זי האָט איהם דערמאַנט.

די זון איז שוין געווען אין גאַנצען אַוועקגעגאַנגען, און עס האָט דאָך דערמאַנט אין דעם טאָג וואָס איז נאָר וואָס פאַרשוואונ־

דען. דאכט זיך, אז די זון באשיינט נאך די שפּיצען פון די דעכער. און אין דער שטילקייט זעט ער שארף ארום דאס מאַנען, דעם פארלאנג זיך צונויפצוגיסען אין די אייביגע עטיק, און זי אין דעם מאַנטעל איינגעהילט שטעהט ביי איהר טיר און וויל אריין. עס ציהט איהר אריין, ווייל אין דער ווערטלאזיגקייט פון איהר לעבען האט זי זיך דערקענט, זי האט זיך אויפגעכאפּט.

אזוי טראכטענדיג, שפּאצירט ער צום גארטען. דער גארטען ליגט אין טיפער שטילקייט, נאר דער באקאנטער פויגעל שרייט זיין קול ארונטער פון די הויכע בוימער, און עס איז אזוי אנגענעם און זיס פאר דעם, וואס געפינט זיך אין גארטען. עס פילט ליידען׳ען פול מיט בענקשאפט אן. זיין קול מישט אוים די שטיל־קייט מיט היימליכקייט און עס לעבט דער גארטען פול מיט אייגענ־ארטיגען לעבען. דא זעצט זיך ליידען אוועק רוהען און נאכהער רעדט ער ווענען דער קלוגשאפט אזוי:

---

## די קלוגשאַפט

די קלוגשאפט איז אויך א טוגענד וואס דער איינציגער וויל, אז זי זאל קיינמאל נישט אוועקגעהן פון איהם, און ער, ווען ער ווערט אפּגענארט פון איהר, איינמאל, ווען זי שטעלט איהם ארויס א צונג, ווערט ער ביי זיך געפאלען און קליין. און ווען אפילו ער בארעכטיגט דעם דורכפאל אויף אמאל אין דער קלוגשאפט, איז ער דאך פארשעמט און מאכט זיך פארוואורפען. וואס ער האט זי פארלאזען.

דער מענש, אפילו דער קלוגער, קען נישט זיין ליבעראל געגוג, צו געבען זיין קלוגשאפט אן אפּרו, כדי ער זאל זען ווי אזוי ער קוקט אוים מיט דער נארישקייט. עס איז דערפאר, ווייל עס איז איהם אומבאקוועם פאר זיין אייגענעם געוויסען. ער וויל אלע מאל שטעהן גאנץ אין זיין איך, אומבארירט פון אן איבערפאל פון דער נארישקייט, צו זיין ביי זיך זיכער און שטאלץ אויף זיין געדאנק פון איהר, דער געשמאק פון דער טוגענד. ער וויל האבען אן איינהייט אין זיין פארשטאנד וואס זאל קיינמאל זיך נישט אוים־

גליטשען פון א שטויס פון דער נארישקייט, און ווען די קלוגשאפט פארלאזט איהם, זיינען די אומרוהיגקייט און די באליידיגונג פאר־שטעלט ביי איהם אונטער א געפיל, וואס וויל פארזיכערען די איינ־הייט פון זיין פארשטאנד. אן אויפרוף צו אומצופרידענהייט קלינגט אין די טיפעגישען פון זיין נשמה פאר א פארפאלקאמונג, אז די קלוגשאפט זאל זיין פארזיכערט אין איהם.

יא, דאס איז א בענקשאפט אין דעם מענשענס גייסט נאך דער אייביגקייט פון די טוגענדען, וואס ווארימען איהם און מאכען איהם זיכער און אינטערעסאנט אין דער באציהונג צום אייגציגען וואס אן דעם פארלירט ער זיך.

ער וועט, געהענדיג אויף דעם וועג פון פארפאלקאמונג זיכער זיך ערווערבען די טוגענד אין גאנצען.

צי פילט ער זיך באליידיגט און פארשעמט, ווען די קלוגשאפט פארלאזט איהם פאר די אנוועזענהייט און דעם קריטישען בליק פון זיינע פריינד? און ווען זיי וואלטען נישט געווען, וואלט ער געווען ליבעראל גענוג מוחל צו זיין די נארישקייט, וואס האט איהם ביי דער נאז געפירט, באראבטענדיג עס אויף דעם גרונד, דאס ווען קיינער זעט עס נישט, דאס ווען קיינער האט נישט געזען. ווען די נארישקייט האט איהם אנגעטאן איהר מאסקע, דארף ער עס פאר־געסען אין זיך, ווייל ער בלייבט אזוי ווי פריהער אין דער גאנצער קלוגער איינהייט אין זיין איך פאר די עפענטליכקייט, דארף ער נישט שטערען צוליב איין איינציגע, אדער עטליכע שטרויכלונגען אין וועג? דאס גאנצע, וואס איז די מעהרהייט וואס בלייבט דאך איבער ביי איהם, וואס איז מאנכע מאל באמת גרויס און הייליג, אז דאס זאלען זיין די בלעטער וואס זאלען פארדעקען די טאטען פון דער נארישקייט, דאמאלס ווען די קלוגשאפט האט איהם פארלאזען?

דאמאלס איז די פראגע זיך צו פארטיפען: וואס איז די פאראנטווארטליכקייט פאר די טהאט וואס ער איז באגאנגען: די גרויס פון די פאראנטווארטליכקייט, צו דער טהאט קען בעווייזען זיין כאראקטער, און עס קען אויפגעדעקט ווערען צו עס איז נישט מעהר געווען ווי דער טעות, וואס די נארישקייט איז דערפאר שול־

דיג, אדער איז די נארישקייט געווען דער מיטעל פאר דעם טעות וואס ליגט נאך טיף באהאלטען אין איהם? דאמאלס איז ער פאר־אנטווארטליך פאר די טאטען פון זיין נארישקייט פאר די פאלגען פון איהר.

ווייל ווען ער געהט זיך באשיצען ביי איהר, קען עס איהם נישט פארגעבען ווערען, אזוי ווי דאמאלס, ווען ער איז א קרבן פון איהר.

עס איז זיכער, אז דער מענש האט ליב די קלוגשאפט, אויס־געשלאסען פון דעם וואס ער באהאלט אונטער איהר אלע מאוס'־קייטען. פון דעם טיף וויל איך נישט רעדען, נאר רעדען וועל איך יעצט פון דער קלוגשאפט וואס איז א ריינע און אן ערענהאפטע, קלאר אזוי ווי קריסטאל, אין וועלכען דער מענש לייטערט זיך, דארט וואו מען באגעגענט זי מיט דעם מענשען וואס טראגט זי נישט אלס מאסקע, נאר אלס אויפדעקונג פון זיין טיפער אינערליכקייט.

און ווי אזוי ווערט ער באגעגענט, ווי אזוי ווערט ער באהאנ־דעלט אין דעם פארלוסט פון דער שלאכט וואס יעדער איינער פירט דורך אין זיין לעבענס־וועג?

ווי אזוי קוקען און באטראכטען איהם זיינע נאענטע, ווען זיין קלוגשאפט העלפט איהם נישט קיין זיגער צו זיין, און דאמאלס ווען די נארישקייט באקליידט איהם אין איהר מאסקע?

קלוגשאפט, דאס איז שטארקייט. אויך איז דעם פארלוסט פון דער קלוגשאפט ווערט דער מענש געטרעטען אזוי ווי דער שוואכער. ער פאלט ארונטער אונטער דעם כלל פון אלגעמיינע באגריפען, אז דער וואס פארדינט זיך גארנישט, דער איז שוואך. און פאר די שוואכע גילט די מאראל פון הפקרות.

איך האב איהם געזען, דעם קלוגען, ווי אזוי ער קוקט אויס ביי אייך און זיין שטרויכלונג ערנידעריגט און פאר'חוזק'ט.

אזוי ווי האניג האט איהר זי געלעקט, דאמאלס ווען זי איז געראנען פון איהם, אזוי ווי זיין קלוגשאפט וואלט געווען פאר אייער אונטערליינונג, אבער פאר'חוזק'ט האט איהר זי, ווען זיין קלוגשאפט האט איהם פארלאזען, אדער זיך אויסגעדרייט געגען אייך, אזוי האט איהר זי מערסטען טייל באהאנדעלט.

אבער פון דעם וואס איך וויל ריידען איז דאס איהר האט איהם פאר'חוזק'ט, אפילו דאמאלס ווען איהר האט זיך שוין מער נישט געקענט ווארימען לעבען איהם.

ווען דער קלוגער האט זיך אין זיין וויי געצאפעלט און איז געפאלען און אין אייערע בליקען וואס האבען איהם נאכגעפארשט איז ער קלענער געווארען.

פארוואס האט ער פארלארען צוליב זיין פארלוסט אויך א פארלוסט אין אייך? דאס איז ווייל איהר זייט נאך נישט צוגע־קומען צו אייער דערקענונג. איהר פארשטעהט נאך נישט, אז אויך נישט אין זיג זיינען דא קלוגע. זיין קלוגשאפט דארף נישט זיין אזוי ווי כאבאר אייך אפצוקויפען די פארערונג און דאס צוזא־מענלעבען.

אויך אין זיין געפאלענקייט איז ער נישט געווארען דער גע־פאלענער און ער פארשטעהט זי און ער זעט זי. ער איז אן אנדער טייל פון איהר און ער בענקט איהר צו פארלאזען די געפאלענקייט. אבער שוין אין יענעם מאמענט, אזוי ווי ער איז נאר נעפאלען, האט איהר אויף איהם אן אנדער בליק, וואס איהר קוקט אויף איהם פון דעם שטאנדפונקט פון זיין געפאלענער פאזיציע, און אורטיילט איהם מאנכע מאל דערשלאגענדיג איהם אין גאנצען.

אויך פונקט אזוי באהאנדעלט מען א שונא.

דער מענש דארף זיך קענען אויפהויבען אזוי הויך צו באהאנד־לען זיין געפאלענעם קלוגען פון דעם שטאנדפונקט פון א ווידער־געבורט פון דאס צוריקארייננטרעטען צווישען די בלומען פון לעבען, אז אויסגעהיילטער און אז אויפגעהויבענער. דער מענש דארף בעטען צו א ווידערמאכט צום געפאלענעם קלוגען, ער זאל קאנען זיין קאפ אויפהויבען, אום צווישען די בלומען פון לעבען ווידער קומען.

אה, וויפיל חשד איז געלעגען צום קלוגען באהאלטען, אומצור־טרויען צו איהם אפילו צום נענטסטען, וואס דער מענש האט אמאל געהאט, ווען דאמאלס ווען ער איז געקומען און ער האט אנפארטרויט זיינע געפילען? נאכגעקוקט האסט דו איהם, צי מיינט ער נישט

א כונה, צי טראגט ער נישט א באהאלטענעם ווילען אונטער דער מאסקע פון זיינע קלארע, שלייפענדע ווערטער?

צי איז ער אפענהערציג אין זיין לעבען, אזוי ווי אין די שעהנע ווערטער פון זיין קלוגשאפט? דער קלוגער ווערט נאכגעשפירט, אזוי ווי ער וואלט געשטאנען אונטער דעם קאנטראל פון אויפפא־סונג.

און טאמער איז נאר זיין קלוגשאפט א פאנטאזיע געבליבען. וואס צו דעם צושטאנד פון זיין ארט לעבען קען ער עס נישט צופא־סען, ווערט ער באטראכט אלס אפנארער צו זיך אליין. אבער מען קוקט אויף איהם פון דעם שטאנדפונקט פון מיטלייד.

א ריז קען אויך זיין דער וואס קאן נישט לעבען נאך זיינע באגריפען. א ריז קען זיין דער, וואס צאפעלט זיך אין דער טרא־געדיע פון קאמף אין זיין פארשטאנד, און דאך באטראכט ווערען פאר א נאר.

עס שטארבען די ריזען פון גייסט, אין די ערטער וואו די פליגען רוישען. ווער איז שולדיג ווען זיי האבען פארפלאנטערט א גייסטיגען ריז און ווער איז שולדיג ווען זיי ווערען באטראכט פון א פליגען־אויפפאסונג?

ווי אזוי מעסט איהר אן קלוגשאפט? אויסקלייבען דארף מען ווען צו געטרויען צו מעסטען. יעצט, אזוי ווי קלוגשאפט ווערט ביי אייך באטראכט, קען איך זיך נישט איינהאלטען פון ערנסטקייט און געלעכטער.

אז אך און וויי וואס איהר האט געמאכט פון פארשטאנד. איך וויל זיך אריינכאפען צו אייך און ארויסנעמען זי, די מאס פון באגריף וואס מעסט זי און ערגעץ מיט איהר אוועקפליהען און דארט איהר אויסלערנען ווי אזוי צו קוקען אויף די קלוגשאפט אין דער באציהונג צום איינציגען און ווי אזוי איהר צו באהאנדלען.

טויזענטער פארשידענארטיגקייטען זיינען די פארמען פון דער קלוגשאפט און אזוי פיל באציהונגען זיינען דא צו איהר. איך, אויף מיין לעבענס־וועג, ווייס זיך ווי אויפצופירען מיט איהר, ווייל דאס איז די זאך פון דעם איינציגען און דאס וואס פאסירט מיט מיר, קען מיט א צווייטען נישט זיין.

אבער דערפאר ווייל עס איז די זאך פון דעם איינציגען, וויל איך שטעהן און זען ווי אזוי דו באציסט זיך צו איהר.

איך שטעה און קוק און זע ווי פארשטויבט די קראפט פון דיין באגריף איז. מאנכע מאל עקעלט מיך פון איהר, ביי מיין נאענטסטען פריינד, ווער איך אמאל נידערגעשלאגען ווען ער ווייזט מיר ארוים זיין באגריף וועגען מיין קלוגשאפט.

איך האב געזען דעם שטיין, וואס איינער האט געווארפען אויף דעם צווייטען, דופענדיג אויף דעם אז ער האט געטראפען צום ווי טאן. ער וויל נישט ויסען, אז אויך ווי טאן קען מען דעם וואס איז גערעכט. ער האט זיך נאך געפיינט, אז קיינער קען עס נישט טאן צו דעם, ווען ער האט דאס געווארפען, ווייל מען דארף האבען דרך־ארץ פאר זיין באגריף.

איך האב געזען דעם וואס האט זיך איינגעשפארט מיט זיין פארשטאנד, מיט דער בארעכטיגונג, אז ער קען פארשטיין אנדערש און האבען באגריפען וועגען אן אנדער פירונג פון לעבען און לאכען פון דעם וואס פירט זיין לעבען דורך אמת און ליידט אין די שטרויכלונגען וואס ער טרעפט אן. ער ווארימט זיך ביי דעם אויווען פון זעלבסט־באשטימונג וואס איז דאמאלס אין דער באציאונג צום צווייטען א באליידיגונג און זאגט: מיין פארשטאנד איז דער אמת׳ער. איך לאך פון אלע פארשטאנדען.

און איך האב געזען די וואס האבען גארנישט, באדויערען די קלוגשאפט וואס איז דא ביי אנדערע וואס זיי געפעלט עס נישט. די קלוגשאפט האלטען זיי פאר זייער אונטערליינונג און זיי באדויערען איהם ווען זיי זיינען נישט פעהיג גענוג אויפצוהויבען זיך צו איהר.

און איינער האט אויך געפרעדיגט, אז באגריף איז א זאך וואס טוישט זיך מיט די אומשטענדען, אבער ווען ער איז זיך געגאנגען פארלאזען צו האנדלען אין די אומשטענדען נאך זיין באגריף, האט ער אפגעעקעלט מיט זיינע אויסטייטשונגען.

און צום סוף איז געקומען איינער, דוקא א גרויסער נאר, אבער א קלוג ווארט האט ער געזאגט, אז פארשטאנד קען מען נישט אפשאצען, וואס דאס איז אזוינס, ווייל עס איז נישטא קיין גרעניץ

צו דעם. מען קען פארשטאנד דרייען אויף פארשידענע זייטען אזוי ווי א קאטשערע און דערפאר ווער קען זיין זיכער, אז ער האלט נישט קיין קאטשערע, אנשטאט דאס פארשטאנד.

ווען דער באגריף געפינט זיך אויס, ווערט דער פארשטאנד קלאר, אבער צו קלוגשאפט קומט עס נאך נישט.

וויפיל מאל האנדעלסט דו נאך דיין באגריף נאך, אבער קלוג איז דאך נישט געהאנדעלט.

קלוגשאפט מיינט די ריינע פארטיפונג און גוטע טוגענדען און אויך זיי ארויסצוברייינגען ביי א צווייטען צו לעבען אין הארמאניע פון גייסט צו דער באציאונג פון יעדער זאך, וואס מען באגעגענט אין לעבען, פארטיפענדיג זיך אין אלע באגריפען וואס די גייסטיגע פאסירונגען פון לעבען ברייינגען ארויס און אויסקלייבען פון זיי די טוגענדהאפטע מיט די וואס דער מענש שטיינט ווירקליך העכער. צום ביישפיל, עס איז ריכטיג דער באגריף, אז איבער מיין שונא'ס פארלוסט זאל איך נישט טרויערען.

די קלוגשאפט אבער זאגט: באדויער דאס גוטע וואס ער האט פארלארען, וויל אין דעם וואס ער האט פארלארען, האסט דו קיין חלק נישט גענעבען אין זיין אנשטרענגונג ווען ער האט דאס באשאפען.

א שונא איז ער אין דער באציאונג צו דיר, קענסט דו איהם נישט לערנען, אז דיין אפשאצונג פאר זיינע הייליגקייטען זיינען ביי דיר אזוי פיל ווערט ווי ביי איהם.

אזוי אויך אין דער שנאה ביזט דו פריי פון פאראורטייל וואס נאר זינלאזע אינסטינקטען יאגען דאס ארויס. אויף גייסטיגע אייגענשאפטען וואס שטעהען רייז און אומבאפלעקט.

וואס פאר א שונא מיין איך, ווען צום ביישפיל, דיין פריינד וואס איז מיט דיר צוזאמען קוקט אויס דו זאלסט האבען א דורכפאל אויף אן ארט וואו דו ווילסט ארויפשטייגען. צום ביישפיל: צו וויסענשאפטען, צו ליטעראטור, צו ליבע אדער צו עהרען, דאמאלס איז ער דיר דאס א שונא. דאמאלס ווען דו פיהלסט דעם וועהטאג פון זיין געפיהל און דו הערסט אז ער אליין איז נעפאלען קלעטערענדיג אדער שטעהענדיג אויף איין ארט, אי'ז ער נעפאלען

נידעריגער. ער האט צום ביישפּיל פארלוירען ליבע צו דעם וואס ער האט זיך געאפּפּערט, אדער ער איז באליידיגט געווארען, ווען ער איז געווען גערעכט, אדער ער האט די היימליכקייט פאר עלענד פארטווישט צוליב פארשידענע אורזאכען.

דער באגריף זאגט דאמאלס, אז הערענדיג פון איהם, טרויער נ׳ישט. די קלוגשאפט זאגט אבער: טרויער, טרויער איבער דעם פארלוסט פון דאס גוטע, אפילו עס איז ביי דיין שונא, ווייל דאס נאך וועלכען ער האט געבענקט און געוואלט לעבען מיט דעם וואלט זיך פארמעהרט, אנשטאט איהם אפּגענארט, וואלט ער געווארען א בעסערער מענש און ער וואלט אויסגערייניגט דאס איינציגע אין זיין נשמה וואס מאכט איהם פאר א מאום׳ן שונא.

און די קלוגשאפט זאגט אויך דאס זאלסט דו פיהלען אין זיך אלס גאנצעס. דאס זאל ארומנעמען דיין נשמה, נאר געהן צו איהם זאלסט דו נישט, כדי פון דער ווייטענס זאל ער פיהלען דעם גע־שמאק פון דיין שטאלץ, כדי ער זאל קומען צו דיר נאך פארגעבונג און אזוי׳ אנאך ווען דו זאלסט וועלען, אויב דו וועסט געפינען גענוג אין איהם פאר זיך וועט ער צוריק נאך דיר ווידער אויפשטייגען אין דעם צוזאמען לעבען מיט דיר.

ווען צום ביישפּיל דיין שכן איז געזונקען אין מעלאנכאליע, נידערגעשלאגען און אין דעם בליק פון פעסימיזם אויף דעם לעבען, ווען ער ליגט אין אפּגרונד, דערשטיקט מיט אלע גוטע טוגענדען, פארגעניגען און טעות׳ן, און ווען ער פיהרט זיך נישט אויף זיטליך ווי דער באגריף זאגט, ווי צום ביישפּיל: עס איז געגען די ערוואר־טונג ווי ער באציהט זיך צו יעדער זאך, מיט דעם גוטמוטיגען ווייל ער נישט זיין פריינדליך און דעם גאסטפריינדליכען באהאנדעלט ער אזוי ווי א פרעמדער אהן אינטערעס, אין דעם קרייז וואו סארקאזם שארפט געלעכטער, גיט ער נישט אפּ אנערקענונג, דאמאלס קומט ארויס דער באגריף, אז אזוי ווי ער קען נישט אנטייל נעמען אין דעם גייסטס אויסברוכען אזוי ווי עס דארף צו זיין, זאגט דער בא־גריף מען זאל איהם אויסמיידען, אפּטיילען זיך פון איהם, ווייל ער שטערט דעם איינציגען אין זיינע הנאות און אין זיין קאמף.

אבער די קלוגשאפט קומט און זאגט אנדערש.

צי שטעהט ער נישט אמאל אהן אלעם, העכער פאר דיר מיט אלעם? זייענדיג געפאלען קען ער האבען מעהר ווערט פאר דיר.

ער האט גארנישט, אבער פארוואס וויל ער נישט עפעס קריי־גען וואס דו בארעכטיגסט פאר גוט, ווערטפאל, און ווען דו וועסט זיך אריינטיפען אין דיין גייסט, דארט וואו דו שטייגסט העכער, וועסט דו אפשר זעהן, אז דו ביזט ארימער מיט דעם וואס דו האסט ווי ער און דיין לעבען איז א קארטען־שטוב וואס יעדער קען אומ־ווארפען.

די קלוגשאפט רעדט מעהרסטען טייל אנדערש ווי דער באגריף, די פארשפרייטונג, אז אלזייטיג דענקען אין די פארטיפונג, אין די ווינקלען פון געגענשטאנד, דאס איז זי. זי לאזט זיך ארונטער און פארט צונויף זאכען וואס דארפען ערשט געבארען ווערען און לייגט נישט קיין אכט אויף דעם באגריף וואס הייסט איהר שאנעווען אפילו. ווען מיין באגריף זאגט מיר, קוש דעם מענשען וואס דו האסט ליב, פרעגט מיך די קלוגשאפט, צי איז ער גרייט פאר דעם? און זי בויט אויף די פארעהרונג פון מיר צו יענעמס וואונשען. ווען דער באגריף זאגט מיר געה צו דיין פריינד וואס דו האסט ליב, זאגט צו מיר די קלוגשאפט: וועסט דו נישט אויסזעהן קליינליך ביי איהם, ווען דו וועסט איהם נאכיאגען מיט דיין ליבע?

דער באגריף זאגט צו מיר: ווען מען באנעהט געגען דיר אן עולה, ביזט דו בארעכטיגט צוריקצוטאן אן עולה, אבער די קלוג־שאפט זאגט צו מיר: זעה דו זאלסט נישט קליין ווערען אין דיין אפרעכענונג.

באגריף איז דאס פארשידענזייטיגע. מען קען עס צופארען צו אלע געפיהלען, און קלוגשאפט איז די וואך איבער'ן באגריף, נאר זי דערקענט די אמת'ע געשטאלט פון באגריף און נאר זי קען עס קאנטראלירען עס זאל זיך אויסמישען אין הארמאני, מיט די טי־פענישען פון גייסט אין מענשען ווען ער קלעטערט העכער צו זיין אייגענער פארפאלקאמונג.

און איינשטיין שטעהט זי נאר איין וואו דער מענש איז נייס־טיג גרייט.

ווי אזוי זאָלען זיין די סמנים, אז דער און דער איז גייסטיג גרוים?

דאָס לאָז איך איבער צו דעם איינציגנען, וועז עס וועט איהם אויסקומען צו זיין לעבען דעם אָטעם פון דעם גייסט וואָס עס געפינט זיך ביי זיין חבר.

עס איז נישט דאָ קיין גרענעץ אין דעם שטייגען און אין די הנאה פון די טיפעגישען פון גייסט און נאָר דער איינציגער קען עס זאָגען ווען ער פיהלט עס און ער קאן אנדייטען אויף דעם מיט באַווייזען, פאַר זיין גייסט, אז דאָס איז דאָס גוטע, און ער קען זיך מיט אינערליכען גייסטיגען פערגעניגען באַפרידיגען מיט דעם וואָס עס קומט פאַר מיט איהם און זיין חבר מיט וועמען ער לעבט.

עס מוז נישט דוקא זיין אן אייביגע באַפרידיגונג עס זאָל זיין, אז ער לעבט גייסטיג הויך. ער קען איין טאָג אויך לעבען ענטגילטיג גייסטיג הויך, נאָר ער קען האָבען די סמנים, ווייל צו געבען איהם סמנים וואָלט געהייסען דאָס לעבען איהם מאַכען פאַר אַ ביישפיל, וועט זיך דער איינציגער אַראָפּנעמען אַ ביישפיל, וועט דאָס שטערען די אייגענאַרטיגקייט פון איינציגען. נאָך דעם באַגריף קומט אויס, אז עס איז גרינגג צו לעבען אזוי ווי דער צווייטער, אָבער די קלוגשאפט פראָטעסטירט אקעגען דעם. און ווענען די אויסטייטשונג פון באַגריף זאָל איך אזוי זאָגען: ביז צו די פאַרטיפונג אין זיך וואָס דער מענש קומט, דאָס איז באַגריף. מען קען דערפאַר כיט זאָגען, אז באַגריף קען זיין אן אויסטייטשונג פון רעכט, ווייל איינער קען באַגרייפען אַ זאַך זי זאָל נישט זיין ריכטיג. אויב אָבער עס איז אין די זאַך וואָס ער פאַרשטעהט נישט קיין ווייטערדיגע פערנאַנדערוויקלונג, דאָס אריינטיפען זיך אין די מעגליכקייטען עס צו ברענגען צו אַ בעסערען אינהאַלט און פאַרשטענדיגונג איז עס אויך די קלוגשאפט, ווייל עס לייזט ענטגילטיג די פראַגע.

אויף וועמען קען מען אָבער זאָגען, אז דער און דער האָט פאַרנאַנדערגעוויקעלט די ריכטיגע אויסטייטשונג? וואו ליגט זיין אוטאָריטעט און וואו קען מען אין אַלגעמיין זאָגען, אז דער בעגריף איז דאָ ענטגילטיג און דאַרף נישט האָבען קיין ווייטערדיגע אויסטייטשונג אויף דעם? דאָס דאַרף ווערען געטרויט דעם איינציגען

אין זיין אפשאצונג. צו לערנען איז נישטא וואס, ווייל דער איינ־ציגער דארף זיין גייסטיג אנטוויקעלט אליין צו קענען באהערשען מיט די מאס פון זיין אויפפאסונג די גרענעצען ווי וויים דער גע־גענשטאנד איז געענדיגט און אויב ער וועט דאך נישט זיין גערעכט, וועט ער ליידען א פארלוסט אלס זיין שולד אין דעם צוזאמענ־שטויס וואו ער וועט אויסאיבען זיין אומגערעכטיגקייט אין דעם קאמף מיט די אנדערע מענשען מיט וועמען ער וועט זיך צוזאמענ־קומען.

# דער טעות

ווען ליידען האט דאס אפגערעדט וועגען ווי אזוי מען באהאנ־דעלט די קלוגע און וועגען די קלוגשאפט אין אלגעמיין, האט ער גענומען רעדען וועגען די שיכות וואס דער טעות האט צו קלוג־שאפט.

האסט דו געגלויבט אין דעם מענשען אנדערש ווי ער איז באמת געווען דאמאלס, איז עס געווען דער טעות ביי דיר און קלוג האסט דו דאמאלס זיכער נישט געקענט זיין, ווייל ביי איהר איז קיין טעות נישטא.

די וועלכע זעהען אין דעם מענשען זאכען וואס זיינען באמת נישטא אין איהם, זיינען נארען, און אויך דו, אפילו דאמאלס ווי צוליב איינזעהעניש צו א פריינד האסט דו איהם דו דאך געטרויט אין דעם וואס איז ביי איהם נישטא, ביזט דו געווען א נאר.

איך וויים, אז צו אזא איינעם וואס מען האט ליב אדער אפילו מען איז מיט איהם צוליב פארשידענערליי אורזאכען, ווי צוליב היימליכקייט, נעגענזייטיגע הילף, צופעליגע באגעגעניש און גע־וואוינגענע פריינדשאפט צוליב העפליכקייט און נאך פילע אורזא־כען מיט וועלכע מען פארברענגט צוזאמען מיט א מענשען, אז דארט ווילסט דו געטרויען געוויסע אייגענשאפטען צו איהם וואס זיינען ביי איהם אין גאנצען נישטא. אמאל טוסט דו דאס צוליב דיין אייגענע נשמה־ווארימקייט, ווייל עס איז גוט צו פארברענגען מיט מענשען אין וועלכע מען גלויבט, אז זיי האבען גוטע איינענ־

שאפטן. אבער דו טוסט עס אויך צורעכענענדיג עס צו יענעם אהן דיין אייגענעם אינטערעס. דו רעכענסט עס אריין, אז יענער האט עס ווירקליך. דארט האסט דו דעם טעות.

נישט אין די קלוגשאפט איז דא דער טעות. די קלוגשאפט באטריגט מען. איהר צוטרעט מען און זי ווערט פארוואונדעט זע־הענדיג אז דער וואס האט געהאט די און די אייגענשאפט האט אי־בערגעדרעהט דעם פעלץ און הויבט אן לעבען אפילו געגען זיינע אייגענע פיהרונגען, איבערצייגונגען וואס זיינען אלעמאל געווען ריכטיג און קלוג אויסגעהאלטען. אפגענארט קען די קלוגשאפט ווע־רען, באפאלען אזוי ווי פון א משוגע׳נעם וואס האלט זיך גאנץ רו־היג, ווייזט נישט ארויס קיין סמנים פון בלוטלוסט און פלוצלונג כאפט ער אן זיין פריינד און פארגיסט בלוט.

אזוי איז די באציהונג פון דעם מענשען צו די אויסגעהאלטענ־קייט פון די קלוגשאפט. די קלוגשאפט איז דורך און דורך אויס־געהאלטען און ריין פון טעות׳ן. איז דער מענש שולדיג אין טעות?

יע, ער איז שולדיג. ער איז נים שטארק גענוג אין זיין כא־ראקטער צו קענען דורכפיהרען די גוטע אנווייזונגען וואס ער קריגט וועגען דעם מענשען מיט וועלכען ער געפינט זיך צוזאמען.

עס עקזיסטירט אין גאנצען נישט קיין טעות. עס עקזיסטירט אפנארעריי, שווינדעל, בלוטדורשטיגקייט, הערשען אונטערטעניג־קייט, חניפה, היפאקריטסטווע און פערשידענע אנדערע שוואכקיי־טען וואס רועהן אין מענשענ׳ס נשמה.

דער טעות איז דאך אייגענטליך א האנדלונג אין די צייט ווען מען האנדעלט אפילו שעהן און אנערקענענד דורך א טעות, ווען מען דערקענט נישט אין איינעם אז ער איז נישט ווערט אפפערענדע באציהונג, און דער גוטער, דער טוגענהאפטער, גיט איהם אוועק די ריחות פון זיינע טוגענדען, איז ער אין יענעם מאמענט א נאר פאר דאס אמת׳ע וואס עקזיסטירט און ער איז אין דיזעלבע צייט בלינד פאר די קלוגשאפט.

נאר אויף איין ארט בארעכטיג איך א טעות.

א טעות קען נאר עקזיסטירען אין די פיהרונג פון פעלקער.

ווייל אויף די וועגען פון געשיכטע ווי קלוג מיר זיינען, זיינען מיר דאך בלינד.

און ווען דער איינציגער האנדעלט אהן די זעהונג פון שטרויכלונגען אין וועג און דאך באגעגענט ער זיי אויפ'ן וועג, קען ער אויך נישט זאגען, אז ער האט געהאט א טעות אין זיין גאנג, ווייל גע־ענדיג האט ער געהאט א ציל. ער קען עס פארדרעכענען אז ער האט געהאט א דורכפאל, אויסערדעם קען ער עס פארדרעכענען, אז ער איז נישט געווען גענוג שארפזיניג באלד צו זעהן די שטרויכלונג אויף דעם וועג.

עס זיינען דא א סך זאכען פון די צוקונפט, וואס זייענדיג אין די קלוגשאפט קען מען זיי אנטפלעקען פריהער און מען קוקט אויף זיי מיט דעם פארשטאנד אזוי ווי אויף זאכען וואס האבען נארוואס פאסירט.

דער טעות, דאס איז די פארטיידיגונג פאר די מענשליכע שוואכקייטען.

טעות'ן זיינען די באווייזען פון אומזיכערהייט, און אזוי לאנג ווי דו ווערסט זיי האבען, ווערסט דו גייסטיגע גאנצקייט אלס איינ־ציגער נישט האבען.

ווען דו וואלסט דערקענט דיין טעות אין דעם מענש וואס דו האסט ליב, צו דעם וואס דו גיסט זיך איבער, אדער דו זעהסט אין איהם זאכען וואס ער האט נישט, ווען דו וואלסט דערקענט, אז דיין האפנונג איז א טעות, אז דיין ערוווארטונג איז אן אוטאפיע, צו־נויפגעשטעלט דורך טעות'דיגע געדאנקען, אז דיין בויען ווערט גע־בויט אויף א פונדאמענט פון שפינוועב, וואס די צייט וועט אומ־ווארפען דיין גייסטיגע געביידע, אט דאמאלס וואלסט דו דערקענט ווי באליידיגענד עס איז צו האבען א טעות. דו וואלסט דיר דעם פנים פארדעקט, ווייל דו וואלסט דערקענט דיין אומזיכערהייט, נים צו קענען וויסען, אז דו לעבסט באשטימט מיט דעם און וואס דו האסט צוטרויען, אז דו ווארטסט באשטימט אויף דעם וואס דארף אנקומען.

האסט צום ביישפיל א פריינד, און ווען דו ביזט קראנק, ער־ווארטסט דו ער זאל קומען צו דיר, און ער גענארט דיך אפ, אט

דאס איז דיין טעות. עס איז דיין שולד וואס דו האסט איהם אויסגעקוקט. דו האסט איהם גוט געדארפט קענען צי ער וועט זיכער קומען, צי ער וועט זיכער נישט קומען.

דו ביזט צום ביישפּיל אין א גערדיקטע שטימונג, ווען דיין גייסט בלוטעט פון פארבארגענע ליידען און דו זוכסט אוים איינעם וועמען דו האסט ליב און גלויבסט, אז דו וועסט דיין גייסט קענען אפּרוהען לעבען איהם און דו ווערסט ענטוישט קומענדיג צו איהם. ער וויל נישט אויפנעמען דיין געמים, פּיהלענדיג, אז דו ביזט א לאסט פאר איהם. איז עס דיין שולד פארוואס דו ביזט ענטוישט געווארען. האסט געדארפט זיין זיכער צו דער איבערגעבונג. דאס פארטרויען וואס דו טראגסט צו איהם אין דיין שווערע נויט וועט פאר איהם זיין אן ערלייכטערונג וואס דו ביזט מיט איהם, צי ער וועט זיך אויך מיט דיר קענען אינטערעסאנט מאכען, ווען דו דארפסט איהם און אפּקעהרען זיך פון אלעס אנדערע וואס ציהט איהם.

און אויב דו האסט דאס נישט געקענט זעהן אין פאראויס, און דיין הארץ איז פארקלעמט געווארען ביי די טיר פון דיין נשמה, איז עס דער טעות וואס האט דיך פארפיהרט. איז עס וואס דו האסט זיך איבערגעגעבען צו דעם ליגען וואס האט גארנישט עקזיסטירט און ווען דו ביזט געקומען לעבען אין איהם פראקטיש האסט דו איהם דערזעהן.

איך האב דיך געזעהן ווען דו ביזט קראנק געווען, גלויבען אין דיין שטארקייט, ווען דו ביזט געווען אנמעכטיג און מען האט פון דיר געשמייכעלט.

נארישקייט, דו האסט זיך געלאזט דאמאלס אפּנארען. דאס איז געווען דיין טעות.

דו וועסט זאגען דאס איז געווען מוט וואס דו האסט אין זיך אריינגעגעבען. עס איז אבער געווען מוט פון א ליגען. דער מוט האט נישט מעהר געקענט אויפטאן ווי דער רויך וואס צוגעהט פון א קוימען.

דו וועסט זאגען דו האסט זיך געגעבען האפנונג, אז אין די צייט ווען דו ביזט געשלאגען איז אפילו די האפנונג גוט.

ניין, די האפנונג פאר שוואכע איז נוצלאז, ווייל עס מאכט זיי נישט שטארק. מיט די האפנונג זיינען זיי די געפאלענע.

די האפנונג דאס איז דאס מיטעל פון דעם נאר. אויך דו ביזט געווען א נאר ווען אין דיין אונמעכטיגקייט האסט דו דיך געזעטיגט מיט שטארקייט וואס איז א פאנטאזיע פאר די צוקונפט.

אפשר איז דאס געווען דיין האס וואס האט גערופען די האפנונג. אפשר איז דאס געווען דיין נקמה וואס האט זי געזוכט. עס איז געווען דיין שוואכקייט וואס האט זיך געוואלט אנלעהנען אין דעם איינציגען פריינד אין די האפנונג פון די פאנטאזיע.

אבער יעצט, יעצט אלס דער געשלאגענער, אלס דער שוואכער, דער געפאלענער, האסט דו דיינע פיינד געקענט מיט עפעס שלאגען? האסט דו געהאט די אפרעכענונג? יעצט איז עס געווען דיין פארלוסט, און וואס שפעטער וועט זיין קען אויך דיין האפנונג א טעות זיין.

יא, ווען דו וואלסט דיין טעות דערקענט באלד אויף דעם ארט, וואלט איך דיך געזעהן פארשטעלען דאס פנים און דו וואלסט דיין אונזיכערהייט דערקענט און דו וואלסט געליטען איבער דעם וואס דאס לעבען האט דיך ארייננעדרעהט אונטער די זעג מילען פון מענשענס אפפאל, פון וועלכען דיר איז אויסגעקומען צו ליידען און צו זיין א קרבן.

אונטער די זעגמילען פון דעם מענשענ'ס מאוסקייטען, זיינען אהן קאנטראל און פול מיט אינסטינקטיווע טעוה, דארט וואו ער ווערט אנטפלעקט מיט זיינע שלעכטקייטען וואס ער פארבארגט זיי פאר דעם אויג פון דעם שטארקען און גלייכען מיט איהם, ווי ער דעקט זיי אויף, ווען ער דארף זיך נישט היטען פון א צווייטען שטארקען דרוק אום אנדערש צו זיין; ווען מיט זיין געוויסען ווערט ער משוה און פאר דעם שוואכען שעמט ער זיך נישט און גריבעלט זיך נישט אין יושר! דארט ביזט דו הייליג, ווייל דו ליידסט, אבער דיין האפנונג טויג נישט.

אה, רייס ארויס פון דיר דעם טעות. אין דיין בוזים ליגט ער. ער פיהרט דיך אויף א פאלשען וועג.

צושייד זיך מיט דיין נאהענטסטען, איידער צו לעבען מיט

איהם אין פארבלענדעניש. קענסט דו איהם נישט געטרויען, ווייל דו ביסט נישט זיכער, זוך זיין כאראקטער און געטרוי נישט אויב דו ווילסט איהם נישט אוועקלאזען.

אויב אבער דו מוזט האבען פריינד פאר היימליכקייט וועגען, אויב עס איז דא אין דיר די איבערצייגונג, אז אין גאנצען קענסט דו זיך צו קיינעם נישט איבערגעבען, מוזט דו זיך אויסלערנען ביי קיינעם נישט צו מאנען און מוזט זיך אויסלערנען אין דיר אליין צו קענען אויפבויען די וואנד, צו קענען זיך אנלעהנען ווען דו ביזט אין א נויט. דיין גייסט זאל זיין אזוי שטארק און שעהן אינער־ליך, אז ער זאל פארמאגען דאס פייער צו ווארימען דיך און זיך גופא.

דו זאלסט שטארק זיין גענוג צו קענען אויסהאלטען די קלעפ אין פארשידענע צייטען פון שוואכקייטען, זיך טולענדיג צו די אנ־דערע אייגענשאפטען אין דיר וואס זאלען דיך אויפהאלטען אין מוט, אז דו זאלסט נישט דארפען אנקומען צו בעטלען ביי מענשען מיט געפיהל, אנערקענונג אדער צושטרייטונג פאר די געפיהלען וואס טריפען מיט בלוט אין דיר און רייסען זיך אויסצוגיסען.

אה, זיי דו דער הערשער וואס קען צוטרעטען און באליידיגט ווערען און היט עס אפ מיט דיין שטארקייט, ווייל עס איז דיין הייי־ליגקייט.

ווען ליידען האט דאס גערעדט, איז ער ארויסגעגאנגען פון גארטען. אויף דעם וועג האט איהם באגעגענט א מענש און ער האט איהם געפרעגט:

קענסט דו מיר זאגען וואו עס ענדיגט זיך די קלוגשאפט, ליידען?

וואו דו אליין שטעלסט זיך אפ, האט ליידען געענטפערט.

---

## דער אינדיווידואליזם

די נאכט איז שוין געווען אנגעקומען. עס האט זיך אויסגע־דאכט, אז קאלטע שטערען שיינען אויף דעם הימעל. א קיהלער ווינט האט געמאכט די מענשען ערנסט און פארטראכט. סוף זר־

מער געהט שוין אוים. עס האט זיך שוין געפיהלט דער געשמאק פון ווייטען ווינטער.

וואו געהט יעדער איינציגער און וואס געהט יעדער איינציגער טאן? דא האט ער זיך פארטראכט איבער אינדיווידואליזם. זיינען דען אלע טאטען פון מענש אינדיווידואליזם? ניין, זיכער נישט. אנומעלט האט מיט איהם דעבאטירט א מענש, אז יעדער טאט וואס דער איינציגער טוט, דארף צוגערעכענט ווערען צו איהם אליין, ווייל אז ער טוט עס איז דאך עס אינדיווידואליסטיש. ווען איינער טוט א זאך וואס איז א מאסען־רעגעל, איז עס אויך אינדיווידואליסטיש געהאנדעלט. ער באשטעהט אויף דעם מיט זיין ווילען. ער טוט עס דאך פרייוויליג.

יעדער טאט וואס א מענש טוט איז אלגעמיין, נישט ארויס־געצוואונגענערהייט איז אינדיווידואליסטיש, אזוי לאנג ווי ער קלייבט זיך דאס אוים.

ליידען האט פאר זיך געטראכט, אז עס איז א ליגען. דער וואס האנדעלט פרייוויליג קען אויך נישט זיין אינדיווידואליסטיש. יענעמס טאט קען נישט זיין זיין אייגענע. פארוואס?

אפילו איינער האנדעלט נישט צוזאמען מיט א מאסען רעגעל. ער ברענגט ארוים געפיהלען און א שכל פון זיך גופא, אליין האנד־לענדיג מיט זיי קען אויך נישט זיין אינדיווידואליסטיש.

און ער דערמאנט זיך אן דעם ביטערען שמייכעל פון זיין דע־באטאנט און זיינע ווערטער. ווען אלע וועלען ווערען אינדיווידוא־ליסטען, ווייל עס וועט ווערען א מאסען איינפיהרונג, דערפאר איז א בארעכטיגונג, אז דער געדאנק וואס די איינציגע פון א מאסע פיהרען אוים, איז אויך אינדיווידואליסטיש.

אינדיווידואליזם, דאס איז די טיפע איבערציינונג, אז דער מענש ברענגט ארוים דאס גוטע פון זיך, אז ער האנדעלט בארעכ־טיגט אין זיינע טאטען, אז ער קומט ארוים ריין אין זיין גייסט, אקענען די פאראכטונג און קריטיק פון דעם וואס האלט זיך פאר דאס בעסערע: נאר ווען ער איז איבערגערעכענט, אז דאס וואס ער טוט איז דער פראדוקט פון זיינע גוטע אייגענשאפטען, וועלכע ער איז קלוג גענוג צו פארטיידיגען און אויפצואווייזען, אז ער האט

נעקענט האַנדלען אַנדערש, נאָר ער טוט אַזוי, ווייל ער האָט זיי איוסגעקליבען מיט זיין ווילען וואָס איז געוואָרען געמאָסטען מיט זיין קלוגשאַפט און אריינדרינגונג אין זיין נשמה, נאָר דעמאָלס איז עס אינדיווידואַליסטיש געהאַנדעלט.

ווען איינער פיהרט זיך איינגעאַרטיג און שלעכט, איז עס נישט אינדיווידואַליסטיש דערפאַר ווייל אין די אַרויסברענגונגען פון זיין גייסט איז נישט געווען דער אַנאַליז פון טיפע באַטראַכטונג. וואָרום וואָלט ער געווען, וואָלטען די האַנדלונגען זיכער אונטער זייער קריטיק נישט אַרויס, וואָלטען זיי זיך געמוזט ענדערען.

עס איז אַ פאַקט, אַז דאָרט וואו דער מענש איז אַנטוויקעל־טער אין זיין גייסט, דאָרט וואו ער קען זיך איינגריבלען איז ער בעסער, ביי די נאָהענטקייט פון טיפען גייסט, ווערט דער מענש שעהן און אויסגעהאַלטען ראַיעל אין זיינע באַציהונגען צום מענש, נאָר דאַמאָלס איז ער אינדיווידואַליסטיש.

יעדער טאָט, סיי אין האַנדלען, סיי אין ווערטער, וואָס דער איינציגער ברענגט אַרויס וואָס איז אַפשטויסענד פאַר דעם ריינעם געדאַנק איז נישט אינדיווידואַליסטיש, דערפאַר ווייל ער באַנעהמט דאָס אונטער אַ ווירקונג פון אַ מאַכט וואָס ער האָט נישט איבער דעם קיין קאָנטראָל. דאָס איז טאָקע זיין אייגענע אינערליכע מאַכט, אָבער ער פיהרט זי נישט דורך איבערדערכעטונג און פאַר־טיפונג אין זיך וואָס דאָס וואָלט איהם געמאַכט אינדיווידואַליס־טיש, נאָר ער ווערט געפיהרט פון דער מאַכט. ער האַנדעלט נאָך איהר וואָס איז נאָך רוי.

ווען אַ מענש איז נישט באַרעכענט, הייסט דאָס נאָך נישט, אַז זיינע פאַרלאַנגען זיינען טויט. זיי זיינען נאָר נישט דורכגע־נומען מיט די קלוגשאַפט פון טיפען גייסט און דערפאַר איז ער נישט אינדיווידואַליסטיש.

יאָ, אויך דער איינציגער אין זיינע טאָטען קען נישט זיין אינדיווידואַליסטיש און דער איינציגער אין דעם מאַסען־באַגריף קען עס אודאי נישט זיין. אויב עס איז נישט דורכגעגאַנגען דעם אַנאַליז פון זיין קריטיק, אַז דאָס איז דאָס גוטע צו וועלכען דער גייסט דאַרף זיך אַפגעבען.

ער זעהט דאס איבערגעבען זיך צו א שעהנקייט וואס אנדערע געפעלט, נו איז דאס אינדיווידואליזם? און, פארקערט, זאל דער־זעלבער מענש האנדלען נעגען דעם געפעלען פון אנדערע וואס איז טאקע אויף אן אמת אייגענארטיג, וועט עס איהם אליין פארדרי־סען. עס וועט זיין א שווערע לאסט אויף איהם.

זאל דער פריינד נישט קומען זעהן זיין פריינד וואס קומט פון א ווילען, פון ווען זיין אליין, אדער פון א ווילען וואס זיין ריי־נער אינדיווידואליזם פיהרט אין א וועג זיך אפצוגעבען אין אנדערע ווענען, וועט ער זיך פארוואורף מאכען פאר פארנאכלעסיגען און פארלאזען זיין פריינד. זיין אינדיווידואליזם וואס דארף איהם באפרייען פארוואנדעלט זיך דאמאלס אין א לאסט צוליב דאס גע־פיהל, אז דער פריינד האט געליטען דערפון.

מיט דעם צוזאמענגעוואקסענעם געפיהל און געדאנק, אז זיין אינדיווידואליזם הארמאנירט נישט צופרידען מיט דעם מענש וואס ער האט ליעב.

ער ערשיינט דאן פאר איהם מיט א פראגע צייכען, פארוואס? פארוואס שוועבען אויף די אומאנגענעמע זיך שלאגענדע געדאנקען. דעמאלס ווען מען וויל אדורכפיהרען די וואונשען פון אינדיווידו־אליזם. און ער דארף זיך אפגעבען א חשבון: צי זיינען זיינע אוים־רעכענונגען און די נייע האנדלונגען וואס ער געהט אנפיהרען אין באצוג צו זיין פריינד די אויסקלייבונגען פון זיין גייסט.

זאל ער נישט אכטען די געפיהלען וואס טוען זיי וועה, ווען ער פיהרט זיי דורך די צוזאמענבינדונג פון דעם נאהענטען מיט דעם נאהענטען מוזען אמאל ווערען אזוי אפגעטשעפעט, אז עס זאל לויז ווערען צו אטעמען און אמאל מוזען זיי אין גאנצען פריי ווערען אום צו דערזעהן זיך.

און אין באצוג צו פארלאזען זיך צו די האנדלונגען זיינען נור־טע, ווען איינער הויבט אן דורכפיהרען זיינע אינדיווידואליסטישע פלענער, די אויפפאסונג און די קריטיק דארף איבערגעלאזט ווערען צו דעם וואס קריגט די באציהונג זיינען זיי שלעכטע, וועט ער במילא אפגעשטויסען ווערען פון דעם, אויף וועמען ער איבט זיי

אוים. זיינען זיי גוט, וועלען זיי העלפען קלארער און פיל טיפער צו מאכען די נאהנטקייט פון זיך אליין.

אויך איז דא אזא איינער וואס קען נישט לעבען אזוי ווי אנדערע און וואס עס איז גוט. ער לעבט אויף אן אנדער אופן אינדיווידואליסטיש און דאך ליגט דער אינדיווידואליזם אויף איהם אזוי ווי א לאסט.

יא, א סך מאל האב איך געזען ווען די גוטע איינענארטינקייט נאך די אומשטענדען איז געווען א לאסט.

דאס איז געווען די בענקשאפט נאך דאס בעסערע, נאך דעם, אז דאס לעבען זאל רוישען איינענארטיג אויף א שענערען אופן. דאך איז עס זיך געווען געשעהמט מיט דעם אינדיווידואליזם.

דער וואס האט נישט גענאסען פון דער ליבע, וואס האט די איינענשאפטען אין דער נאענטקייט פון דער פריינדשאפט, נישט געפילט וואס איז אנטוישט געווארען, וואס איז זיך געגאנגען אנהענגען צו מענשען, אזוי ווי ארייננצוזאפען אין זיך די איינענשאפטען צוליב וועלכען עס זאל זיין מענשליכקייט העלפען זיך צו־צובליהען פאר דעם געגענזייטיגען אינטערעס. ער האט געוואלט ארויסגעהן און טאנצען זיין לעבענס־טאנץ צום גרוב, צוזאמען מיט דעם, אין וועלכען ער זאל זיך פארטיפען און ארויסברענגען די זאפט און געשמאק פון אינדיווידועלער נשמה־טיפקייט און שעהנ־קייט. דער וואס האט דאס אלץ נישט געהאט סיין מעגליכקייט צו קריגען און ער איז דאך געבליבען, טראצדעם זעענדיג וואס אנדערע איז עס יא געלונגען. א מענש מיט אן אינדיווידועלער נשמה ווי צום ביישפיל א בענקשאפט אין זיך נאך דעם, אדער א האס, אן אויסרעכענונג, אדער א פאראכטונג צו דעם וואס דורך דעם איז עס נישט צוגעלאזען געווארען צו איהם, זאל ער זיין אינ־דיווידואליזם אזוי ווי א לאסט נישט פילען. זאל ער ארויסגעהן און אויסשרייען, אז אויך ער האט איהם, טאקע א דערשטיקטען, א באליידיגטען, קיינמאל צו קיין אויסגוס נישט געקומען, צו קיין תיקון זיך נישט דערשלאגען, אבער אן אנערקענטען, א נישט פאר־לייקענטען.

א פארשידענארטיגע אינדיווידואליזם איז דא. מען דארף

נאר וויסען דארט וואו מען האנדעלט אליין און דאס וואס מען פירט דורך, זיינען די אויסקלייבונגען אויף וועלכע מען באשטעהט. מען דארף נאר קענען מאכען דעם קריטישען אנאליז, כדי פאר־ענטפערט צו ווערען פאר זיך אליין.

טראכט, דו קלארער נאכפארשער, פון זיך און ווייז מיר דיין אינדיווידואליזם. איך זע איהם דארט, אפילו וואו דו ווילסט איהם נישט און דו פארלייקענסט איהם און אויך זע איך, אז ער איז דארט נישטא וואו דו זאגסט אז ער איז דא.

וואס העכער דו וועסט קומען, אלס מעהר וועסט דו זיך דער־קענען און דו וועסט וויסען דעם אונטערשיד וואו ער וועט דיך ארויסקומען באגעגענען.

---

# די דענקער

עפעס פארטראכט קוקט אויס דער הימעל אין די לעצטע פריהלינג־נעכט און די גראז שמעקט נאך פריש און זאנפט איז די קיהלע לופט און איך האב זיך יעצט דערמאנט אין די דענקער.

וויפיל קעפ פון דענקער זיינען אראפגעהאקט געווארען פאר זייערע וועג־ווייזונגען! אבער וואו וואלטען די מענשען געקענט געהן א ה ן זייער אנווייזונג? נישט פון איין זומפ האבען זיי זיי ארויסגעשלעפט, אבער קליין איז געווען דער פלאץ וואס מען האט אפגעגעבען פאר זיי. דער דענקער האט זיך אלע מאל געמוזט אריינרייסען אנצואווייזען זיינע קלוגהייטען, און שטענדיג האט מען איהם באטראכט ווי אומגעבעטען.

וויפיל מאל איז ער געווען דער ערנידעריגסטער, ווייל ער האט געדענקט שטעהענדיג אין א זייט ארויסגעווארפען פון אנערקענונג, אזוי ווי דאס אפפאל פון אלע. הויך שרייט צו מיר דאס אמת׳ע ווארט, ווען פון שלעכטיגקייט אדער פון וואוילטאג פארזינקען די מענשען אין א מאראלישען אפגרונד, זיינען דאס די דענקער די, וואס ווארפען זיי די שטריק ארונטער, כדי זיי פון דארט ארויסצו־שלעפען.

און אויך אמת, שרייט צו מיר הויך דאס ווארט פון דענקער,

אז אין זייער טאנץ פון זיכערהייט מיידען זיי איהם אויס, ווייל אין זייער זיכערהייט ווילען זיי זיך צו קיינעם נישט צוהערען. זיי האבען נישט ליב די ווערטער פון איהם אלס שטראף־רייד, נאר אלס אנלעגונג, אלס הילף. דערפאר קומט עס, אז דער מענש וואס איז נאך נישט געפאלען אין די אפגרונדען פון ליידען, הערט זיך ווענינער צו צו די ריכטיגע רייד פון דענקער.

ער הערט איהם נאר, ווען ער זוכט אן אויסוועג.

אין דיין שוואכקייט האסט דו זיך גע'חבר'ט מיט דעם דענקער מעהר ווי אלע מאל. ווען דו ליגסט א צוטראטענער, אזוי ווי א ווארים, איז ער דיין חבר, ווייל זיינע ווערטער קענען זיין דיין גע־רעכטיגקייט.

ווען דער הימעל איז אזוי שווארץ און קאלט, ציטערען די שטערען אויף איהם, זע איך דאס אויסזען פון די דענקער. פאר זיי האב איך מיין אנערקענונגס־ווארט, פאר זיי האלט איך מיין חבר'שאפט. זיי זיינען שענער ווי די יוגענד, ווען אפילו זייערע קעפ זיינען שוין גרוי, ווייל לעבען זיי בליהט די יוגענד פון דאס איי־ביגע פרישע דענקען און עס קומט פון זיי די געדאנקען, אזוי ווי א פרישער קוואל וואס באדט די נשמה איהר יונג צו האלטען.

קיינער וואקסט נישט ווען ער דענקט נישט, נאר דער דענקער וואקסט, און ביי דעם קוואל וואס ער לאזט פון זיך ארויס, דערקען איך ווי הויך ער איז אויסגעוואקסען. פון די שטארקסטע זיינען זיי, ווייל זיי קענען דעם אמת אויסגעפינען און מיט דעם פון זיי וועל איך זיך חבר'ען וואס וועט מיר געפעלען מיט דעם אמת וואס ער וועט ווייזען פאר מיר, און לעבן איהם וועל איך זיך אוועקזעצען כדי מיין מידקייט צו פארטרייבען, וואס איז אנגעפאלען אויף מיר אין זייער אפוועזענהייט.

און פאר זיך רעד איך יעצט אזוי:

יעדער אידעאל פארוואס די מענשען זיינען זיך מקריב געווען, איז שטארק געווען צוליב דער פילאזאפיע אויף וואס זי האט זיך אנגעלענט און געפאלען זיינע אלע די וואס האבען דיזען שוץ־שולד נישט געהאט.

די איינצעלנע שטייגען קיינמאל נישט אהן דער פילאזאפיע.

די שטופע פון זייער אנטוויקלונג, דאס איז נאר זייער ארט דענקען. קיין אנדער שטופע פון אנטוויקלונג איז גאר נישטא פאר א מענשען ערציהונג, דאס איז אויך נישט די אנווייזונג פון א מענשענ׳ס אנט־וויקלונג. אם העכסטענס זע איך פאר זיך אן אויסגעלערנטען בער ווען איך קוק אויף אן ערצויגענעם מענשען.

ציטערענדיג שיינען צו מיר די שטערען ארונטער. וועלכע מוטער האלט אויף איהר שויס דעם צוקינפטיגען פילאזאף, וועלכע וועגען טראגען אויף זיך זיינע טריט?

שטיל רוימט מיר איין די נאכט אין אויער ארייו א געלעכטער וואס איז א פרייד, פול ווערט מיין הארץ מיט א ליידענשאפט וואס איז א גליק.

אה, פול מיט לוסט זאפ איך אין זיך איין די לופט פון די לעצטע פריהלינגס־נעכט, ווייל אין מיינע געדאנקען האב איך זיך א פריינד גענומען, דעם דענקער. פול מיט לוסט ווארט מיין וועזען פאר זיין חבר׳שאפט און איך וויל זיך טובל זיין אין די פילפאכע שעהנקייטען פון זיין גייסט.

מיינע לונגען שמעקען די קלארע לופט. מיין געשמאקס־געפיל ווערט פאר׳שכור׳ט פון קלארען בלומען־דופט. מיין אויג זעטיגט זיך מיט דער אויסערליכער עסטעטיק, אבער מיין גייסט בלייבט איינזאם און באטריבט פאר די אלע שעהנקייטען אויב עס שמעקט נישט קיין גייסט.

אלטעגליך ווערט פאר מיר אלעס. מיין נייגערינקייט ווערט אפגעטויטעט, אויב איך געפין זיך נישט ביי דעם קוואל פון גייסט און די בעסטע באקוועמליכקייט פון מיין קערפער פעלט מיר,, אז אינהאלט צו וועלכען איך וויל צוטשעפען מיין געזונטען גוף צו ווערען געפירט, ווייל ביי דעם שוועל פון דעם גייסט בין איך גאנץ און ניי. אפפרישענד זיינען פאר מיר זיינע איינהילונגען. אנגענעם זיינען פאר מיר די וועגען וואו ער פירט מיך אריין.

אה, נאכט, איך דערקען נישט אויף וועלכע וועגען דער דענקער געהט איז דיין שאטען. אין דיינע ווינקלען געהט ער, ערגעץ מיט זיין גייסט באלאדען און זוכט אפשר אויך א חבר. זיין קוואל האלט

ער פארמאכט, קיין חזירים זאלען זיך נישט אין איהם באדען און ער באגעגענט נישט דעם, ווענען ער וואלט גערן ארייגעלאזט.

אין די ווינקלען שלייכט ער זיך באהאלטען מיט זיין קלארער דענקונגס־קראפט, ווייל ער היט זי אפ פון דעם מיסט וואס אנדערע ווארפען אין איהר אריין.

און דער שטילער נאכט גיב איך איבער מיין גרוס צו איהם, מיין הארץ האלט געזעלשאפט פון דער ווייטענס און מיין גייסט האט זיך פאר'חבר'ט מיט איהם און פירט איהם אין מיינע שעהנ־קייטען וואס איך קוק נאך אמאל דורך לכבוד איהם.

אז אומעט באפאלט מיך, ווען איך קלער פון די דענקער. אין מיין אליין זיין דערמאן איך זיך, און אין מיין זוכען און אין דעם אנטוישט ווערען.

---

# די לאסטען

גרייט שטעהען די בעטען, אום די מענשען אין זייערע חלומות צו פארוויגען. און עס פרייען זיך יענע פון פרייד אין זייערע באהעלטענישען.

דערפרישט קוקט דאס אויג פון דעם אלטען און די יונגע אויף די גאסען שרייען. אזוי ווי דאס הילכיגע קלאפען פון זילבער־קלארע וואסערפאל.

איך האב נישט וואו צו געהן. מיך ערווארט נישט קיין בעט און ווער מיט אנגעגרייטע פרייד ווארט אויך נישט פאר מיר. איך טראג נאר די לאסטען פון מיין איך און מיין יוגענד־בליק ווערט פון פריהלינג נישט באגייסטערט.

און שרייען קען איך נישט מיט פרישקייט. איך בין יונג, אבער ווען איך שריי קומט ארוים די שטים פארהארטעוועט און טרוקען און איך יאג א מורא אז אנשטאט מונטערקייט.

דער פריהלינג הערט אויף צו שמעקען און די מענשען ווערען פארטרויערט. קיין פריינד ווארט נישט אויף מיר צו געהן מיט מיר פארברענגען מיט מיינע לאסטען. נאר דעם פויגעל הער איך זינגען .ווען איך געה אין גארטען און געה זיינע נעסטען פארביי

און נאר די שאקלענדיגע בוימער פון ווינד באגריסען מיך ווען איך געה זיי פארביי.

אך, עס קען קיין זון נישט שיינען. פארשלאסען איז מיין הארץ פאר פרייד.

אמאל האב איך פארבייגעהער געבעטען מען זאל מיר העלפען אויפהויבען מיינע לאסטען פון זיך — האבען זיי געלאכט. מיר זעען נישט קיין לאסטען, האבען זיי געזאגט. אמאל האב איך איינעם צוגעפירט צום קאמער פון מיין הארצען, האט ער זיך פארלארען, אזוי ווי א פארבלאנדזשעטער, און ער האט זיך געוואלט אין עפעס אנהאלטען, ער זאל נישט צו נישט ווערען.

איך בין געגאנגען צו די אומגליקליכע זוכען א מענשען, אויך זיי זיינען געווען אפשייליך. זיי זיינען געווען שעהן צוליב דעם וואס האט זיי געפעלט. אבער אין דאס ווידערגעפינען אין זייער גאנצקייט, האבען זיי מיר צוריק פארלארען.

אויף מארגענס איז לייזען אוועק אקעגען איבער די בלויע בערג און ער האט אזוי געזאגט: ווייט אין די בלויע בערג קוק איך. דער הימעל האלט זיך אין איינהילען איז אלץ נייע און נייע פארבען. טונקעלער ווערט עס איבער זיי. עס דאכט זיך, אז אומהיימליכקייט האט זיי ארומגענומען.

אבער איך האב זיך דערמאנט וואס איז מיין היימליכקייט דא אין דעם קרייז פון מיינע מענשען, מיט וואס קען איך זיך היימליך מאכען?

ווען איך האב זיך געוואלט היימליך מאכען מיט מיין נאטור, וויפיל מאל האב איך זיך געמוזט באהאלטען מיט איהר, ווייל קיינער האט מיך נישט פארשטאנען, אדער זי אנדערש אנגענומען ווי איך האב זי אין אמת'ן פון זיך ארויסגעבראכט?

אנגעצויגענע און שמייכעלהאפט, און גוטע ערציהונג האבען זיי עס אנגערופען. ווען איך האב א בעסערער מענש געוואלט זיין, האבען זיי א חשד געהאט, האבען זיי מיר גוט נאכגעקוקט, און צו זיין א בעסערער מענש איז מיר געווארען א לאסט און איך האב דערפילט, אז איך קען אין דער פרישקייט פון מיין איך נישט לעבען און דערפאר האב איך זיך פארטראכט אין די בלויע בערג

זעהענדיג זיי און איך האב געוואלט אוועקגעהן צו יענער אומהיימ־ליכקייט, וואו עס וועט זיך מיר נישט גלוסטען זיך אויסצוגעבען, ווייל עס וועט קיינער נישט זיין און איך האב גענומען מיין מאנ־טעל און זיך אוועקגעלאזט געהן אין די בערג.

אויף דעם וועג האבען ליידענ'ען באגעגענט זיינע באקאנטע און זיי האבען איהם אפגעראטען פון צו געהן דארט אליין.

זעסט דו, האבען זיי געזאגט, די נאכט פאלט צו דארט און דא האסט דו אונז.

באלד וועט ווערען זעהר איינזאם און דו וועסט זיך דארט פארלירען. און נאכהער האבען זיי איהם געמאכט פארוואורף דו געהסט אהין, האבען זיי איהם געזאגט, ווייל דו ווילסט ווייזען, אז דו ביזט אנדערש, אז דו ביזט אן אויסנאם. עס איז דערפאר רעכט פאר דיר אפילו א נארישקייט אפצוטאן.

ווען זיי האבען זיך אזוי געווענדעט צו איהם, האט ליידען אויסגעקליבען א פרוי וואס ער האט ליב געהאט, און ער האט איהר געזאגט: באגלייט מיך אין די בערג. דארט איז פיל היימליכער ווי דא.

איך קען נישט, האט זי געענטפערט. איך קען מיין מאן נישט איבערלאזען. זיין געפיל וועט ליידען וואס איך פארלאז איהם צו דער אינטימקייט פון א צווייטען.

נאר אויף א קליינער צייט, האט ליידען געזאגט.

אפילו אויף א קליינער צייט, האט זי געענטפערט, דארף איך זיך אויך צייגען, אז איך קאנטראליר די געפילען, וואס רייסען זיך פון מיר ארויס און קענען שאדען אנטאן.

אך, האט ער געזאגט, איך זע דאך די אומהיימליכקייט ביי דיר. די שרעק קומט נאר ארויס פון דיר און פאר דיר. ניין, נישט שרעקען וועל איך זיך פאר די איינזאמקייט פון דער באהעלטעניש פון די בערג, אין זייער שטילקייט וועל איך רוהען, און עס וועט מיר היימליכער זיין ווי ביי די וואס איך האב ליב.

נאכהער האט איהם אפגעשטעלט א פריינד און איהם נישט געהייסען געהן אין די בערג.

זיי מיט אונז, האט ער איהם געראטען, און דו וועסט שעהן

לעבען און אינטערעסאנט. דאמאלס האט ליידען פארפירט מיט איהם א שמועס.

אין דיין הויז וועל איך קומען און איך וויל מיין נשמה לאזען זינגען, ווען זי וועט וועלען.

און דער מאן האט איהם געענטפערט:

דו קענסט קומען ארויסברענגען דיין כאראקטער וועלכען דו האלטסט פאר גוט, אבער איך מעג שטעהן און זען צי זיי זיינען נישט קיין מאסקע ביי דיר, די שאפונגען פון דיין גייסט, צי דו טראגסט נישט אונטער זיי אן אנדער כונה. דאס רוף איך אייגענע באשיצונג און איך טו עס אלע מאל אזוי. אזוי היט איך זיך אויס פון פאלשער פריינדשאפט און איך דערלאז נישט פארמאסקירטע אינטימקייט מיך צו באליידיגען.

און דו פאלסט נישט דורך? — האט ליידען געפרעגט.

ניין, — האט ער געענטפערט.

און דו גלויבסט, אז דער מענש קען זיין טוגענדהאפט אויס־געהאלטען און צוטרויווערט?

יא, האט איהם דער פריינד געענטפערט.

אויב יע, האט ליידען געזאגט, ביזט דו אויך אומהיימליך און פארשטעלט. אויב דו האלסט דעם צוטרויען צו איינעמס טוגענדען, אויב דו האלסט פון איהם, פארוואס ווילסט דו זיך באשיצען פון איהם? אויב ער איז נישט אויסגעהאלטען געווגג אמאל אין האנד־לונגען, די בארעכטיגונג וואס דו זעסט אין דעם, אז דו דארפסט זיך באשיצען פאר איהם איז א באליידיגונג.

ווייל די שטרויכלונג פון א מענשען האט נאך נישט געענדערט א מענשען.

איך האב געזען ביי די שטרויכלונג האט דיין אינטימער פריינד שוין מעהר ביי דיר קיין פלאץ נישט געהאט, אדער פארלארען פיל פון זיין ווערט. דער צו וועמען דו האסט געהאט צוטרוי, צו זיין גאנצען שעהנעם צוזאמענגעשטעלטען כאראקטער. האט מיט א שטרויכלונג אין וועג דיך פארלארען, נישט אכטענדיג אויף דעם, וואס ווען דו וואלסט געמאסטען דאס גוטע אין איהם, וואלט עס איבערגעוואויגען דאס שלעכטע.

איך ווייס, אַז דו וועסט מיך פאַרוואַרפֿען מיט דיין געדאַנק, וואָס דו האַלסט כדי צו באַווייזען מיין אומרעכט, אַז אַלע מענשען קענען נישט זיין פֿאַלקאָם און עס דאַרף פֿאַרגעבען ווערען ווען דער איינציגער האָט אין זיך דעם געמיש פֿון שלעכטס.

אָבער איך האַלט נישט פֿון דיין גוטמוטיגקייט.

זאָל דער איינציגער דיך פֿאַראַכטען אין דיינע אויגען פֿאַר אַ שענדליכע טאַט, וועסט דו איהם אויך פֿאַרגעבען, קוקענדיג אויף זיין פֿאַרדאַמונגס־געפֿיל, אַז עס איז ביי איהם דאָס געמיש פֿון דאָס שלעכטע.

פֿאַרגעבונג, ווייל דער מענש קען נישט זיין פֿאַלקאָם. דאָס מוסט דו נאָר צוליב גייסטיגע פֿילאַנטראָפּיע און אַ סך מאָל צוליב וועניג פֿאַרשטעהן. אָבער דער טוגענדהאַפֿטער דאַרף נישט קיין פֿאַרגעבונג. די שטרויכלונג, דאָס באַווייזט וואָס ער קאָנטראָלירט אין זיך און ער זוכט נישט דיין פֿאַרגעבונג צוליב דעם אַז דער מענש קען פֿאַלקאָם נישט זיין.

מעסטען די עכטקייט פֿון די פֿאַרלאַנגען, אויסדרוק און באַציהונג פֿון דעם וואָס קען זיין טוגענדהאַפֿט אויסגעהאַלטען און צוטרויסווערט, הייסט קיינמאָל זיך נישט קענען דערנענטערען צו איהם.

און צוליב דאָס אַפּהיטען זיך ווערט דערווייטערט דאָס געפֿיל פֿון פֿאַרבינדונג. מען קען אויך אַרויסנעמען אַ פֿאַלשען שלום ווי עס איז געמיינט געוואָרען אין אמת'ן. עס מיינט אָבער אויך נישט, אַז דער מענש זאָל זיך איבערגעבען בלינד צו געטרויען דעם וואָס איז טוגענדהאַפֿט שעהן און אויסגעהאַלטען, ווייל אין דעם צוטרויען וואָס מען גיט איינעם פֿאַרלירט ער די מאָס פֿון רעכט.

און ער קען זיין יעצט גערעכט און אַן אַנדערש מאָל אומגערעכט. די אויסגעהאַלטענקייט אין זיין נשמה, דאַרף נישט זיין קיין קאָנטראַקט אויף יענעמס איבערגעבענהייט אויף שטענדיג.

איך רעד נאָר פֿון די, וואָס שטערען נישט יענעמס נשמה אפילו ווען זי איז ריין.

און וויפֿיעל צווישען אייך זיינען דאָ אַזעלכע וואָס האָבען באַ־

ליידיגט דעם איינציגען מיט ארייגקוקען אין די הייליגקייט פון זיין נשמה?

ווער האט געהאט רעספעקט פאר די גוטע איינגענשאפטען פון מענשען און זיך צו איהם איבערגעבען מיט דעם ריינעם צוטרויען, מאכענדיג זיינע איינגענשאפטען פאר א באזיס א לעבען פארטצר־זעצען און ער זאל קענען שטעהן אין קאמף, ווען דער איינציגער וואס פארמאגט די גוטע איינגענשאפטען וועט זיין פעלץ איבער־דרייען?

געטרוי איהם ווען ער איז ריין, אפילו אויב ער טוט אן עולה נעגען דיר. האסט דו דעם מוט דערצו?

באשולדיג איהם נישט אין זיין שטרויכלונג, ווייל אין זיין שטרויכלונג קען ער אויך זיין גערעכט, פאר וועלכען דו מוזט זיך בוינען.

זיין שטרויכלונג קען אמאל זיין דער וועג וואס זאל איהם פירען העכער און מאנכע מאל קען ער העכער שטייגען ווען ער פאלט, אום איידער דו וואס ביזט נישט אומגעפאלען.

און דערפאר זאג איך דיר, אז עס איז די ערנידעריגונג וואס דו קוקסט נאך דיין פריינד אין זיין אפענהייט פון דעם שעהנעם גייסט וואס דו גריבעלסט זיך אין די טיפענישען פון זיין נשמה צו זוכען א פלעק.

איך וויל נישט מיט דיר זיין, ווייל איך וויים, אז ווען איך וועל אומפאלען וועל איך דיך פארלירען. איך האלט נישט פון דער ליבע וואס דארף מיך ווארימען, נאר דאמאלס ווען איך קען זי אויפהאלטען.

אפזאגענדיג די ווערטער, איז ליידען אוועקגעגאנגען פון זיינע פריינד און פון ווייטען האט זיין פריינד געהערט ווי ער האט גע־זאגט:

איך זע אין די פארטיפטע אין זיך מענשען וואס זיינען וואונ־דערבאר אינטערעסאנט און זיי וואלטען געקענט לעבען מיט אנדערע אין אזא לעבען צו וואס זייערע פארלאנגען ציהען און שטארבען אפ אומבאפרידיגט. נייז, איך קען נישט פארטראגען די שווערינ־קייט לעבן אייך אזוי איז ענג מיר מיט אייך. אהין אין די בערג

וואו קיינער איז נישט דא, וועל איך וויסן, אז איך האב זיך נישט פאר וועמען אויפצודעקן, ווען מיין שטיל־שווייגן מיר נישט וויי טאן.

זיי האבן זיך אפגעשטעלט און לאנג איהם נאכגעקוקט ביז וואנען דער וועג האט איהם פארהילט אין די נעבעלדיגקייט. נאכ־הער האבען זיי איהם דערקענט ווי ער שטייגט ארויף אויף די בערג. די זון א רויטע איז פייערדיג אויסגעגאנגען, פארלעשענדיג זיך אין דעם געמיש פון דער צופאלענדער נאכט און אין דער בלאקייט פון איבער די בערג. די בערג האבען אומעטיג גערוהט, און די נאכט איז אראפגעקומען אלץ מעהר און מעהר ביז וואנען עס איז געווארען גוט פינסטער און זיי האבען איהם שוין מעהר נישט געזען.

---

# דער פריעדען

ווען ער איז ארויפגעקומען דארט, האט ער גערעדט וועגען פרידען אזוי:

איך האב געפילט די בענקשאפט נאך פרידען אויפצוהערען זיך צו פארמעסטען פון מיינע און יענעמס אייגענשאפטען מיט מיינס וואס איך באזיץ צום לעבען, לעבן דעם וואס האט ער אנער־קענט און האט מיך ליב.

אבער עס זיינען געקומען אנדערע און געוויזען מיין ליבהאבער אנדערע געשמאקען און ער האט קרום געקוקט אויף מיר.

יא, עס זיינען דא אנדערע שעהנקייטען אבער דאס אינערליכע אין מיר איז אויך געווען שעהן און מיין פארערער האט זיך אפ־געקערט פון מיר און איך האב געוואוסט, אז דאס איז ביי איהם די צושטרייטונג צו נייעס.

אבער וואס האט ער מיט דער צושטרייטונג אויסגעפירט? האב איך זיך געפרעגט. ער האט געשטערט דעם פרידען פון אונז ביידען, די נאענטקייט איז צושטערט געווארען פאר דעם אויסטויש פון זוכען א ווידער־דערנענטערונג אינטים צו ווערען מיט אן אנדערען.

נישט צופרידענהייט פון דעם גייסט איז דאס געווען, צוליב

דאס ענדערונג פון א נייעם מענשען, נישט אין דער פארטווישונג פון מענשען ליגט די באנייאונג פון דעם גייסט, נאר אין זיין אפשיך און אין דעם ווידער־צוזאמענקומען.

איך האב געקוקט אויף דעם מיט באדויערונג, און איך האב זיך געזעגענט אין מיין גייסט מיט מיין אינטימען אויף שטענדיג. ער האט צושטערט די היים פון זיינע איינענשאפטען, וואס אנדערע וועלען דאס נישט וועלען אנערקענען און פון דעם אפפאלעכטס פון זיין כאראקטער וואס איך האב שוין געקענט אין איהם און איהם נישט פארהאסט דורך זיי וואס אנדערע וועלען עס אויסקלייבען, כדי איהם צו פארהאסען אדער איהם מאוס צו מאכען.

און ער וועט זוכען זיין פרידען וואס ער האט ביי מיר פאר־לארען, דעם פרידען פאר זיין נשמה'ס אויסגוסען. די הארמאניע פון גלויבען און צוטרויען, און איך וועל זיך אלץ ווייטער און ווייטער דערווייטערען.

און איך וויים, אז ער וועט זיך פילען פארלאזען, ווייל דער וואס קומט געבען און נעמען אויף דאס ניי ווערט איפגענומען מיט חשד.

די נאענטקייט וואס באשאפט דעם צוטרויען, האט ערשט גע־דארפט זיין און אלע האבען זיך איינגעהאלטען צו איהם צו גע־טרויען.

און איך האב געהערט דעם רוף פון פרידען, פון די וואס זיינען געשטערט געווארען אין זייערע ריינע כונות צוליב קאפריזען און עס האט געוואלט דער ווילען נאך פרידען, די וואס זיינען שלעכט פארשטאנען געווארען. די הארמאניע פון וויסען און אויך דעם פרידען אין זיך, ווען מען איז שוין זיכער געווען, און דאך זייט איהר זיך ווייטער און ווייטער פאנאנדערגענאנגען אנשטאט נענטער צו זיך. עס האט אויפגעשוועבט ביי דיר די שנאה צום איינציגען, ער זאל שטארבען. האסט געזוכט א בארעכטיגונג פאר זיין טויט און דו האסט פארגעסען, אז מיט דעם גוף פון איינציגען טאר קיינער נישט חשבונ'ען, ווייל ער איז אומבארירבאר צו עקזיסטענץ, אפילו פאר דעם בארעכטיגטען חשבון פון געדאנק.

איהר האט זיך דערוויטערט פון זיך מיט א כעס אין הארצען און מיט א בענקשאפט נאך פרידען, און איך וויים, אז פרידען וועט צו אייך נישט קומען פריהער ווי איהר וועט גייסטיג אויסגערייניגט ווערען, ווען אייער נשמה וועט נישט זיין דער שרעק און וועט נישט טראגען אין זיך די אומבאקוועמע איינקלאמערונג פאר דעם וואס גיט זיך צו אייך איבער, אזוי ווי איהר וואלט איהם ארומגעוויקעלט מיט אומזעבארע שוועריגקייטען, ווען אייער גייסט פאר אייער שכן וועט זיין לייכט אזוי ווי דער פרישער פריהמארגען לופט אין א פריהלינג פאר א מידען פארטריבענעם.

און איך זע ווי די הויכע בערג האבען ארומגערינגעלט אייער לאנד, און די מענשען האבען איינער דעם צווייטען ליב געקראגען.

דער פאסטוך האט זיין שטעקען אוועקגעלעגט און ער האט זיך לעבן זיין שעפס אוועקגעזעצט און ארויפגעלעגט אויף איהם דעם האלז. עס איז געווען אזוי. עס איז געווען אין די צייטען ווען זיי זיינען געקומען צו דער פארשטענדיגונג פון וויסען, אז אזוי איז גוט. און עס איז געווען אין די צייטען נאך גרויסע מלחמות. עס האט א בליץ געטאן זעהר א שעהנער שטערען, גלייך פון דער זון ארויס און ער איז צו זיי ארונטערגעפאלען. דער שטערען האט געהייסען **פרידען.**

אבער לאנג האט דאס נישט געקענט אנהאלטען. דער שטערען האט אויפגעהערט לייכטען. ביי זיי אין די הענד איז ער אויסגעגאנגען, און זיי האבען אלע איהם מיט הארץ־וויטאג צו קבורה געבראכט. זיי האבען זעהר ליב געהאט דעם שטערען, אבער ער האט זיך ביי זיי נישט געהאלטען. א סך בענקען נאך איהם, און שטעלען זיך אפ ביי זיין קבר און פארגיסען טרערען, און א סך נעהען שווייגענדיג ארום און טראכטען וועגען איהם.

און טונקעל זיינען די פנים'ער פון די מענשען. עס איז שוין אלעם געווארען באלד ביי זיי גוט, אבער צוליב דעם וואס דער שטערען איז געשטארבען, האט זיך זייער בייז ווידער אומגעקערט צו זיי. אזוי האבען זיי נאך אין פרייד ווייניגער אנשטאט וואס עס דארף זיך מעהרען ביי זיי, און ארים זיינען זיי געווארען נאך מעהר ווי זיי זיינען געווען, און נאך מעהר נידערגעשלאגען זיינען

זיי געווארען. אה, א סך איינציגע האבען זיך דער׳הרג׳עט איבער דעם שטערען פרידען, צוליב דעם טרויער וואס זיי האבען געהאט נאך איהם.

אין די בערג געה איך און טראג מיט אייער בענקשאפט פאר מיין לאסט, ווייל זי איז אויך מיין בענקשאפט. אזוי האט לײדען געֿרעדט געהענדיג צווישען די בערג. פון ווייטענס האט ער געזען, ווי די שטאדט צינדט זיך אן מיט ליכט, ווי די לאמפען באלייכטען די אלעעס, וואו ער האט געכטען און אייערנעכטען געשפאצירט. די קליינע, העלע עלעקטריק־לעמפלאך ביי די ברעגעס האבען איהם געצווינען און גערופען צוריק און זיי האבען איהם דערמאנט, אז ביי דער זייט פון פריינד איז דאך היימליך.

אבער ער האט געהאט דעם שטארקען ווילען צו בלייבען, און ער האט געהענדיג ווייטער גערעדט. יעצט האט ער גערעדט וועגען רום.

---

# דער רוהם

וועגען רוהם האב איך געזען דיך זיך באאומרוהיגען און אין רוהם ביזט דו קליין געווען.

איז רוהם שלעכט, וואס דער מענש דארף נישט וועלען? ניין, עס איז נישט שלעכט. רוהם איז אן איבעיגער אמת, וואס דארף באצאהלט ווערען פאר מענשליכע פארדינסטען, אבער אויך בארימט זיינען די, וואס האבען קיין פארדינסטען נישט ביי די מענשען, נאר טראגען נאך זייער שולד צו זיי און דערפאר זאג איך טאקע: ביזט קליינלאך געווארען אין דיין רוהם! קענסט דו אין דיין רוהם גרויס זיין, קענסט דו אמת מענשליך זיין! דו קענסט זיין באַ־רימט און איך זאל דיך פאראכטען און איך זאל גיסען טרערען איבער די לײדען וואס דו פארשאפסט. צי קענסט דו אבער זיין בארימט, אז איך זאל דיך ליב האבען?

ווען דו ביזט בארימט איבער דאס שלעכטע, איז עס אהן ווערט. דאן עקזיסטירסט דו נישט. עס עקזיסטירט נאר דיין אויפ־טואכטס אין דיין כאראקטער ביי אנדערע מענשען, ווייל דורכפיי־

רענדיג דאס שלעכטע וואס דריקט דעם מענשען, קענסט דו נישט האבען יענעם גרויסען נשמה׳דיגען תענוג, וואס עס פילט איינער וואס איז בארימט דורך זיינע גוטע אויפטואונגען און מאגנעטיש, אינדיווידואליסטישע נשמה. דו קענסט זיך נישט אריינטאן אין די טיפענישען פון שכל און געניסען איהר געשמאק אזוי לאנג ווי דו ביזט בארימט דורך דעם שלעכטען, ווייל פון די טיפענישען פון א פארדארבענער נשמה שטינקט, מעג זי אפילו געהערען צו א באַרימטען מענשען.

און איך מיין נישט דוקא ווען דו ביזט בארימט געווארען פאר דער עפענטליכקייט. איך מיין אויך, ווען דו ביזט בארימט צווישען דיינע פריינד און איינענע צום איינציגען.

ווי מאוס האסט דו מאנכעס מאל אויסגעקוקט. ווען דו האסט נעפלאנעוועט א וועג צו בארימטקייט! אפילו דאמאלס ווען דו ביזט געווען א שעהנער גייסט! אזוי ווי פאר׳שכר׳ט האסט דו געהאנדעלט, דראפענדיג זיך אויף די גלייכע וועגט, ווען דיר האט זיך אויסגעדוכט, אז דו דארפסט דערמיט ארויסרופען בארימטקייט.

דו האסט זיך נישט אפגעשטעלט פון צו באליידיגען, האסט זיך נישט אפגעשטעלט צו מאכען זיך נאריש, גראב און געמיין, און דו האסט זיך נישט געוואלט אפגעבען א רעכענונג פאר דעם גראדען שכל, ווייל ער וואלט דיך אפגעהאלטען פון צו געהן צו דיין בארימטקיים. אמאל הייסט דער גראדער שכל נישט לויפען צו איהם, ווייל געוויינטליך ווערט מען שענער אויסקוקען, אבער די קריטיק פון גראדען שכל ווערט אלע מאל אנטוישט און זעלטען ווערט זי אין אלגעמיין ארויסגערופען אפצוגעבען זיך א דין וחשבון.

אויך ביזט דו אומגעפאלען אין רוהם. עס איז געווען אויף דיר אזוי ווי א פארבלענדונג פאר אנדערע.

אזוי ביזט דו איז וואר געווען פאר דעם אויג פון דעם פארשענדעו.

ביזט ארויפגעקומען אויף די העכסטע שטאפלען אלס קינסטלער און דו האסט דאמאלס געקענט קליינליך זיין. דו דער בעשאפער ביזט געווען קליין, דאס ווערק איבער די ווערק איז געווען פארדארבען און איך האב באהאלטען מיין קאפ פאר ווייטאג און איך

האב געוויינט צו וואס דער איינציגער קען זינקען און נישט גע־וואלט האב איך קוקען אויף דיין קונסט, סיידען נאר דו אליין זאלסט גרויס זיין, ווייל אין דעם געזונקענעם באשאפער האב איך געזען די פארשוועכונג איבער זיין קונסט. אין דיין רוהם האסט דו פארלארען די צארטע סטרונעס וואס ווערען באריהרט פון יענעמס ליידען. א סך א סך מאל האסט דו בויענדיג אויף דיין אויטאריטעט צובראכען דאס שענסטע און דעליקאטסטע אין מענשען.

אויך דער פעסימיזם האט דיך באגעגענט אין דיין רוהם. דו ביזט גלייכגילטיג געווארען צו די לארבער־קרענץ, ווייל דאס נייע איז אלט געווארען. האסט נישט געוואוסט, אז עס איז נישט רוהם וואס פילט אוים די נשמה פון איינציגען. רוהם איז נאר א ביי־זאך צום איינציגען, און ווער עס פילט זיך אוים מיט איהר זיין גאנצען ווערען דעם איז ענג.

איך האב דיך געזען קלעטערען אין דיין רוהם און זוכען נייע וועגען פון באגייסטערונג פאר דיר, אבער וואס האסט דו מיטגע־בראכט מיט זיך די באגייסטערונג צו באשאפען איבער דיר? האסט מיטגעבראכט פאר באגייסטערונג צו דיר, קלעטערענדיג איבער קרבנות.

רוהם איז געווארען דיין געץ, צו וועלכען דו האסט מקריב געווען אנדערע. אנטלאפען בין איך פון דיר ווען דו האסט זיך געיאגט נאך רוהם. נאר זעלטען, זעלטען האב איך זיך אפגעשטעלט און געזען דעם מענשען, וואס איז נישט פארלארען געווארען אין רוהם. אבער דער מענש איז צו מיר א פרעמדער געווען און איך האב נישט דערקענט געניסען זיין אינטימקייט. געוואלט האב איך עס געפינען אין דעם. וואס איז מיט מיר באענט און איינגעיואוינט, דעם וואס איך האב ליב.

אה, זאל איך אנטרעפען דעם, וואס ווייס ווי אזוי צו געהן צו רוהם און אליין נישט פארלארען געהן. דאמאלס וועל איך רוהען אנטרעפען דעם, וואס קען באריהט ווערען אין דער נשמה פון לעבען איהם אלס דער קוואל וואס וועט מיך דערפרישען. זאל איך איינציגען און דער פלאם צו איהם זאל קיינמאל נישט אויסגע־

לאשען ווערען. ער זאל זיין די דערוואַרמונג אויף דעם וועג פון לעבען פאַר אונז אַלע, וואָס געהען צו אונטערגאַנג פאַר דיר און מיר.

---

# די מאַסע און דער זשעני

און איך טראַכט איצט וועגען דער מאַסע און איך האָב גע־נומען אַ בוים און איהם נעשאָקעלט און אַזוי געזאָגט:

שעהן איז ער, ווען ער צובליהט זיך, ווען די מאַי־צווייגען ווערען מיט גרינע בלעטער באַוואַקסען און עס פאַלט מיר אויך איין דער געדאַנק וועגען זשעני. אַ זשעני איז אויך געגליכען צו אַ בוים, ווען ער צובליהט מיט זיין אידעאַל אָדער אידעען, באַגייס־טערט די איינציגע. ער איז דער וואָרצעל פון דער מאַסע. וועה איז דעם פאָלק וואָס פאַרמאַגט נישט קיין זשעני און וואָס ווייני־גער — אַלץ ערגער. זייערע גייסטער זיינען פאַרשלאָפענע און אומבאַוואַסערטע. נאָר צווישען זשעניען קען זיך די מאַסע אין אינדיווידואומס צובליהען. אַזוי ווי דער בוים גיט כח צו בליהען זיינע צווייגען, אַזוי קאָנטראָלירט דער זשעני די וועהען פון דעם איינצעלנעם פון דער מאַסע און היילט זיי.

דער זשעני איז דער געשוויר, וואָס טוט וועה, וואָס דערוואָרימט און מאַכט וועה טאָן די געפילען אויף דער פאַרגליווערטער מאַסע.

די פעהיגקייט צו באַגרייפען דעם ווערט פון אַ לעבען קען נאָר ער לערנען דעם מאַסען־מענשען. דער מאַסען־מענש ליידט פונקט אַזוי ווי דער זשעני. ער קען אויך שטאַרבען אין שרעקליכע גייס־טיגע וועהען. ער קען זיך אָבער נישט פאַרטיפען אין זיך. ער קען נישט געלייטערט ווערען צו אַ העכערער מדרגה פון גייסטיגען פילען דורך די פאַרטיפונג פון זשעניאַלע דענקען און דאָס טוט פאַר איהם דער זשעני.

די מאַסע האָט ליב זיך צו לאָזען אין לייכטזיניגע שפּילערייען. דאָס זיינען די ליידענשאַפטען פון לעבען און דאַמאַלס נענאַרט מען זיי אָפּ. זיי האָבען ליב זיך צו פאַרגעסען, אָבער באמת ווען זיי הויבען אויף זייערע ענגע געצעלטען און מאַכען זיי צו אַש אום נייע צו בויען, קומט עס דאָך פון שרעקליכע ליידען.

אמאל פון אידעאלען ווילען און אמאל נישט. דער אידעאלער ווילען איז פאר זיי נאר א זיסער וועגווייזער, ווייל א סך מאל האבען זיי זיך שוין אפנארען געלאזט, פארלאזענדיג דאס אידעאלע געשפענסט, פארטווישענדיג עס אויף עפעס אנדערש איידער זיי האבען צו איהם דערגרייכט.

די צרות זיינען דאך פון גרויסער וויכטיגקייט: אפילו נישט אזוי דעליקאט, טיף פארשטעהענד ווי ביי דעם אנטוויקעלטען גייסטיגען מענשען. וואס מאכען איהם סוף כל סוף די וועלט פאר זיך איבערצומאכען. די איינציגע זיינען די וואס פירען די מאסע צום זון־שיין, ווי די איינציגע זיינען די וואס פירען די מאסע צום אפגרונד. אבער זי, די מאסע, איז די איינציגע, וואס ווענדעט אום דאס לעבען און דרייט איבער די וועלט פאר די באקוועמליכקייט בעסער צו לעבען. זיי וואס שטעלען אונטער די וועלט פאר די פראבעם פון זשעניעס און שווינדלערס פאר טיראנען און אמת'ע פאלקס־פריינד.

ביסלאכווייז וועלען זיי אונטער דער דערוואריםונג פון זשעניאלען פייער דאך אוועקשטעלען די וועלט אונטער זייערע פראבעם. און זיי וועלען אפגעטיילט ווערן אין איינציגע גרויסע נשמות, אפגעריסען ווערען איינער פון צווייטען פאר די באקוועמליכקייט פון זיך אליין, פאר די אויפבויאונג פון זיך אליין.

איך האב ליב דעם זשעני, ווייל ער איז אן אינדיווידועלע גרויסקייט, און איך האב ליב די מאסע, ווען זי ווערט אן אינדיווידועלע גרויסקייט. דאמאלס ווען זי הויבט זיך אויף צו פארוואר־פען בריקען איבער די גרעניצען פון א נייעם לעבען, אבער איך פאראכט זיי, ווען זיי פארגעסען די לערען פון זשעני און ווארפען זיך ווידער אריין אין נייע שפילערייען, וואס מאכען זיי נידעריג.

ווי קענט איהר אפשאצען דעם ווערט פון געניאלען מענשען?

ער איז אזוי ווי די לבנה ביינאכט, ווען זי באלייכט דעם ארט פון א גרויסער בלאטע. ער באלייכט דאס דאזיין פון זיינע בלאטיגע מיטמענשען און דערפאר איז זיין לעבען אזוי פיל פארביטערט, ווייל ער האט נישט זיין גלייכען.

איהר דערקענט נישט די באדערפניש פון דעם געניאלען מענ־

שען פאר זיך, ווייל איך זע, אז איהר קומט אויס אויך אהן איהם, און ווען איהר האט איהם לעבן זיך, וואלט איהר איהם מאנכע מאל דעם קאפ ארונטערגעדרייט צוליב דאס געניאלע ליכט וואס ער טראגט.

צווישען אייער פינסטערניש און אייערע קברים זע איך איהם ארומגעהן מיט זיין ליכט אין דער האנט, באלייכט ער אייערע טויטע פנים'ער און ווייזט אייך אז דעם וועג צו זיך צו קומען. א סך מאל זייט איהר איינשטימיג מיט איהם, אבער ווייט פון איהם באגעהט איהר אייער זינד, וואס ער האט פאראכטעט און איהר האט צו דעם צוגעשטימט. עס קומט מאנכע מאל אויס, אז זיין ליכט איז אזוי ווי א צענזור איבער אייך פון וועלכען איהר ווילט זיך באפרייען. אונטער זיינע פליצעס לאכט איהר פון זיינע געבאטען, פון זיין קלוגהייט. אייער זומפ איז אייך גרינג. דאס ליכט וואס באלייכט עס איז אייך אומאנגענעם.

איך זע די וואס האבען געבענקט נאך דעם געניאלען מענשען. ליגנער זיינען זיי געווען אין זייער בענקען, ווייל זיי האבען זיך נישט געקענט דערהויבען צו איהם. ער האט זיי נאר געקענט לער־נען, אבער נישט לעבען מיט זיי, און דערפאר האבען זיי זיךביידע ענג געפילט, ווען זיי האבען זיך צוזאמענגעטראפען.

ווער פריהער אליין גרויס, אז דו זאלסט קענען א גרויסען מענשען פאר א חבר האבען. זיין לערע זאלסט דו אננעמען, אויב זי וועט דיר געפעלען. אבער אקעגען איהם גערה באלאדען מיט דיין וויסען, וואס איז קלוג און אמת און זיי בכח אויך פון זיך צו געבען זאכען, וואס זאלען שעהן מאכען דיין גייסט אין זיינע אויגען.

## דער פריעדליכער געגנער

ווען ליידען האט דאס אפגערעדט, האט ער זיך פארטראכט וועגען דעם נאענטען, וואס איז א פריידליכער געגנער, וועגען דעם וואס מען לעבט מיט איהם אינטים און איז נישט קיין אנהענגער אין מיינע געדאנקען און אין מיינע טאטען, נאר אזוי ווי ער איז אין זייערע נאענטע באציהונגען מיט מיר דורך געוויסע אורזאכען

רופט ער זיך נאר דער פרידליכער געגנער מיינער און ער האט וועגן איהם אזוי גערעדט:

ניין, איך אנערקען נישט א פרידליכען געגנער. דו, וואס ביזט מיט מיר צוזאמען און לעבסט אינטים, קענסט מיר נאר זיין אן אנהענגער, א פארערער, און אויב נישט, זע איך דיך אלס שונא. איך וועל נישט קומען צו א פרעמדען פארלאנגען פארערונג אדער אנהענגערשאפט צו מיר. איך וויל אבער נישט קיין פריינד, וואס זאל זיין מיין געגנער. דער פריינד וואס איז א פרידליכער געגנער איז א פארשטעלטער שונא, און פאר אזא איינעם האלט איך איהם, ווייל אין דעם מאמענט, ווען ער קען אויסאיבען זיין איינפלוס אויף מיר, צו דורך מאכט, צו דורך אנדערע אורזאכען, צוברעכט ער מיין דערקענונג, אריינברענגענדיג אין מיר זיינע. ער צוברעכט מיין הייליגסטעס, ווייל ער האלט זיך גערעכט אין דעם, וואס ער גלויבט און איז איבערצייגט. ער דענקט נישט אפילו, אז ער באגעהט א זינד.

דעם פריינד אלס פרידליכער געגנער, דאס איז דער שלאנג אין בוזים. ערווארט אויף א מאמענט, ווען ער זאל דיך קענען פאר־גיפטען.

פון דאנען רוף איך צו דיר, מיין פארערער, מייד אוים דעם פרידליכען געגנער. אין מאמענט פון קאמף וועט ער דיך דער־שטיקען. אין מאמענט ווען ער וועט די אויבערהאנד האבען, וועט ער דיך צווינגען צו טאן וואס ער וויל.

צווינגט דיך דען נישט דיין פאטער אלס פרידליכער געגנער אין דיין יוגענד דורכצופירען זאכען געגען דיין פארלאנג? ער איבט אויף דיר אוים זיינע געדאנקען דורך פארשידענע וועגען, זיי צו געהארכען, ווייל ער האט די אויבערהאנד איבער דיר און ער רופט זיך דאס דער פרידליכער געגנער. ער וואס דערשטיקט מאנכע מאל די פארלאנגען פון דיין קינדהייט און יוגענד.

און ווען דיין פריינד מיט וועמען דו לעבסט אין נאענטער באציהונג איבט נישט אויף דיר אוים זיין איינפלוס צו געהארכען און דורכצופירען זיינע געדאנקען, דאמאלס ווען ער איז א פרידליכער געגנער, איז עס נאר דערפאר, ווייל ער ווייסט, אז דו ביזט נאך

שטארק געגוג צו פארטיידיגען דיינע פאזיציעס פון דיין גלויבען און דיינע איבערצייגונגען.

און איהר האלט זיך ווייטער אויף איינער לעבן אנדערען. טראצדעם וואס איהרווילט זיך באפאלען, און איהר האלט זיך לעבן זיך צוליב דעם וואס איהר באקליידט זיך מיט דעם זיך אליין אפנארענדען קלייד — רעספעקט.

פאל, ווער פארצווייפעלט, זיי נידערגעשלאגען, פארליר, באוויין דיין פארלוסט, — וועסט דו זען ווי דיין פרידליכער געגנער וועט קומען צו דיר און וועט פרובירען אריינצוגעבען אין דיר זיינע געדאנקען, באאיינפלוסען דיך מיט זיין מאראל און זיין בליק פון לעבען.

אה, מאנכע מאל אין דיינע טיפסטע וועהען, ווען דו הערסט ווי ער רעדט, ווי ער טייטשט אויס דיין דורכפאל, וואלסט דו איהם געוואלט אנכאפען און צוקוועטשען אזוי ווי א ווארים. נאר עס האלט דיך אפ דער רעספעקט, די אויפגעשטעלטע וואנט וואס זאל באשיצען דיין שונא, ווען ער געפינט זיך אין דיין בוזים.

דו האסט געלערענט דורך יאהרען און יאהרען, אז מען מוז רעספעקטירען א פרידליכען געגנער. דאס איז די לערע פון די היפאקריטען. דאס איז די לערע פון די שונאים פון דיר.

הער זיך צו מיר צו, הער אוים מיין לערע און טראג זי מיט זיך. זי וועט דיך ווארימען און וועט דיך אויסהיטען פון דיין שונא, דעם פרידליכען געגנער.

פאל, פארשפיל, — וועט ער אזוי ווי א יעזואיט מיט דעם צלם אין דער האנט קומען און דיך איבעררעדען צו אן אנדער וועלט. א פארבלוטיגטער, א צוטרעטענער וועט ער אפילו נישט האבען קיין ערען־געפיל אויף דיר פאר דעם שטרייט, וואס דו האסט אנגעפירט, פאר דאס דאזיין, וואס דו האסט געוואלט באשאפען, ווייל ער שפייט אויף דיינע געדאנקען. ער האלט דאך דיך פאר אן אומ־בארעכענטען און נישט פארשטעהענדען צוליב דעם וואס ער איז דיין געגנער. דעם ווייכען אורטייל, ווען איצטער צוליב דעם, ווייל ער איז דיין פריינד, ער לעבט מיט דיר אינטים און איז פרידליך געגען דיר און אויך צוליב דעם וואס דו פאלסט אין דיין דורכפאל

זעהט ער דעם דורכפאל פון דיינע געדאנקען און פון דעם וואס דו האסט געפּרעדיגט.

ער פארשטעהט נישט, אז אין דיין דורכפאל ביזט דו דער זיגער, ווייל פאלגענדיג האסט דו נישט אפּגעטרעטען פון דעם גע־דאנק, וואס האט דיר אריינגעגעבען א ווילען צו שטרייטען פאר איהם. דו ביזט א זיגער, ווייל דו האסט זיך נישט פאררראטען. דו ביזט געפאלען, דאס איז א סימן, אז עס דארף קומען אן אנדערער און דורכפירען דאס רעכט פון דיין געדאנק.

ווילסט דו ער זאל דיך פירען אין די אומעטיגע געצעלטען, אין דעם קלויסטער פון זיין גלויבען, א געפאלענער, ער זאל דיך שלעפען נאך זיך, א באזיגטער פון אנדערע, א פאנג פאר זיך, און דארט, אין דעם שטיבעל פון זיין געגנערשאפט, זאל ער פּראווען איבער דיר די אפּעראציע פון דיין גייסט, ער זאל אויסשניידען פון דיר די פליגלען וואס האבען דיך אויפגעהויבען, ער זאל ארונ־טערשניידען די האר וואס האבען דיך שטארק געמאכט.

איך וויים דו ווילסט עס נישט, דו שרעקסט זיך פאר איהם, פארלאז איהם, וועסט דו דאס אויסמיידען. געה אוועק פון איהם, ווייל ער איז דער שונא, ווען דו קענסט נישט. ער איז דער שונא, צו וועמען דו וועסט גיכער פאלען ווי צו א פארהאסטען.

איך זאג צו דיר: אויב דו ביזט דער וואס דו ווילסט זיך אויסרייניגען, רייניג זיך אויך אוים פון דעם נאענטען וואס איז דיר נישט קיין אנהענגער. איבער א וועג פון זיך אליין דארפסט דו קומען און אויך ער איז א הינדערניש אין דעם וועג וואס דו דארפסט דורכמאכען. ער איז די שוועריגקייט וואס שמידט דיין בראווו־קייט, דיין אונטערנעמונגס־גייסט צו זיך אליין.

ער שמידט דיין ווילען מיט דעם צווייפעל פון טאמער, ווייל ער פארטומעלט דיך מיט זיינע נאכגעשרייען.

---

## דאס מיאוס'ע פּערזעהעניש

איך זעה אייך, איהר מידע, אהן פריידיג געהט איהר דורך די גאסען פארביי, נישט אזוי ווי אין זיי צו געהן, נאר זיי דורכצוגעהן.

אזוי אויף וואר אייער לעבען. די טעג מוזט איהר אזוי אדורכגעהן, ווייל אויף דעם וועג צום קבר קענט איהר זיך נישט אפשטעלען, פרעהען זיך, שפילען זיך מיט זיך אליין, און אויך אזוי געהט איהר זיי דורך.

איהר ווערט איינגעשרומפט נאך איידער איהר ווערט פאר־דארט, און וואקסען וואקסט איהר משונה'דיג, אזוי ווי ווילד. מיט וואס האט איהר נישט צו וואקסען. ווי אזוי קענט איהר דען וואק־סען? און מאנכע מאל, ווען אייך דוכט זיך אז איהר זייט געוואק־סען, זייט איהר באמת א מאוסע פארזעהעניש, און דער וואס וואקסט ביי אייך אויף וואר, שלאגט מען זיין שטאלץ און ער קוקט אויס אזוי ווי הינקענדיג.

באמת'ן קוקט אויס, אז דער וואס האט א ווערט געהט שנע־לער אונטער ווי דער אהן א ווערט. איז דען זיין אונטערגאנג דער־פאר, ווייל ער האט גוט געלעבט?

אבער דער אהן א ווערט קען דאך אויך ווערען דער מיט א ווערט. דארף דאך דער טרוים פאר א וואר קומען, אז דער מענש דארף פאלקאם ווערען, כאטש אויף אזוי פיל פאלקאם, אז עס זאל איהם ווערט זיין צו פארגעבען, ווען מען וועט שאצען זיינע עולות.

און דערפאר בין איך יעצט טרויעריג און באדויער אייך, ווייל אויף דעם וועג צום אונטערגאנג, בליהט איהר נישט אויף, נאר איהר ווערט פארפוילט. ווער קען זאגען, אז דער טויט האט איהם א פרישען באגעגענט און אזוי אנאך צוגענומען זיין גייסט?

אויף דעם וועג צום אונטערגאנג, פארמאוסט ער מיר דעם אפעטיט צום לעבען. מיינע פריינד, אנשטאט איך זאל קריגען א באגער פון פאראכטונג צום טויט, צו מיין אונטערגאנג, צום אונ־טערגאנג פון מיר דעם איינציגען, וואס איך קעמף פאר מיין אומ־באריהרליכקייט, לאד איך איהם גאר איין און אמאל האב איך שוין באלד פארוואורף וואס ער קומט צו שפעט.

מיט וועהטאג וועל איך זיך פון דיר אפקערען און אוועקגעהן אין מיין וועלט, וואו מיינע טרוימען דערצעהלען מיר פון אז אנדער ווערט וואס דו וועסט אמאל האבען. דאס וועט מיר מאכען לייכ־טער. און ארומנעמען וועל איך זיך מיט זיי, מיינע טרייע אנהענ־

נער. אך, קום צו מיר מיט, צו מיינע טרוימען, וואס וועלען וואר ווערען, ווייל דו ביסט עס וואס דארפסט זיי וואר מאכען. דו וועסט אויפהערען פוילען, בליהען וועסט דו אנהויבען, קריג א באנער ארויסצוואוואקסען פון דער אינקוויזיציע פון דיינע מאטערנישען און דיין אונטערגאנג, און אט אזוי אנאך וועל איך דיך טראגען אקעגען די טויערען פון מיין וועלט. איך וועל פאר דיר עפענען די טויערען און די לופט פון דארט וועט דיך אויפוואכען. דו וועסט דעם באנער קריגען וואס צו זיין, אבער כאטש א ליידיגע כלי ווערען. ביי מיר איז וויכטיג צוצוברעכען דיינע לוחות פונקט ווי צו באשאפען נייע, ווייל ווען איך האב די נייע און דו האלסט זיך ביי די אלטע זיינען די נייע לוחות געגליכען ווי צובראכען.

לייג אוועק דיין ווערקצייג פון דיין האנט, און דעם בייטעל פון דיין האלז נעם ארונטער און קום מיט מיר. פיהלסט דו דען נישט דעם ריח פון דיינע געשטארבענע וואס דרעהט דיר אין די נאז? עס עקעלט דיך שוין לאנג אזא מין אויפוואקסען און ארונטערנעהן. די מוטלאזיגקייט פון דיין איך איז דיר שוין שווער צו דערטראגען און דאך ווייסט דו נאך נישט אויף וואס פאר א וועג דעם שטעקען מיטצונעמען.

קום צו מיר, דו ארבייטזאמער, און די ליידיגנגעהער. קום צו די טויערען פון מיינע טרוימען וואס דו דארפסט וואר מאכען.

וועסט דו זיך צוהערען צו מיינע רייד.

---

# דאס חוזק פון די לעהרען

וועסט דו נישט בלייבען צוריק דער זעלבער, נאכדעם ווי דו וועסט מיך אויסהערען. דו האסט ליב זעהר פיל זיך צו באפרידיגען מיט נאר הערען פון די גוטע לעהרען. מיט דעם טוסט דו תשובה ווידער צו זיין דער וועמען דו פאראכטעסט. דאס איז אזא באפרידיגונג פון דיין געוויסען צו שאקלען מיט דעם קאפ און צוצושטימען אז דאס גערעכטע איז דאס גערעכטע.

ווייס אבער, אז דאס גוטע איז אלע מאל טויט אויב דו בלאזט נישט אריין אין דעם לעבען. דאס טוגענדהאפטע מוז האבען דעם

טרעגער, אז נישט איז עס ווערטלאָז. אבער מעהר איידער די ווערטלאָזע טוגענדען ביזט דו ווערטלאָז. די טוגענדען אָהן א טרעגער זיינען א טרוים און דו אָהן זיי ביזט דער עקעל פון יעדען ענטוויקעלטען גייסט.

וועט מיין מיה נישט זיין א דורכפאַל, וועסט דו ניט בלייבען דער זעלבער וועמען איך פאראכט, וועסט דו ענדיגענדיג לייענען מיינע ווערטער, נישט האָבען געווען דער שמוץ אין וועלכען דו האָסט מיינע הייליגקייטען אפּגע'טובל'ט.

אָבער מיר זאָל נישט אַרען דערפאַר, ווייל ווען איך בין גע־קומען צו דיר, האָב איך זיך אראָפּגענידעריגט, כדי דיך אויפצו־הייבען, און ווען דו האָסט אויף מיין קאָפּ אויסגעגאָסען דעם פאָמ־שעפעל פון דיין גייסט זאָל עס זיין מיין לוין פאַר שטעלען זיך אין וועג פון די הויקערדיגע צו וועלען זייער הויקער אויסגלייכען.

איך ווייס, אז דו לאַכסט פון דעם וואָס איך פּרעדיג, ווייל דו האָסט מאכט, אבער אויך די וואָס וועלען דורכפיהרען דאָס וואָס איך פּרעדיג, וועלען האָבען מאכט.

אין דעם קריג צווישען אייך ביידע וועל איך זיגען. מיינע נאָכפאָלגער וועלען זיך פאַרמערען מיט דעם אונטערגאַנג פון דיר. דיין מאַכט וועט דיך באַזיגען און זי אליין וועט דיך צוברעכען. זי וועט דיר מאכען אַן אויסגעקרימטען פאַר די פאַראַכטונג און פאַר־ניכטונג פון די איבער וועלכע דו וועסט די מאַכט האָבען.

דורך יאָהרען און יאָהרען האָט מען דיך געלערענט אנדערש צו ווערען. מען האַלט דיך אויך אין איין פאַראכטען, ווען דו וואָלסט געווען אַן עהרליכער וואָלסט דו שוין נעדאַרפט אויף זיך קוקען מיט עקעל. איז דאָס נישט א געלעכטער וואָס איך הויב ווידער אויף מיין שטים און פאַראַכטע נאָך אמאָל. כ'לעבען, ווי איך מיין, מוז עס שוין פּשוט זיין אַזאַ אונטערלעהנונג, אַזאַ מין פאַרווייַלונג פאַר דיר, אַלץ אין איינעם אויפצופאָדערען דיך צו זיין א מענש. דו טראַכסט: די לצים מאַכען מיר שוין ווידער הוימליך, א נייער לץ איז אויפגעקומען.

מען לערענט דיך נישט צו מאַרדען דורך דיין גאַנצע שכל־

דיגע עקזיסטענץ און נאך הויבסט דו ווידער אויף דיין האק, אום דיין שכן צו דערשלאגן.

און מאנכע מאל פארשטעלסט דו זיך דערמיט וואס דו טוישט דיינע וואפען און מען קען שוין מיינען, אז דו ביזט שוין א פיינער מענש.

אבער מען דערקענט באלד דיין כונה, דיין כונה וואס ענדערט זיך קיינמאל נישט, מעג זי זיין אונטער פארשידענע שלייערן, די כונה אנצוטאן פיינונגען דער נשמה. אנשטאט דעם שפיז פון שטאל נוצט דו די גיפט פון פארביטערונג אקעגען יענעם, דורך פארשידענע וועגן, דורך פארשידענע ליידענשאפטן. דיין בעסטע הנאה איז ווען די נשמה טריפט מיט בלוט אין זיך. וואס איז גע־ווען דיין טאט, דיין גייסט וואס האט דיך נישט געלאזן רוהען און האט דיך באפוילען צו פאראורזאכען עס?

אנשטאט וואס דו האסט צעריסען אמאל א קערפער, צורייסט דו און צעפליקסט די נשמה פון א מענשען.

איך האב געזעהן ווי דו האסט געמאכט דעם מענשענס נשמה פארטריקענט, ווי דער פלאנץ פון שעהנעם גייסט, קען נישט קומען מעהר און אלעם ווערט דארט פארדארט אין דעם אנקום פון די ערשטע באזונונג. און דאס איז שוין נאכדעם ווי מען האט אזוי פיל געערדט צו דיר, געגרופען צו הילף דיין באוואוסטזיין, דיינע געפיהלען, אפעלירט צו די נידעריגע אינסטינקטען און דאס האט נישט געהאלפען. דו ביזט אלץ געבליבען דער שעכטער.

איז עס נישט א געלעכטער וואס איך רוף נאך אמאל צו דיר. אבער מיר זאל עס נישט ארען, דערפאר ווייל ווען איך בין געקור־מען צו דיר האב איך זיך אראפגענידעריגט כדי דיך אויפצוהויבען.

אה, געה אוועק פון מיר! דיין פנים זאגט מיר אז אז די גרוי־זאמקייטען וואס דו האסט שוין היינט אויסגעפלאנעוועט פאר דיין שכן, און פון די שמחה וואס דו גרייטסט צו אין הארץ. א סעודה פראוועסט דו אין וועלכע דיין גייסט איז זיך משמח מיט די מאוס־קייטען וואס זיינען צו וואר געקומען מיט דעם געבורט פון זייער שאפונג.

ווי וואלט איך ליעב געהאט מיינע פארעהרער וואס זאלען

האלטען פון מיין רעדען מיט דעם צייכען פון זייער בלוט! ווי וואלט איך צונעדריקט מיין פנים צום שטארבענדען ווען ער וואלט מיט מיינע אמת'ען אויף זיינע ליפען געפאלען אין שלאכט.

אזוי טראכט איך פון דיר, ווען איך רעד פון די לעהרען וואס מען האט דיך פון אייביג אן געלערענט.

נישט אן אפגאט וויל איך דו זאלסט פון מיינע רעדען מאכען. איך וויל זיי איבערגעבען צו דיר. איך געטרוי זיי אין דיין גייסט, כדי אונטער זייער קריטיק זאלסט דו בעסער ווערען, אבער דו דארפסט אלע מאל בלייבען דו אליין. איך בין נאר דאס ליכט וואס פארשיינט דיר דיין גייסט. איך בין נאר די לאמטערנע וואס דו דאפסט מיטנעמען אויף דעם וועג ווען דו ווערסט אפהענגיג און אויך ווען דו האסט מאכט, און איך וויל אויך זיין דאס מעסער וואס זאל דיך צובלוטען, ווען דו ווערסט זיין אומגערעכט.

דו בלייב דו און לאמיר זעהן: צי איך זאל דיך ליב האבען צי האסען. איך וויל דו זאלסט בעסער ווערען דורך מיין הילף, ווייל אין די קלארקייט פון מיין קלונשאפט דארפסט דו זיך אפ'טובל'ען.

איך וויל נישט הערשען אויף דיר אזוי ווי א געבאט. מיינס זאל הערשען איבער דיר דורך דיין ווילען און איבערצייגונג. איך קען דיך נישט באצווינגען דו זאלסט האנדלען אזוי ווי א מענש. איך לאז דאס אבער איבער צו דיר אליין.

קיין מאכט אין דער וועלט קען א מענש נישט מאכען אויר־סער דער מענש זיך גופא.

הלואי מיינע רייד זאלען ניט ווערען אפגעבארט און שלעכט פארשטאנען.

---

## דיין מאס און מיין ווערטה

ביז אהער האט מען דיך געלערענט דו זאלסט שאצען דעם מענשען אזוי ווי דיך אליין און דערפאר ביזט דו פארברעכענס באגאנגען, ווייל אמאל ביזט דו ביי זיך גארנישט ווערט געוועזן און דו האסט דעם מענשען געשאצט אין דיין ווערט, אז אך און וועה

איז געווען צום דאזיגען וואס האט דיך אנגעטראפען מיט דיין גארנישטיגען ווערט.

רעכט האסט דו געהאט איהם אויך קיין ווערט נישט צו געבען, ווייל דו האסט געזען אין דעם א גלייכהייט מיט איהם און דו האסט אויסגעשריען צו דיין הארצען:

איך באהאנדעל נישט מיין פריינד ערגער פון זיך.

אבער איך געטרוי דיר נישט דאס כשוף־ווארט.

„באהאנדעל דיין שכן אזוי ווי זיך אליין".

פריהער איידער איך וועל דיין שכן ווערען, וויל איך וויסען ווער דו ביזט. אפשר דארף איך גאר אנטלויפען איידער דו ווערסט מיין שאצער? אפשר פאסט מיר גארנישט דו זאלסט מיך באהאנדלען אזוי ווי זיך אליין?

און אזוי איז עס טאקע געווען. ביזט דו נעגאנגען מיר געבען א ווערט מיט דיין שמאל־קעפיגען שכל, וואס איז געווען די ערני־דערונג פאר מיר. איך פלעג לאכען פון דיר, ווען איך בין פריי געווען און איך האב געוויינט ווען דו האסט איבער מיר געהאט מאכט.

און וואס האט עס דאן געהאלפען, ווען דו ביזט געווען אנגעלא־דען מיט דעם וויסען פון די פילאזאפען?

אך, זאל קומען דער טאג ווען דו אליין זאלסט טראגען מיט זיך א וויסען מכח דיין גייסט. זאל קומען דער טאג וואס איך זאל דיך אנטרעפען מיט דיין געלייטערטען גייסט. גערן וועל איך ליב האבען צו זען, ווי דו נעמסט די פילאזאפיע צו הילף, אלס ליכט צו באלייכ־טען דיין רעכט. אבער דאס וואס וועט ארויסקומען פון דעם ווערען באלויכטען זאל זיין דו און דיינס. די פילאזאפיע קען דיר נישט אנ־צייגען, ווייל זי איז קיין אויטאריטעט נישט, אויב דו ביזט נישט קיין אויטאריטעט, און בפרט נאך דאס געשטאלטען ענדערען דעם אמת. די פילאזאפיע לערענט נאר איין זאך — פונדאמענטאלע אמת'ן, וואס דארפען באווארענען און אויפהאלטען די מענשהייט און דיך, איינציגער. עס איז קיין צווייפעל נישט, אז פונדאמענטאלע אמת'ן זיינען דא, אבער ווער זאל בארעכטיגט ווערען צו נעמען אלעס פון

פולער האנט וואס די אלע אמת'ן געבען ? דאס ווערט איבערגע־לאזט צו דיר, איינציגער.

נאר דו קענסט עס אנטיילען, דו קענסט עס נעמען. אויב דו האסט דעם פולען ווערט און דו שטעהסט אויף דעם וועג צו דיין דערקענונג און אויך די פרוכטען פון די אמת'ן קען דיר קיינמאל ניש טדערגרייכען, אפילו עס איז די בארעכטיגונג פאר יעדען מענ־שען, אויב דו קענסט נישט דערגרייכען צו זיי.

---

## ליידענס צוריקקעהר צו די מענשען.

ווען ער האט דאס אפגערעדט, איז ער אראפגענאנגען פון די בערג. ער האט זיך פארבענקט נאך די פריינד אין שטאדט. די בערג זיינען געווען פול מיט בלעטער פארשאטען, וואס זיינען אראפגעפלויגען פון די וואלד־בוימער. עס איז געווען די לעצטע הערבסט־טעג. א שטארקער, קאלטער ווינט און א פארהומערטער הימעל האבען ארומגענומען די בערג און פון דער ווייטענס האט ער געזעהן ווינקען די שטאדט צו איהם.

איינגעדרעמעלט פארהילט איז די שטאדט געלעגען, אזוי ווי אנגעטאן מיט א בגד אויפ'ן ווינטער און ער האט אפגעמאכט צו געהן צו זיינע פריינד. עס האט איהם געצויגען די ווארימקייט צו א פריינד, צו וועמען ער איז געווען אם נעגטסטען, און ער האט ליב געהאט ווי ווייך גלעטענד עס איז געווען פאר די שמערצ־האפטע געפילען, וואס זיינען געווען באהאלטען אונטער דעם ווינ־טער, וואס האט פון אויבען אויף אלעם קאלט געמאכט אוועקצו־זעצען זיך און רעדען מיט זיין ווייב, די צארטע, אריינ־געשטעקט די פיס אין לעטשלאך, וואס זיינען געווען ביי די עקען מיט טונקעלע פוטער וואס האט דערמאנט אז די ווייבליכע נשמה, אוועקזעצען זיך און פארברענגען לאנג אין ווייטען אווענד, און פארטראכט ווערט איינגעהילט די שטוב אין זיך. עס איז דא אין איהר דאס צארטע, דער שמערץ, די בענקשאפט און די קלוגשאפט, וואס שווייגט, און עס פילט זיך, אז עפעס געהט אוים. יא, עס שטארבט טייערעס, אזוינס וואס ווערט פארקלעמט אונטער'ן הארץ

און מאכט דעם שכל וויינען. די פארשווינדונג אין דער צוקונפט מיט דיר, מיט וועמען איך שטיל מיין וועה, און די צוקונפט וואס הייסט אונטערגאנג, אוועק פון דער געגענווארט, ווי עס וואלט זיך געוואלט צובינדען מיט שטריק. ווען מען דארף אוועקגעהן פון דער געגענווארט וואס מיר האסען, פליהען מיר, אבער וועה איז, ווען מיר דארפען אוועקגעהן פון דער געגענווארט וואס מיר האבען ליב.

אזוי איז ער געגאנגען און געטראכט, פארלאזענדיג די בערג און אליץ דערגענטערענדיג זיך מעהר און מעהר צו דער שטאדט. נאכהער האט ער זיי פון וויטען געזעהן אין א נעבעל פארהילט אין די ארימס פון ווינטער, אזוי האבען זיי אויסגעזען. ס'איז איהם קאלט געווארען.

גער, האט ער צו זיך אליין גערעדט, אויב עס זיינען נאך דא מענשען, וועמען דו קענסט ליב האבען, איז רעכט מיט זיי צו זיין. אזוי איז גוט. און אויפ'ן וועג געהענדיג האט ער גערעדט:

איך קום צו דיר מיט מיין אומרו. איך קום צו דיר, דיין צארט ווארט זאל מיך אויפפרישען אזוי ווי דער טוי פאר דעם פריהמארגען, ווייל איך פיל אז דאס הארץ ווערט מיר פארפרארען. אויך א ריז קען וועה טאן ווען עס פעלט איהם דאס ווייכע געלעגער **פון א מענשען פריינד.** דערפאר געה איך צו דיר. א טוגענד טוט מיר וועה און איך געה איהר אויפפרישען מיט די הענד פון דיר. בין איך שולדיג וואס איך בין קראנק? שטאלץ בין איך נאך מיט מיין קראנקשאפט, הלואי וואלטען געווען אזעלכע ביי וועמען איך וואלט זיך געקענט אויפהאלטען און קיינמאל נישט קראנק זיין. עס איז דאס דער ווערט פון דער טוגענד וואס בענקט און ווערט קראנק אויב זי ווערט נישט באפרידיגט.

און יעדער טראגט א חלק אין דעם פארברעכען וואס די אמת'ע טוגענדען ווערען דערשטיקט און אויסגעלאכט אין זיינע פריינד וואס דאס ברענגט, אז דער גייסט זאל קראנק ווערען.

אבער דאך אפילו קראנקערהייט וואלט איך צו קיינעם נישט געגאנגען שטארבען. מאנענדיג פון דעם ווערט איז פיל זיסער ווי איבערצוגעבען עס צו דעם געשמאק פון חזירים. און נישט איך

וואלט געשטאנען בעטלענדיג איינזעהעניש מיט מיינע טוגענדען ביי דער טיר פון מיין פריינד.

אבער איך געה יעצט צו אזא איינעם וואס איך וויים, אז אויך ער האט געבענקט נאך מיר, וואס ער האט דעם צוריק אפצאהל פוי זיין גייסט און איך וועל נישט זיין קיין שענקענדער, נאר אויך א נעמער, פונקט אזוי ווי איך וויל, אז מיין פריינד זאל זיין.

אונטער זיינע פים האבען די בלעטער גערוישט. זיי זיינען שוין געלעגען געדיכט אנגעפאלען און ער האט שווער געטראטען אויף זיי. ער האט שוין אנגעטראפען פארבייגעהער, פארטראכט, פארהויקערט זיינען זיי געגאנגען אויף דעם וועג. זיי האבען איהם אויפמערקזאם אנגעקוקט און נישט אהן סארקאזם. זיין געהן איז נישט געווען פון א היימישען מענשען און נאך דערצו איז ער געגאנגען אונטערגעלענט פון א שטעקען וואס איז געווען זעהר משונה׳דיג.

די באטראכטונג איבער דער באזונדערקייט פון א מענשען הערט קיינמאל נישט אויף. עס איז גוט אזוי. דאך ארט עס וועז עם קומט פון דעם אויג פון א גראבען קאפ. ליידען האט זיך אזוי געפילט און ער איז געגאנגען פאר׳עקשנ׳ט, פארטראכט אויף דעם וועג צו דער שטאדט. אבער ווען ער איז געקומען נענטער צו דער שטאדט, האט זיך א מענש איהם געשטעלט אין וועג אריין און אפגעלאכט פון איהם. זע, האט ער געזאגט, דעם טרויער־פנים. עס דאכט זיך איהם, אז ער ברענגט די גאולה מיט זיין מענטליק. דער לאסטער איז דיין בגד, ווייל דו ווילסט איבערשרעקען די האזען. אבער איך ראט דיר אזוי ווי א פריינד: טו אוים דיין זארג־פנים און ווער פריילאך. עס איז דא דאס גליק און פארגעני־גען אויב מען פאראינטערעסירט זיך דאס צו זוכען און דער מענש האט הויך געלאכט אזש עס האט זיך געווארפען אויף איהם דאס פעקעל אויף די פלייצעס וואס ער האט געטראגען. דאמאלס האט ליידען באמערקט וואס ער טראגט.

איך זע, האט ער געזאגט, דו קומסט יעצט פון יאגד און דאס טראגסט דו דיין גליק אויף דיינע אקסלען, אזוי ווי א חיה׳לע. אבער זע נאר, האסט דאך עס געשאסען. עס איז דאך טויט. איז

עס דען אויף א וואר, אז ווען מען פאנגט דאס גליק, דארף מען עס דערשיסען צום טויט, אפנים עס זאל נישט אנטלויפען.

דער מענש האט פארעכטליך באקוקט איהם און געזאגט: א פנים דו ביזט נאך רוי. ווייסט דו דען נישט, אז דאס גליק איז נאר דאמאלס בא'טעמ'ט, ווען עס ליגט געגרייט צום עסען מיט דעם פולען מויל? דערפאר נעהט דאס גליק אוים. וויל מען עסט דאס אויף. און הלואי זאל איך אלע מאל האבען אזעלכע מאלצייטען. ווען דאס גליק וואלט געוועזען לעבעדיג און נישט דערשאסען, וואלט זיך עס געשפילט אזוי ווי א גזלן מיט זיינע קרבנות און מען וואלט זיך געדארפט צעהן מאל בוקען איידער מען וואלט א שטיקעל דערפון פארזוכט און צום סוף וואלטען מיר קיינמאל נישט געוועזען זיכער מיט דעם און דער מענש האט ווידער געלאכט פארעכטליך.

און ליידען האט געזאגט: שוין זע איך ווידער די ערנידערונג פון געלעכטער און פרייד, באשירעמט מיט א רעכט וואס איז א שמאך. און אויפהויבענדיג זיין שטעקען האט ער געזאגט: גענוג, לאז מיר געהן מיין וועג. איך וויל נישט דיין איינגעווייד אויס־לופטערען. שענערע זאכען האב איך זיך פארנומען צו טאן.

דער מענש איז אפגעטראטען פון איהם און ליידען, אוועקגע־הענדיג, האט צו זיך גערעדט:

איך האב גערופען דעם מענשען, כדי ער זאל קריגען אפעטיט צו דאס מענשליכע, אבער קיינמאל נאך האב איך נישט געזאגט מענש, כדי איהם די ערע צו געבען.

מיין שענסטער מאמענט איז צו קענען זען זיין ערנידערונג. זאל ער מיר ווייזען זיין שענסטען מאמענט פון זיין אויפהויבונג אין דעם צושטאנד פון זיין ערנידערונג, שלאג איך איהם. אזוי אנאך ברענג איך איהם צו זיין שענקייט און דערהויבונג.

אבער איך האב גאר פארגעסען. איך האב זיך גאר עפעס אנדערש פארנומען ערשט צו טאן. דאס זאגענדיג, איז ער שטיל געווארען און איז געגאנגען ווייטער צו דער שטאדט. עס איז שוין געווארען נאכט. און ער האט שוין דערקענט די שטאדט־מענשען פון ווייטען. ער האט זיך באמת דערפרעהט. די שטאדט פון צעהן

טויזענד קוסטעז, דער קאמף אזוי נאענט איינער ביים צווייטעז שע־נער צו ווערעז, דער קאמף אזוי נאענט איינער צום צווייטעז מאוס'ער צו פארזינקעז. דא רוישט און קעמפט דאס לעבען און דא דארף מעז עס היילעז.

ער איז געגאנגען פול מיט א זיסען שוידער אין זיינע בלוטען. וואס איז דאס? נייעס? ניין, קיין נייעס איז דאס נישט — האט ער זיך געפרעגט און אליין געענטפערט. טא נאך וואס איז די ערוואַרטונג פון אלטען? עס איז נישט די ערוואַרטונג. עס איז די דערפרישונג. זיין שכל האט געוויינט. איבער איהם איז דער הימעל א ברייטער, א פארטראכטער געלעגען.

ע נ ד ע

